# ביכער פון דר. הלל זיידמאַן:

1. מיט'ן וועג פון תורה אין פוילען (פויליש), וואַרשע 1937
2. דער אמת וועגן כשר'ער שחיטה (פויליש), וואַרשע 1936
3. די שבועה לויט'ן אידישען דין (פויליש), וואַרשע 1936
4. דער חלום וועגען אידישער מלוכה (פויליש), לעמבערג 1936
5. געשיכטע פון וואַרשעווער קהלה (פויליש), וואַרשע 1939
6. די בית יעקב באַוועגונג (פויליש), לאָדזש 1938
7. דאָס רעליגיעזע שול־וועזען (אידיש), וואַרשע 1938
8. יומן גיטו ורשה, תל־אביב 1946, ניו יורק 1953
9. טאָגבוך פון געטאָ וואַרשע, בוענאס איירעס 1947
10. ישיבות באיירופה (עברית), ניו יורק 1956
11. אגודת ישראל ורעיון המדינה (עברית), ירושלים 1962
12. אישים בחכמת ישראל (רבי חיים הלר, פרופסור מאיר באלאבאן, ד״ר יצחק ברויאר, הרב ד״ר יחזקאל עפשטיין, הרב ד״ר עזרא מונק, ד״ר שמעון רבידוביץ ועוד), עברית, ירושלים 1962
13. מחקרים בתולדות גולה וארץ (עברית), ירושלים 1963
14. צו דער געשיכטע פון דער וואַרשעווער קהלה (אידיש), ניו יארק 1964
15. A Movement and a Man, New York, 1963 (ענגליש)
16. Germany — The Deadly Menace (to be published)

דר. הלל זיידמאן

# די סדרה פון דער וואָך

מיט צייט-בליק אויסטייטשונגען

ערשטער באַנד: אויף חומש בראשית

בעל הארבאָר פּאָבלישינג קאָ.
ניו יורק, תשכ"ה

# תוכן הענינים

## תולדות קב — קיז

די וועלט באַווייזט זיך צום איד. — די שטנה פונ׳ם דייטשען שטן־פאָלק. — דער מאמין אַקעגען די ציניקער. — דער איד און אַרום־וועלט. — מ׳דאַרף ניט אויסמיידען קיין קאַמף. — מאַכט ברענגט פרידען. — „רחמנות״ אויף בעלי חיים און אַכזריות לגבי מענשען ... — די שוואַרצע אַסימילאַציע און די רויטע.

## ויצא קיח — קלה

דער חלום פון האַרמאָניע פון ערדישען און הימלישען. — די שלאָפענדיגע בפרהסיא. — וואַסער־געוואונען פאַרלאַנגט פאַראייניגטע אַנשטרענגונג. — גייט׳זשע דעם וועג ביז׳ן סוף ! — ס׳איז געווענדעט דורך וואַסער טויער מ׳קומט אַריין ... — דער ערשטער איד גייט אין גלות מיט אַ חלום און אַ ספר. — וואו מאַכט יעקב׳ס אַרויסגיין אַ רושם ? — יעקב׳ס צוויי חלומות. — יעקב שרעקט זיך פאַר צוגע־וואוינען זיך צו לבנ׳ען ... — יעקב׳ס אייגענער וועג. — דער כח פון עפענטליכער מיינונג. — ווען זיך פאַרשליסען אין רשות היחיד און ווען אַרויס אין רשות הרבים ? (פון אַ שיעור פון הגאון ר׳ יעקב קאַמינעצקי, שליט״א). — די אידעאַלע געשטאַלט פון מענשען און די רעאַלע (פון אַ שיעור פון הגאון ר׳ יוסף דוב הלוי סאָלאָווייטשיק, שליט״א).

## וישלח קלו — קנב

יעקב׳ס שליחות צו עשו׳ן. — ער וויל אויפוועקען דעם מענשליכען פונק ביי עשו׳ן. — תרי״ג מצוות און סביבה. — די מאָטיוען פון שנאת ישראל. — מ׳לערענט דאָס געפיל פון ווירדע. — מ׳דאַרף האָבען אַ באַזע פון וואַנען צו קעמפען. — גרויסקייט און קליינקייט. — אַליין ... — איין פאָלק אין אַ מלוכה. — דער שונא ישראל געפינט שטענדיג פאַרבונדעטע. — דער חן וואָס יעקב האָט אַרויפגעלייגט אויף דער שטאָט. — דער אידישער חן אויף דער אייראָפּעאישער קולטור — און דער רעזולטאַט. — דער היסטאָרישער קאַמף.

## וישב קנג — קנח

ערדישע ענינים און הימלישע. — אידען זענען פאַראורטיילט צו גרויסקייט. — אַ מלוכה גיט מען ניט — אַ מלוכה נעמט מען ... — אַ מענש זאָל הרג׳ענען אַ מענש אָן אַ פאַרוואָס ?

## מקץ קנט — קעה

פון אַ חלומ׳ער — אַ פותר חלום ... — יוספ׳ס קאַמף מיט׳ן שר של שכחה. — יוספ׳ס, און די חשמונאימ׳ס, טריי־בלייבען דער מסורת אָבות. — גבורה געגען כח. — ג־ט׳ס גייסט איז א י ן אים. — פיר שייכות׳ן צווישן מקץ און חנוכה. — די ליידיגע זאַנגען שלינגען איין די פולע ... (פון אַ שמועס פון הגאון רבי חיים העלער, זצ״ל).

## ויגש קעו — קפה

די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר׳ן אידישען קינד אין פרעמדע נעגעל. — צען פונקטען. — ווי אַזוי ביישטיין אין גלות ? (פון אַ דרשה פונ׳ם פאַנעוועזשער רב הגאון רבי יוסף כהנמאַן שליט״א).

## ויחי קפו — ר

סוף פון משפחה — אָנהויב פון פאָלק. — די מענשליכע דראַמע און דער פאָלקס־לייד. — די ברכה פון יעקב׳ס ברכות. — אַפילו ווען יהודה קניט איז ער דער לייב. — פאַרשטאָפּט זענען געווען די אויגען צו זען די צרה וואָס רוקט אָן ... — די פרשה סתומה איז נאָך ניט אָפּגעשלאָסען ... — מ׳דאַרף לערנען פון חורבן ! — מ׳דאַרף זיך ווידערשטעלען דעם מלכות הרשעה ! — וואָס האָט געפעלט ? אַ מאַמע ... — זאָל די מאַמע רחל היטען פון פאַרגעסען און פאַרגעבען ! — אָפּגעשלאָסען די תקופה פון אָבות — אָנגעהויבען די תקופה פון בנים.

# קאָנפראָנטאַציע פון „סדרה" מיט „וואָך"

(אַריינפיר)

היות פון אייביגקייט פון תורה פליסט אַרויס די מסקנה, אַז תורה איז אָנווענדבאַר אויף אַלע צייטען און ערטער, אויף אַלע אומשטאַנדען און באַדינגונגען, איינשליסליך די מאָדערנע סאָציאַלע און פּאָליטישע סטרוקטור און די עקאָנאָמישע און וויסענשאַפטליכע געזעלשאַפט, — דרינגט דערפון אַרויס קאָנפראָנטאַציע פון „סדרה" מיט „וואָך".

דאָס הייסט, קוקען מיט תורה־בליק אויף דער צייט און מיט צייט־בליק אויף תורה; מיט דער סופּרעמאַציע, העכערקייט, נאַטירליך, פון דעם ערשטען. וואָרים בעת אַנדערע גלויבענס זיינען געדאַנקען פון מענש וועגען ג־ט, איז תורה געדאַנקען פון ג־ט וועגען מענש.

דאַרף מען דורך דער „סדרה" באַנעמען געשעענישען און פּראָבלעמען פון דער „וואָך". פון׳ם לעבען; פון דער צווייטער זייט לערענט אָפּט די „וואָך", די צייט, אַ נייעם פשט אין דער סדרה. פּונקט ווי די גמרא זאָגט: „ער האָט געזען אַ פאַקט און דערמאָנט איז געוואָרען אַ הלכה", ראה מעשה ונזכרה הלכה, אַזוי קען אויך קומען אַ פאַקט און לערנען אַ פשט.

דאָס איז די ליניע פון אונזערע סדרה־אויסטייטשונגען. דער למוד איז אַזוי אַרום אַ צווייזייטיגער. די תורה לערענט פאַרשטיין די צייט און די צייט לערענט אָפּט פאַרשטיין תורה.

אידען וואָס האָבען געלעבט מיט תורה פלעגען דעריבער בראש פון זייערע בריוו, צי אהובי־ידידי־בריוולעך, צי אין מסחר, האַלב־אידיש האַלב לשון־קודש, צי אין כלל ענינים, אויפשרייבען „לסדר..." און ברענגען אַ פסוק פון דער סדרה פון דער באַטרעפענדער וואָך, וועלכער איז געווען „ממש ווי אָפּגעמאָסטען" פאַר דעם ענין אין וועלכען זיי האָבען עוסק געווען.

אַמאָל איז עס געווען ניט מער ווי אַ ווערטער־אָנדייט, אָבער אָפט איז עס געווען אַ פילזאָגענדיגער למוד.

אַזוי איז די סדרה „געגאַנגען". מ׳האָט ניט געפרעגט: וואָסער סדרה לייענט מען היינטיגען שבת, צי מאָנטאָג און דאָנערשטאָג? מ׳האָט געפרעגט: וואָסער סדרה „גייט" היינט?

וואָרים די סדרה איז געווען איינגעגלידערט אין גאַנג פון לעבען. איינגעוועבט אין געוואַנט דער וואָכ׳ס טאָג־טעגליכקייט. איינגעוואורצעלט אין אידענס עצם עקזיסטענץ. ניט געווען איז חומש מיט רש"י אַ סטאַטישער אָביעקט צו שטודירען, נאָר אַ דינאַמיש באַוועגליכע ווירקליכקייט צו לעבען. ניט אין קיין חלל פּראוועו מיר לערנען די פסוקים, נאָר אין רעאַלער שייכות מיט אַקטועלע פאַקטען און פראַגען.

אין דעם גייסט האָבען מיר זיך באַמיט צו לערנען אַ פרשה חומש מיט רש"י. פאַרשטייט זיך דעריבער, אַז דאָמינירענד איז דאָ דער אָפּשיין, אָדער דער שאָטען, פון די דריי פונדאַמענטאַלע געשעענישען פון אונזער צייט:

א. דאָס אויס׳הרג׳ענען דורך די דייטשען, ימח שמם, די אידען אין אייראָפּע.

ב. די שאַפונג פון מדינת ישראל.

ג. דער אויפקום פון אַ אידישקייט־צענטער אין אַמעריקע.

די אַלע דריי געשעענישען זענען ניט דעפיניטיוו אָפּגעשלאָסען. זיי זענען אַ פּראָצעס וואָס גייט אָן און וועט אָנגיין אַ לאַנגע צייט.

א. דאָס אומברענגען די אידען אין אייראָפּע וועט זיך לאָזען פילען אויף דורות, אויף אייביג. די וואָס וואַרטען שוין אומגעדולדיג, אַז „די וואונדען זאָלען פאַרהיילט ווערען", און ברידערן זיך שוין

באַצייטענס מיט די דייטשען, וואַרטען אומזיסט — די וואונדען וועלען קיינמאָל ניט פאַרהיילט ווערען! פאַרשטאָפּט איז געוואָרען אַ רעזערוואואַר פון לעבענס־געבענדיגער שעפערישקייט אויף דורות. דער בעסטער „אויפבלי״ וועט אים ניט ערזעצען און נישט אויספילען. און דער צער און צאָרן וועט ברענען אייביג!

די דייטשע רציחות האָבען אויך געענדערט די מאָראַלישע לאַנדשאַפט פון אייראָפּע, אויב נישט פון דער וועלט, אויף תמיד. און דאָס דייטשע מערדער־פאָלק, דער אָפּשוים פון מענשליכען מין, שוואַרצט ווידער אין זיין גאַנצקייט אַלס לעבענס־געפאַר פאַר אידען אין ישראל, און — אומעטום, און אַלס סכנה פאַר׳ן שלום, וואָס דאָס הייסט היינט פאַר׳ן קיום פון דער וועלט.

ב. די שאַפונג פון דער אידישער מדינה איז אויך נישט קיין אָפּגעשלאָסענער אַקט. פונקט ווי ס׳גייט אָן איר אויפבוי און איר שוץ אַזוי גייט אָן איר געשטאַלטונגס־פּראָצעס, אין שטענדיגען קאַמף.

ג. און אַוודאי איז דער אויפקום פון אַן אידישקייט־ישוב אין אַמעריקע, בעיקר דורך דער ישיבה־באַוועגונג, גיכער אַן אָנהויב איידער אַ פאַרענדיגונג. אויך דאָ איז עס אַן אָנגייענדיגער פּראָצעס אין אָנבליק פון פאַרפלייצונג פון אָפּטריניגקייט.

די אַלע דאָזיגע „סדרות״ דאַרף מען לערנען.

אונזערע אויסטייטשונגען באַצוועקען דעריבער אויפצולייכטען סדרות „אין אַקציע״, פסוקים אין אַקטועלקייט, למודים אין אָנווענדונג. מיט איין וואָרט, תורה אין פאַרווירקליכונג.

און צו סטימולירען צו זעלבסטשטענדיגען און אַקטיווען דענקען. מיר פּרואווען ניט טראַכטען פאַר׳ן לייענער ביז׳ן סוף, — ס׳ווערט איבערגעלאָזט גענוג פלאַץ פאַר אים אַליין אַ טראַכט צו טאָן . . . און ניט פאַר׳ן אַבסטראַקטען פאַרשטייען, נאָר כדי אויפוועקען הייליגען אומרו אָנשטאָט גלייכגילטיגען „וואָס־אַרט־עס־מיך״, פערמענט אָנשטאָט פאַרגליווערטקייט, באַנייאונג אָנשטאָט רוטין, „אינטעלעקטועלע פּראָוואָקאַציע״ אָנשטאָט גייסטיגען היבערפלעט, רעוואָלט אָנשטאָט קאָנפאָרמיסטישען צופּאַסען זיך. דער סך הכל איז שעפערישקייט פאַר תורה, פאַר אידען, פאַר כלל ישראל.

* * *

אין דעם ספר זענען איינגעשלאָסען תמצית׳ן פון שיעורים, דרשות צי באַטראַכטונגען פון הגאונים הרב ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק, הרב ר׳ יצחק הוטנער, הרב ר׳ יוסף שלמה כהנמאַן, הרב ר׳ יעקב קאַמינעצקי, שליט״א. ווי אויך פון הרב ר׳ חיים העלער, זצ״ל; אין צוגאָב צו איינצעלנע געדאַנקען פון גדולי התורה פון אַמאָל און פון היינט. די דאָזיגע זענען דורך מיר אויפגעצייכענט געוואָרען ס׳רוב פונ׳ם זכרון, און ווערען פאַרעפענטליכט דאָ דאָס ערשטע מאָל אין אַ ספר, אָן דער קאָרעקציע פון די באַטרעפענדע גדולי תורה. די אחריות איז דעריבער מיינע.

* * *

אויף מיין שרייבען, און לעבען, שיינט די אויסשטראַלונג פון מיינע טייערע פרוי שרה (בת הרה״ג ר׳ צבי יעקב אַבראַהאַם, שליט״א, אין בני ברק) און אונזערע קינדערלעך רחל־רחמה, חיה־מרים, בית־יעקב־תלמידות; אברהם־משה, תלמיד פון ישיבת קאַרלין־סטאָלין; און נעמי, 4 יאָר אַלט.

ח. ז.

ערב ראש השנה, תשכ״ה.

# בְּרֵאשִׁית

שוין אין בראשית ווערט פֿאַרזיכערט אידענ׳ס רעכט אויף ארץ ישראל

**אויף** דעם ערשטען פסוק פון דער תורה, „בראשית ברא", ברענגט רש״י פון חז״ל, פֿאַרוואָס הויבט זיך אָן די תורה מיט בריאת העולם. תורה הייסט דאָך „לערנען", האָט זי געדאַרפט זיך אָנהויבען מיט די געבאָטען, מיט מצוות, נעמליך, מיט דער ערשטער מצווה, החודש הזה לכם, וועגען קרבן פסח, און נישט מיט היסטאָרישע אָדער קאָסמישע געשעענישען.

ענטפערט רש״י, אַז אויך דאָס דערציילען פון בריאת העולם אַנטהאַלט אין זיך, דורך אימפּליקאַציע, (דאָס הייסט, דורך אַרויסלערנען אַ זאַך פון אַ זאַך) אַ ד י ן, אַ געזעצליכען יסוד, וואָס איז מחייב. וואָס פֿאַרפּליכטעט. וואָס איז אַ געטליך געבאָט. וואָס איז דאָס דאָזיגע געזעץ?

דאָס רעכט פון אידען אויף ארץ־ישראל!

נישט ערשט די באַלפור־דעקלאַראַציע האָט עס אונז געגעבען, און נישט דער יו־ען־באַשלוס פונ׳ם 29טען נאָוועמבער, 1947, נאָר זאָגט רש״י: „אויב פעלקער פון דער וועלט וועלען זאָגען צו אידען (ווי זיי זאָגען!): איר זענט אָגרעסאָרס, איר האָט איינגענומען דאָס לאַנד פון זיבען פעלקער, וועלען די אידען זיי זאָגען: די גאַנצע וועלט איז הקב״ה׳ס. ער האָט זי באַשאַפען, און האָט זי געגעבען צו וועמען ער האָט געהאַלטען פאַר רעכט עס צו געבען..." שאם יאמרו אומות העולם לישראל, לסטים אתם, שכבשתם ארצות שבעה גויים, הם אומרים להם, כל הארץ של הקב״ה היא, הוא בראה ונתנה לאשר ישר בעיניו...

זעען מיר ווי רש״י האָט איינגעאַנקערט דאָס רעכט פון אידען אויף ארץ ישראל אין דער באַשאַפונג פון דער וועלט, אין בריאת העולם, דאָס הייסט: אין אייביגקייטס־יסודות.

די פֿאַרבינדונג פֿונ'ם פֿאָלק מיט'ן לאַנד איז נישט בלויז אַ פּאָליטישער צי אַ נאַציאָנאַלער ענין. ס'איז פֿון קאָסמישען פֿאַרנעם. ס'איז איינגעגלידערט אין די בראשית־ברא־פֿונדאַמענטען.

דעריבער איז גלות, היימלאָזיגקייט, ניט בלויז אַ פֿ אָ ל ק ס־אומגליק, נישט בלויז אַ נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפֿע, נאָר אויך אַ פּגם אין דער װ ע ל ט־אָרדענונג.

און דאָס באַקומען צוריק דאָס צוגעזאָגטע לאַנד איז דערפֿאַר אַ תיקון אין סדר העולם.

קומט אויס לויט רש"י'ן, לויט די חז"ל, אַז אַ לאַנד איז אַזוי יסודות'דיג, עלעמענטאַר, אַזוי פֿונדאַמענטאַל ווי די באַשאַפֿונג אַליין!

נאָך עפּעס. מיר האַלטען דאָך ערשט ביים אור־אָנהויב, ביי בראשית. נאָך איידער ס'איז דאָ אַ אידיש פֿאָלק, נאָך איידער ס'האָט זיך באַוויזען דער ערשטער איד אויף דער וועלט — וואָס זאָג איך? — מיר האַלטען דאָך נאָך אַפֿילו פֿאַר דעם תוהו ובוהו — און שוין גייט די תורה באַוואָרענען, לויט רש"י'ן, אַז דאָס פֿאָלק ישראל וואָס וועט אַמאָל אויפֿטויכען אין דער וועלט־געשיכטע, זאָל האָבען אַ באָדען אונטער די פֿיס, זאָל זיין אַ פֿאָלק מיט אַ לאַנד; נישט קיין תוהו־ובוהו־סטאַדע, נאָר אַ נאָרמאַל פֿאָלק מיט אַן אייגען לאַנד. צוזאַמען מיט בראשית ברא, א י ן בראשית ברא, איז שוין באַזאָרגט די גאַראַנטיע אויפֿ'ן לאַנד, דאָס רעכט פֿון אידען אויף ארץ־ישראל: כל הארץ של הקב"ה היא, הוא בראה ונתנה לאשר ישר בעיניו, „די גאַנצע וועלט איז ג־ט'ס, ברוך הוא, ער האָט זי באַשאַפֿען און ער האָט זי געגעבען וועמען ער האָט געהאַלטען פֿאַר ריכטיג..."

פּונקט ווי אַ געטרייער און פֿאָראויסזיכטיגער פֿאָטער באַזאָרגט אַ היים און אַלץ וואָס געהערט דערצו, פֿאַר אַ קינד — וואָס דאַרף ערשט געבוירען ווערען...

## אויב דרש'ענען איז פֿאַר אידען און ניט געגען אידען

אויף דעם זעלבען בראשית־ברא־פּסוק זאָגט רש"י: אין המקרא הזה אומר אלא דרשוני... בשביל התורה שנקראה ראשית... בשביל ישראל שנקראו ראשית... קען מען דאָ זען אַזאַ אָנדייטונג:

דער פּסוק זאָגט: דרשוני, דרש'ענט מיך, אָבער ב ש ב י ל התורה, פֿ אַ ר תורה, און נישט קעגען תורה... דרשוני, דרש'ענט מיך, ב ש ב י ל ישראל, פֿ אַ ר אידען און נישט ק ע ג ע ן אידען! געפֿינט נישט אויס קיין דרושים וואָס זענען קעגען אידען, אַנטי־ישראל, ווי ס'טרעפֿט זיך אָפֿט, ליידער, ווען מ'פֿאַרדרייט די פּסוקים, ס'זאָל אויסקומען אויף להכעיס אידען...

בעט זיך דער ערשטער פסוק פון דער תורה, לויט רש״י: דרשוני, ווען איר דרש׳ענט מיך, זאָל עס זיין בשביל התורה, פאַר דער תורה, בשביל ישראל, פאַר אידען, לטובת אידען — וואָס דאָס איז איינס.

זאָגט רש״י:

בשביל ישראל שנקראו ראשית... אויך אידען זענען שטענדיג ביים אָנהויב. די שונאים פון אידען וואַרטען שוין טויזענטער יאָרען אויפ׳ן סוף פון אידען. זייט טיטוס׳עס „פיניס יודעאַ״ („געענדיגט יהודה״) ביז אין אונזער צייט מיינען די שונאי ישראל, אַז ס׳איז דער סוף, חלילה, — און זעען, אַז אידען האַלטען ערשט ביים אָנהויב, ביי אַ באַנייאונג און אויפלעבונג, ביים אָנהויבען אַ ניי וואַקסען און געדייען. בשביל ישראל, זאָגט רש״י, שנקראו ראשית, וואָס זענען תמיד ביים ערשטען, ביים אָנהויבען אויפסניי...

**ווען אַ מענש וואונדערט זיך און פרעגט...**

אויפ׳ן צווייטען פסוק „והארץ היתה תוהו ובוהו״, זאָגט רש״י אַזוי: תוהו לשון תמה ושממון שאָדם תוהה ומשתומם על בוהו שבה, „תוהו איז אַן אויסדרוק פון פאַרוואונדערונג און דערשטוינונג, וואָס אַ מענש וואונדערט זיך און שטוינט אויף דעם כאַאָס וואָס איז אין דער וועלט״.

דערמיט מיינט רש״י צו לערנען, אַז דאָס וואונדערען זיך איז אַ גרויסער פאַקטאָר אין תיקון העולם, איז אַ געטליכער כוח. ווען ס׳איז אַ כאַאָס, אַ תוהו, אַ צעמישונג, און יעדער מאַכט שלום דערמיט; ווען ס׳איז אַ טשטוש הגבילין, אַ פלאַנטעריניש, און קיינער וואונדערט זיך נישט, קיינער פרעגט נישט קיין קשיות, דאַן — בלייבט דער „תוהו״. ווען אָבער אינמיטען דעם כאַאָס שטייט אויף אַ מענש און שרייט אויס זיין פאַרוואונדערונג, ווען אָדם תוהה ומשתומם על בוהו שבה, „אַ מענש וואונדערט און שטוינט אויף דעם כאַאָס וואָס הערשט״, דעמאָלט קומט יצירה, קומט שעפערישקייט. אמונה אַליין איז געקומען פרעגען: מי ברא כל אלה? און פון דעם ענטפערען: אין בירה בלא מנהיג, „נישטאָ קיין פּאַלאַץ אָן אַ פירער...״

ווען אַ מענש וואונדערט זיך און פ ר ע ג ט, מעג זיין וחושך על פני תהום, מעג „פינסטעריניש הערשען איבער׳ן אָפּגרונט״, — „שוועבט ג־ט׳ס גייסט״, ורוח אלוקים מרחפת... (בראשית א׳, ב).

און דעמאָלט קומט דאָס געטליכע געבאָט — אין די בראשית־טעג, און אויף תמיד און אויף אייביג — יהי אור! „זאָל זיין ליכט!״

און דעמאָלט ווערט ליכט, ויהי אור...

וואָס מיינט „מרחפת״?

מיר לייענען: ורוח אלקים מ ר ח פ ת. די איבערזעצער, וואָס האָבען זיך לעצטענס פאַרזעצט אויף תנ״ך, טייל טייטשען: „ג־ט׳ס גייסט״, אַנדערע — „ג־ט׳ס ווינט״. און מרחפת?

מיר קענען פאַרשטיין „מרחפת״ אין בראשית דורך „ירחף״ אין האזינו. כדי בעסער פאַרשטיין לאָמיר זיך איינהערען אין דעם „ירחף״ אין האזינו.

עס איז פאַראַן אַ פּאַראַלעל און אַ שייכות צווישען בראשית׳דיגען ורוח אלוקים מ ר ח פ ת, און דעם האזינו׳דיגען על גוזליו י ר ח ף. דאָס, וואָס אין האזינו איז די אָקאָרשט אויספיקעווענדיגע זיך נעסט — און אין פאַרגלייך, דאָס ווערענדיגע פאָלק ישראל — איז אין אור־באַשאַפונג די פון־תוהו־ובוהו־אויפקומענדיגע וועלט. איבער ביידע שוועבט דער גייסט פון בורא. איבער ביידע פלאַטערט דער רוח אלוקים.

אָבער וואָס א י ז דער רוח אלוקים? גייסט? ווינט?

ווען איר האָרכט זיך איין מיט אינערליכען נשמה־געהער, פאַרנעמט איר ביידע: דעם ווינטיג־ברויזענדיג־שאַפענדיגען גייסט, וואָס שטורעמט און וועקט — „ווי אַ אָדלער וועקט אויף זיין נעסט״, כנשר יעיר קנו, און וואָס פלאַטערט ליבליך־גלעטענדיג און ווייעט מיט רחמים: על גוזליו ירחף. וואָס באַזאָרגט, באַלעבט און שיצט די פאַרמירענדיגע זיך, נאָר־וואָס אויפגעקומענע, אָקאָרשט אויפגעוועקטע בריאה: יפרוש כנפיו, טראָגט זיי, יקחהו, ישאהו.

מיר לייענען דאָרט: כנשר יעיר קנו, על גוזליו ירחף יפרוש כנפיו, יקחהו ישאהו על אברתו —

„ווי אַן אָדלער וועקט זיין נעסט,
פלאַטערט איבער זיינע יונגע,
שפּרייט אויס זיינע פלעדערן,
און נעמט זיי אַרום,
טראָגט זיי אויף זיין פליגעל״.

(דברים ל״ב, י״א).

אַ וועלט מיט רחמים וואַרימט די נשמה אין די דאָזיגע געציילטע האַרציגע ווערטער!

רש״י האָט דאָ מיט זיין פיינפילענדיגען רגש, און מיט זיין רוח־הקודש־באַנעם, אַרויסגעפילט אַ ים מיט ליבשאַפט. איר זעט אין אָט דעם נאַטור־בילד אַ פיל־זאָגענדיגען קאָנטראַסט: פון איין זייט דער מעכטיגער אָדלער,

צווישען די פייגעל דער שטאַרקסטער — ווי ער שפּרייט אויס מאַיעסטעטיש זיינע ברייטע פליגעל; און פון דער צווייטער זייט — יונגע, ערשט־אויסגע־פּיקטע פייגעלעך, שוואַכע און אומבאַהאָלפּענע, אָנגעוויזענע אויף הילף און שוץ.

מיר זעען דאָ דעם קעניג פון די פייגעל ווי ער פאַרעט זיך אַרום זיינע עופ׳עלעך מיט זאָרג און איינזעעניש, מיט ליבשאַפט און רחמים. קוקט זיך צו צו זיינע באַרעכנטע און אויסגעפּלאַנטע באַוועגונגען, אויפצואוועקן פאַר־זיכטיג און דעליקאַט (דער געגענזאַץ: די מאַכט פונ׳ם אָדלער און זיין — איידעלקייט!) די שלאָפענדיגע פייגעלעך, כדי נישט איבערצושרעקן זיי פּלוצים; און ווי ער באַשיצט זיי און זאָרגט פאַר זיי, ווי ער שפּייזט זיי און טראָגט זיי.

לאָמיר אים נאָכגיין אין די פוסטריט פון רש״י׳ן, ווי דער גרויסער אויסטייטשער איז נאָכגעגאַנגען דעם אָדלער אין שיין פונ׳ם פּסוק, און האָט אָפּגעמאָסטען יעדע פון זיינע מיושב׳דיג־אויסגע׳חשבונ׳טע באַוועגונגען. וואָס מיינען זיי?

ערשטענס, שוץ, אויסגעשפּרייטע פליגעל צו באַשיצען די שלאָפענדיגע עופ׳עלעך. מעכטיג איז דער אָדלער, און וויפיל מאַיעסטעטישע פּראַכט אין זיינע שיצענדיגע פליגל איבער די שוואַכע פייגעלעך!

צווייטענס, אויפוועקען, צום אַליין־פליען, צו אַליין שטאַרק־ווערען, צו באַשטיין אויף אייגענע כוחות. כנשר יעיר קנו.

דריטנס, טראָגען אויף זיינע פליגלען, ישאהו על אברתו. דער פאַרגלייך קלינגט אונז באַקאַנט, היימיש. וואו האָבען מיר געהערט אַזעלכע ענליכע ווערטער?

ואשא אתכם על כנפי נשרים, ואביא אתכם אלי —
„און געטראָגען האָב איך אייך
אויף אָדלער־פליגלען,
און האָב אייך געבראַכט צו מיר״.
(שמות י״ט, ד׳).

דאָ, האָט איר דעם טיפערן פּשט, דעם אייגענטליכען זין פון בראשית׳־דיגער ורוח אלוקים מרחפת.

## דער מענטש איז גוט

שוין אין פערטען פסוק פון בראשית טרעפען מיר „כי טוב“, אבער וועגען „רע“, שלעכטס, איז נישט דערמאנט אין דער גאנצער פרשה.

אין 8־טען פסוק הערען מיר וועגען גן־עדן, אבער וועגען גיהנום קיין ווארט נישט אין דער פרשה.

ביים ערשטען מענטש געפינען מיר ניט קיין מארד. די רציחה איז ערשט געקומען פונ׳ם צווייטען דור, פון קינ׳ען.

דער ערשטער מענטש, אדם הראשון איז געווען גוט. ער איז געווען א צדיק, א צדיק הדור. ווייל ער איז געווען דער דור.

וואס לערנט אונז דאס? אז דער מענטש איז לכתחילה גוט. דארף מען נישט קאליע מאכען. דארף מען היטען די גוטסקייט, וואס איז באשאפען געווארען מיט׳ן מענטש.

## דער תוהו ובוהו וואס מענשען שאפען ...

והארץ היתה תוהו ובוהו — מען האלט נאך ביי די אור־צייטען און שוין איז תוהו ובוהו... דאס, וואס עקספערטען אויף מאכען חורבנות, ספעציאליסטען אויף פארוויסטען, מזיקים אויף מזיק זיין, אטאם־וויסענשאפט־לער, האבען אויסגעקלערט און אויסגעארבעט, אויסגעפונען און דערפונדען, נעמליך, צו מאכען א תוהו ובוהו — איז גאר געווען לאנג פאר זיי, און אן זיי, נאך אין די בראשית־צייטען . . .

האט מען געדארפט טויזענטער יארען פראגרעס און וויסענשאפט, טעכנאלאגישע קענען און געניאלע דערפינדונגען, דיפלאמאטישע „טריקס“ און אנדערע אנטוואפענונג־קאנפערענצן, כדי צוריקצוקומען דארט, וואו מען איז געווען ביים סאמע אנהויב, ביים תוהו ובוהו?

מען האט אונז צוגעבראכט צו תוהו ובוהו, צום ברעג פון אפגרונט, על פני התהום („ברינקמאנשיפט“ בלע״ז), נאר איין זאך פעלט: דאס שוועבען פון ג־ט׳ס גייסט, ורוח אלוקים מרחפת, איז ניט איבער זיי. איבער די אלע שלום־זוכענישען פילט זיך עפעס נישט דער רוח אלוקים מרחפת.

און אוודאי שוועבט נישט קיין געטליכע אינספיראציע, אויף דער פאליטיק, איבער וועלכער דאס דייטשע מערדער־פאלק האט געוואונען א „וועטא“־רעכט... (האט דאך עדלעי סטיווענסאן געהאט געזאגט פאר יארען: „מיר האבען זייט יארען א סעקרעטערי אוו סטייט, קאנראד אדענאוער...“). ווי נאר עס שיינט אויף א שטראל פון אנטשפאנונג, א שטיקעל האפענונג.

אַז אפשר וועט מען פאַרט זיך אַרויסדרייען פון אומקום — טוען די פירער פונ׳ם קין־פאָלק, די דייטשען, ימ״ש, טרייבען און טרייבען צום אָפּגרונט, צו חורבן, צו תוהו ובוהו.

תוהו ובוהו איז נישט עפּעס וואָס עס איז נישטאָ, אַ פּוסטקייט, אַ חלל, אַ ליידיגקייט, נאָר אַ מין „יש". ווי דער רמב״ן זאָגט עס: תוהו מיינט כאַאָס, וואָס רופט אַרויס ביים מענש צעמישונג, „קאָנפיוזשאָן", דבר המתהה בני אָדם, אַ זאַך, וואָס מאַכט מענשען געפּלעפּט. בוהו איז אַ ממשות׳דיגע זאַך, שיש בו ממש. עס איז אַ צוזאַמענוואוקס פון צוויי ווערטער: בו הוא, „אין אים איז עס דאָ". —

מיר וואָלטען צוגעגעבען, אַז דער תוהו ובוהו איז בעיקר אין מענש, „אין אים איז עס". נעמליך, די אינערליכע צופאַרענקייט. דער כאַאָס אין אייגענער נשמה. די צוטומעלטקייט אין דענקען, טאָן.

פאַראַן, נעמליך, וויסט און פּוסט, אַ חלל, אַ ליידיגקייט. דאָס איז נישט כאַאָס. פאַראַן אָבער אַמאָל וואָס די צעמישונג איז „גוט" צונויפגעמישט, דער בלבול המוחות איז „גוט" אָרגאַניזירט און אויסגעפּלאַנט, ווי בלויז געוויסע דעמאַגאָגען קענען עס מיט האַלבע אמת׳ן און פילדייטיגע אויפקלערונגען, וואָס פאַרטושען און פאַרנעפּלען בכיוון, אויסגערעכענט. דאָס איז אַ תוהו ובוהו, וואָס האָט אַ ממש...

מעשה בראשית — אַ שטענדיגער פּראָצעס

דער ליובאַוויטשער רבי האדמו״ר ר׳ מנחם מענדל שניאורסאָן שליט״א האָט געזאָגט:

פון דעם וואָס השי״ת האָט באַשאַפען די וועלט אַ יש מאַין דרינגט אַרויס, אַז די באַשאַפונג איז שטענדיג, אין יעדער מינוט. די געוואַלדיג נייע געשעעניש פון ששת ימי בראשית, וואָס דעמאָלט איז באַשאַפען געוואָרען אַ מציאות פון אַבסאָלוטען נישט־זיין, חזר׳ט זיך איבער אין יעדען מאָמענט. שטענדיג ווערט אַ ניי וועלט. איז שבת בראשית נוגע פאַרן גאַנצן יאָר.

וואָרים פון דער הנחה אַז תורה איז דער יסוד פון בריאַת העולם דרינגט דאָך אַרויס, אַז די מציאות פון דער וועלט קען נישט זיין אין ווידערשפּרוך צו תורה. ס׳קען נישט זיין קיין סתירה צווישען ווירקליכקייט און מצוות, ווייל די מציאות פון דער וועלט איז תורה.

דאַרף מען דערפאַר אויך אין עולם העשיה פאַרווירקליכען די תורה. ווי ס׳האָט געטייטשט דער ראַדאָמסקער רבי ר׳ שלמה ראַבינאָוויטש זצ״ל אין

„תפארת שלמה“, וירא אלוקים את אשר ע ש ה והנה טוב מאד, ג־ט האָט געזען אַז אויך דער „עשה“, דער עולם העשיה, די וועלט פון ט אַ ט, איז טוב מאד, איז זעהר גוט, — אויב דער מענש ערפילט זיין שליחות. — („מאד“ אַנטהאַלט דיזעלבע אותיות פון „אָדם“.)

לײדען לײטערן לײט

ווייל, ווי געזאָגט, עס איז דעם מענשענ׳ס באַשטימונג מיטצושאַפען, ווייטער צו שאַפען אין פאַרפולקאָמונג פון דער בריאה. דערמיט רעאַליזירט די מענשליכע פערזענליכקייט ז י ך. דורך עליות און ירידות קען דער מענש ביישטייערען צו תקון העולם — דורך מתקן זיין, אָדער אויפ׳ן חסידישען לשון, „געפינען זיין תקון“.

אויף ויכולו השמים והארץ, איבערזעצט־טייטשט תרגום אונקלוס: „ואשתכללו שמיא וארעא“. „שכלול“ מיינט פאַרפולקאָמונג, ברייגנען צו שלימות, בעת „ויכולו“ אַנטהאַלט אין זיך דעם באַגריף פון ענדיגען, פון „כליון“. זאָגט דאַרויף דער „תולדות אָדם“, אַז אָפט ווען אַ מענש מיינט, אַז ער האַלט, חלילה, ביי כליון, אַז ס׳עקט זיך די וועלט פאַר אים, אַז ס׳איז זיין סוף — דערמאָלט איז גאָר „ואשתכלל“, דעמאָלט ווערט ער גאָר געלייטערט און פאַרפולקאָמט, דעמאָלט קומט ער צו שלימות. גראָד אין מאָמענטען פון יסורי הנפש, פון אינערליכע ליידען, לייטערט זיך אַ מענש. פאַראַן אַ פאַראַלעל און אַ שייכות צווישען „ויכולו“ און „ואשתכלל“.

אעשה לו עזר כנגדו, גראָד דאָס וואָס דיר דאַכט זיך אַז ס׳איז „כנגדו“, אַז ס׳איז געגען דיר, איז גאָר אַ „עזר“. דווקא דאָס וואָס דו מיינסט, אַז ס׳איז דיר אַ שטערונג, אַ כנגד, איז גאָר באמת אַ הילף.

דער מענש דערהויבט זיך נישט דורך שפרייזען אויפ׳ן לייכטסטען וועג, אָן אַ ווידערשטאַנד, נאָר דורך ראַנגלענישען און שוועריגקייטען, דורך ירידות און מכשולים. ווי די גמרא זאָגט: אין אָדם עומד על דבר הלכה אלא אם כן נכשל בה, ערשט דורך שטרויכלונגען קען מען דערגיין צו דערהויבונג, צום אמת.

דער געראַנגעל ווענען דעת

דער געראַנגעל פונ׳ם מענשען ווענען ד ע ת הויבט זיך אָן מיט דער געשיכטע פונ׳ם מענשען. פון די אור־אָנהויבען אָן. ווי מיר לערנען אין דער פרשה פונ׳ם עץ הדעת.

סיי חוה, סיי דער נחש האָבען נישט באַנומען דעם ריכטיגען מיין פון

דעת. קודם כל קומט נישט דעת פון עץ הדעת. וויסען וואַקסט נישט אויף אַ בוים און פאַלט נישט אַראָפּ פון זיך אַליין ווי אַ צייטיגע פרוכט אין דיין שויס אַריין. וויסען פליט נישט אַריין אין מוח אַריין שפּילעוודיג. וויסען דאַרף מען דערגרייכען מיט מי און מאַטערניש, מיט אָנשטרענגונגען און יגיעות. ווי דער קאָצקער רבי זצ"ל האָט אויסגערופען: שלמה המלך האָט געזאָגט: ויוסיף דעת יוסיף מכאוב, „וואָס מער וויסען אַלץ מער וויטאָג". — זאָג איך: זאָל ווי טאָן און וויסען זאָל איך!

אָדם הראשונ'ס זינד איז געווען וואָס ער האָט זיך געכאַפּט צום עץ הדעת, מיינענדיג, אַז מ'קען „איינשלינגען" דעת שפּילעוודיג, עסענדיג. ווי דער קאָצקער רבי האָט ווידער געזאָגט אויפ'ן מדרש רבה: על שדה איש עצל עברתי, זה אָדם הראשון, „דורכ'ן פעלד פון אַ פוילען מענשען בין איך פאַר־בייגעגאַנגען, (משלי) דאָס מיינט מען אָדם הראשון". (מדרש רבה, פרק כ"א). דער חלוק צווישען אַ געמעסיגטען, געלאַסענעם מענשען, מתון, און צווישען אַ פוילען איז דער: אַ מתון, אַ מיושב'דיגער נעמט זיך צייט אַריינצוטראַכטען, באַרעכענט זיך, חשבונ'ס אויס אַלע רעזולטאַטען און קאָנסעקווענצען פון זיין טאַט, איז זיך מיישב. מיט איין וואָרט: האָט ישוב הדעת. בעת אַ פוילער טוט אַפּ גיך, נישט טראַכטענדיג וואָס ווייטער.

איז אָדם הראשונ'ס חטא געווען וואָס ער האָט זיך גיך צוגעכאַפּט, הענדום פענדום, צום עץ הדעת אָן ישוב הדעת.

דער צווייטער פעלער זייערער, חוה'ס און אָדמ'ס, איז געווען וואָס זיי האָבען געמיינט, אַז דעת איז אַן עניין פאַר — עסען: מפרי עץ הגן נאכל... לא תאכלו ממנו... ותרא האשה כי טוב העץ למאכל... ותקח מפריו ותאכל, ותתן גם לאישה עמה ויאכל... „פון די פרוכט פון די ביימען פונ'ם גאָרטען זאָלען מיר עסען... איז זאָלט נישט עסען פון אים. און די פרוי האָט געזען, אַז ס'איז גוט דער בוים צום עסען... האָט זי גענומען פון זיינע פרוכטען און געגעסען, און זי האָט אויך געגעבען צו איר מאַן, און ער האָט געגעסען... (ג' ב'־ז'). איר זעט וויפיל מאָל מ'רעדט דאָ אַלץ וועגען עסען!

זיי זיינען געווען צופיל פּראַקטישע מענשען. זיי האָבען געמאָסטען וויסען נישט מיט זיין אייגענער ווערט, נאָר מיט דער מאָס פון נוצליכקייט. זיי האָבען געפרעגט: וואָס וועל איך האָבען דערפון? וואָס, צי וויפיל, וועט עס מיר אַריינברייגגען? זיי האָבען געטראַכט בלויז פון די מאַטעריעלע נוצען וואָס זיי קענען האָבען פונ'ם עץ הדעת, „ווייל גוט איז דער בוים" — און דאָ רעדט זיך,

פאַרגעסט נישט, וועגען עץ הדעת — „צום עסען", כי טוב העץ למאכל. וויסען, וויסענשאַפט, דעת, האָט געהאַט פאַר זיי אַזויפיל ווערט וויפיל ס'האָט זיי געבראַכט געניוס, פאַרגעניגען, קאָמפאָרטען, — ווי אין דער היינטיגער אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע; — אָדער מאַכט און פרעסטיזש, עראָבערונגען און באַהערשונג, — ווי די היינטיגע קאָמוניסטישע וועלט. וויסען אַליין, ריינע וויסענשאַפט („פיור סייענס"), און אַוודאַי דעת אין העכערען יהדות־באַגריף, דעת ה', ומלאָה הארץ דעה, איז זיי געווען פרעמד.

דאָס האָט זיי געבראַכט צו אַן אַנדערען טעות. זיי האָבען געמיינט, אַז מיט וויסען ווערען זיי די אַרביטערס, די ריכטער, איבער גוטס און שלעכטס. דער נחש האָט זיי איינגעשמועסט, אַז מיט'ן געניסען פונ'ם עץ הדעת ווערן זיי אויך עקספערטען איבער מאָראַל; אַז מיט געווינען וויסען ווערען זיי אויטאָריטעטען איבער עטיק, ווערען זיי ג־ט אַליין: „וואָרים אין דעם טאָג וואָס איר עסט דערפון ווערען זיך עפענען אייערע אויגען, און איר וועט זיין ווי ג־ט צו וויסען גוטס און שלעכטס". כי ביום אכלכם ממנו ונפקחו עיניכם והייתם כאלוקים יודעי טוב ורע (ג', ה').

דאָס איז דער חטא פון מאָדערנע וויסענשאַפטס־לייט וואָס ריידען זיך איין, אַז דורך וויסענשאַפט ווערען זיי דעה־זאָגערס אין דת און אמונה, ווערען זיי פוסקים אין מאָראַל און עטיק.

אָט ד ע ר דעת פונ'ם עץ הדעת, וואָס נאָך אים איז געקומען דער ברודער־מערדער קין, איז די נחש־הקדמוני־זינד פון דער אייראָפּעאישער קולטור אָ ן מאָראַל, אָ ן ג־ט אין האַרצען, וואָס איר פאָן־טרעגער איז געווען — און א י ז ווידער — דאָס דייטשע קולטור־און־מערדער־פאָלק, ימ"ש, וואָס האָט געבראַכט חורבן און וואָס דראָעט ווידער מיט חורבן, (אַטאָם אין די הענט פון באָן!...)

### ערמה איז ניט דעת

אָבער ווען „זייערע אויגען האָבען זיך געעפענט, האָבען זיי געוואוסט" — וואָס האָבען זיי געוואוסט? וואָס האָבען זיי דערגרייכט מיט זייער וויסען? — „אַז זיי זיינען נאַקעט", ותפקחנה עיני שניהם וידעו כי ערומים הם (ג' ז').

דאָס וואָס זיי האָבען געמיינט איז דעת, איז נישט מער ווי ע ר מ ה, ביטרעקייט. זיי זיינען ערומים, נאַקעט מיט זייער ערמימות, מיט זייער ביטרעקייט, מיט זייער לעבענס־חכמה אָן ר א ש י ת חכמה.

נישט בלויז האָט דאָס וויסען נישט געמאַכט דעם מענשען מאָראַליש בעסער, נאָר האָט אים געמאַכט נאָך שעדליכער, געפערליכער.

און נישט נאָר האָט עס אים נישט געמאַכט אײדעלער, נאָבלער, נאָר דאָס „וויסען" האָט אים אַפילו נישט געמאַכט מער וויסענדיג.

וואָרים מיט'ן וואַקסען פון וויסען וואַקסט — אין פיל גרעסערער פּראָ־פּאָרץ — דאָס אומוויסען.

דער פּרימיטיוו︎ער מענש האָט ווייניג געוואוסט, אָבער די שטחים פון זיין אומוויסען זיינען געווען ווייניגע, האָבען נישט געגרייכט ווייטער ווי זיין גאָר ענגער האָריזאָנט. דער מאָדערנער מענש — וואָס גרעסערע טעריטאָריעס ער עראָבערט מיט זיין וויסען אַלץ ברייטערע שטחים אין רוים פון קאָסמאָס עפענען זיך פאַר זיין — אומוויסען!...

דער פּרימיטיווער מענש האָט בלויז נישט געוואוסט וואָס איז ווייטער פון זיין בליק — אָן טעלעסקאָפּען און מיקראָסקאָפּען, אָבער דער מאָדערנער מינש — וויפיל געהיימניספולע נישט־דערגרונטעוועטע וועלטען זיינען פאַר־הוילען אין דער היינטיגער אַטאָם־תקופה — פאַר זיין אָפּגרונט־טיפען אומוויסען!

אָן זאָרג און אָן האָפענונג...

האָט השי"ת פאַרשאָלטען דעם נחש.

„האָט ג־ט געזאָגט צו דער שלאַנג: ווייל דו האָסט דאָס געטאָן, זאָלסטו זיין פאַרשאָלטען פון צווישען אַלע בהמות און פון צווישען אַלע חיות אויף דער וועלט... און ערד זאָלסטו עסען אַלע טעג פון דיין לעבען" — ויאמר ה' אלוקים אל הנחש: אָרור אתה מכל הבהמה ומכל חית השדה... ועפר תאכל כל ימי חייך (ג', י"ד).

איז נישט פאַרשטענדליך אין וואָס באַשטייט דאָ די קללה? אַלע אַנדערע חיות ברויכען צו זוכען שפּייז, מוזען זיך יאָגען נאָך שפּייז, אָבער די שלאַנג האָט שטענדיג גרייט איר מאָלצייט, האָט תמיד איר פּרנסה בהרחבה, ליידט קיינמאָל נישט פון מאַנגעל. וואָרים איר שפּייז איז ערד, אָן אַרטיקעל, וואָס זי האָט שטענדיג פאַר זיך. ווי דער מדרש זאָגט: נחש מזונותיו עמו, „אַ שלאַנג וואו זי איז, איז איר שפּייז מיט איר". יורד למרתף מזונותיו עמו, עולה על הגג מזונותיו עמו. „גייט זי אַראָפּ אין קעלער אַריין, האָט זי איר שפּייז; גייט זי אַרויף אויפ'ן דאַך, האָט זי איר שפּייז". וואו־זשע איז דאָ די קללה?

איז דער ענטפער:

ווי השי"ת וואָלט געזאָגט: דאָ האָסטו אַלץ, נאָר מיט מיר האָסטו קיין שייכות נישט...

די ערגסטע קללה פאַר אַ באַשעפעניש איז — ניט צו האָבען קיין זאָרג און קיין האָפענונג, קיין דאגה און קיין תפילה...

## די ערגסטע קללה — צו זיין אַ בייסער...

אויך די צווייטע קללה אויפ'ן נחש איז נישט פאַרשטענדליך.

הוא ישופך ראש ואתה תשופנו עקב — „ער (דער מענש) וועט דיך טרעפען אין קאָפּ און דו וועסט אים טרעפען אין טריט" (ג', ט"ו).

מילא, אַז דער מענש וועט טרעטן דעם נחש אויפ'ן קאָפּ, איז עס אַ קללה. אָבער וואָס פאַר אַ קללה איז עס פאַר דער שלאַנג, אַז זי וועט בייסען דעם מענשען'ס טריט?

איז דער ענטפער:

די ערגסטע קללה פאַר אַ באַשעפעניש איז צו זיין אַ בייסער!

מיינט נישט, אַז די בייסער, די, וואָס בייסען יענעם, באַפאַלען יענעם, זידלען און באַשמוצען, האָבען אַ לייכט לעבען. די מחלוקת־טרייבער ווערען געפייניגט פון אייגענער שנאה. זיי ווערען אויפגעפרעסען פון זייער אייגענעם האַס. מער ווי זיי טרעפען זייער ציל, ווערען זיי געטראָפען פונ'ם „בומעראַנג" (צוריקטרעפען) פון זייערע אייגענע גיפטיגע פיילען. ווען מען האַלט אין איין זידען מיט גיפט, ווערט מען אַליין פאַרגיפטעט. עס דוכט זיך תמיד דעם בעל־מחלוקת, אַז מען לויערט אויף אים, אַז מען רודפ'ט אים גאַר. ער באַקומט אַ פאַרפאָלגונגס־מאַניע.

אַחוץ דעם, נישט שטענדיג טוט דער געטראָפענער שוויגען. נישט יעדער, און נישט תמיד, איז זוכה צו זיין פון די נעלבים ואינם עולבים.

און דער פסוק זאָגט דאָך פאַרט: אלוקים יבקש את הנרדף, און ג־ט ווייסט דאָך ווער עס איז דער נרדף.

## דריי באַדייטונגען פון שבת בראשית

שבת בראשית האָט דריי באַדייטונגען:

א) שבת פון „ויכולו", פון אויסענדיגען די באַשאַפונג פון ששת ימי בראשית.

ב) שבת, ווען מען לייענט די סדרה בראשית, וואָס דאָס איז דער ערשטער שבת אין יאָר.

ג) יעדער שבת ווערט אָנגערופען אין דער גמרא שבת בראשית, ווי עס שטייט: „שבת בראשית דאַרף נישט, אַז דאָס בית־דין זאָל אים מקדש זיין" — שבת בראשית אינה צריכה קידוש בית־דין (בבא בתרא, דף קכ"א, עמוד א'). דאָס מיינט יעדען שבת.

דאָס שליסעל־וואָרט איז דאָ „שבת וינפש״. שבת מיינט, ער האָט גערוט״. וואָס מיינט וינפש?

מערקווירדיג ווי צוויי גדולי ישראל אין תורה און אין מחשבת היהדות, וואָס האָבען נישט געהאַט קיין שייכות איינער מיט׳ן אַנדערן, וואָס זיינען געווען ווייט אין אָרט און אין גייסט, האָבען ביידע געגעבען איין אָריגינעלען און טיפזיניגען פירוש אויף וינפש. דער קאָצקער רבי זצ״ל האָט געטייטשט: וינפש — „ער האָט זיך געמאַכט פאַר׳ן נפש פון דער וועלט״. רבי שמשון רפאל הירש זצ״ל האָט עס אַזוי אויסגעדריקט: וינפש — „ער האָט זיך געמאַכט פאַר דער נשמה צו דער וועלט״.

ביידע טייטשען דאָס זעלבע.

### אַ בעל דעת דאַרף אונטערשיידען

איצט לאָמיר איבערגיין צו אַן ענין טאַקע אין בריאת העולם. אין אַלע 5 פון די 6 טעג פון באַשאַפען איז עפּעס געבוירען געוואָרען נייעס, בלויז אין צווייטען טאָג איז נישט באַשאַפען געוואָרען קיין נייע בריאה, נאָר —

ויהי מבדיל בין מים למים — „און עס זאָל פאַנאַנדערשיידן צווישן וואַסערן און וואַסערן״ (א׳, ו׳). און דורך דעם איז אַנטשטאַנען רקיע, דער הימעל.

ביי אַלע אַנדערע טעג שטייט צום סוף „כי טוב״, אָבער נישט ביים צווייטען טאָג. פאַרוואָס? ווייל, זאָגן די חז״ל, אין דעם טאָג איז באַשאַפען געוואָרען אַ טיילונג, און ביי מחלוקת ווערט נישט געזאָגט „כי טוב״, „ס׳איז גוט״.

איז עס אַ קל־וחומר. דאָ איז דאָך די שיידונג געווען נויטיג פאַר׳ן תיקון פון דער וועלט, פונדעסטוועגען שטייט פאָרט נישט כי טוב. היינט, ווען פאַרקערט — איז עס אַוודאי נישט כי טוב.

אַן אַנדערער לימוד איז דער: אייגענטליך האָט מען דאָך געקענט לכתחילה באַשאַפען באַזונדער די וואַסערן, נישט מען זאָל זיי דערנאָך צעשיידען. נאָר מען האָט געוואָלט לערנען, אַז אַמאָל איז יאָ נויטיג אָפּטיילונג, אָבער צו זיין צופרידען דערפון, האָבען שמחה דערפון — דאָס נישט. קיין כי טוב איז דאָ נישטאָ.

פאַראַן אָבער צווייערליי אָפּשיידען.

איין סאָרט — דאָרט וואו צוויי עלעמענטען זיינען אין וועזען פאַרשידענאַרטיג. אויב זיי זיינען צוזאַמען איז איינער מכחיש דעם אַנדערן, איז איינער מבטל דעם אַנדערן; ווען זיי זיינען אָבער באַזונדער — איז עס גוט פאַר ביידע.

אַ סימן, אויך אין ערשטען טאָג איז געשען אַ הבדלה, צווישען ליכט און פינסטערניש, פונדעסטוועגען ווערט דאָרט יאָ געזאָגט כי טוב. פאַרוואָס ? ווייל אור און חושך זיינען אין מהות פאַרשידען.

פרעגט זיך : האָט מען דאָך אויך געקענט באַשאַפען אור באַזונדער און חושך באַזונדער, און נישט זיי צונויפמישען און זיי דאַרפען דערנאָך פאַנאַנ־דערטיילען ?

איז דער ענטפער : דאָס איז צו לערנען, אַז אַ ז אַ פאַנאַנדערטיילען איז אַ באַשאַפען פאַר זיך, און עס איז גוט אַזוי.

מענשען דאַרפען וויסען צו אונטערשיידען צווישען אור און חושך, און אוועקשטעלען אַ מחיצה, אַז עס זאָל נישט זיין קיין צומישעניש, קיין אור וחושך משמשין בערבוביה, נאָר עס זאָל זיין ק ל אָ ר ק י י ט. די הבדלה צווישען ליכט און פינסטערניש איז גלייכגעשטעלט מיט דער הבדלה צווישען קודש און חול ; ביידע זיינען פאַרבונדען מיט ד ע ת. וואָרים ביי הבדלה זיינען מיר מתפלל „אתה חונן לאָדם דעת". „דו לייטזעליגסט אַ מענש מיט וויסען" — וויסען וואָס איז הייליג און וואָס איז אומהייליג, וואָס איז ליכט און וואָס איז פינסטערניש.

ווי געזאָגט, איז די בריאה אַ פערמאַנענטער פראָצעס, אין וועלכען עס איז געגעבען דעם מענש צו באַטייליגען זיך. דעריבער ווען דער מענש איז מבדיל בין אור לחושך, ווען ער ברענגט אַריין קלאָרקייט אין באַגריפען, אידייען, און פראָבלעמען, — איז ער אויך אַ שותף צו אור־באַשאַפונג, צו מעשה בראשית.

זיי וועלען קומען אויך פון מזרח...

די הפטורה איז אין ישעי' מ"ב. מיר לייענען דאָרט די געטליכע הבטחה וועגען צוזאַמענגעמען די פאַרשטויסענע און וועגען צ ו ר י ק ב ר ע נ ג ע ן די ווייטע :

מ מ ז ר ח אָביא זרעך וממערב אקבצך — „פון מזרח וועל איך ברענגען דיינע קינדער און פונ'ם מערב וועל איך צוזאַמענגעמען".

אָט דער צוזאָג וועט געוויס מקויים ווערען. אָבער ווען מען ברענגט צוריק די קינדער דאַרף עס זיין אַ ברענגען צו יהדות. און נישט, חלילה, פאַרקערט, ווי געוויסע עסקנים און פאַרטייען האָבען זיך פאַרמאָסטען אָפ־צורייסען רעליגיעזע קינדער פון זייער מקור, דערוויטערן זיי פון תורה און אמונה. עס שטייט : הביאי בני מרחוק ובנותי מקצה האָרץ. מיינט עס, ברענגען צו תורה, פונקט ווי צום תורה־לאַנד.

## דער בראשית־אויפבליץ אין מענשענס מחשבה

(פון א שיעור פון הגאון הרב יוסף דוב סאלאווייטשיק שליט״א)

אור־אָנהויב פון וועלט־באַשאַפען איז נישט קיין איינמאַל־געוועזענע דערשיינונג. די בריאָה, די באַשאַפונג, איז שעפערישקייט. איז אַ פ ע ר מ אַ נ ע נ ־ ט ע ר פּראָצעס. אַ פּראָצעס, אין וועלכען דעם מענשען איז געגעבען זיך צו באַטייליגען, „צו זיין אַ שותף אין מעשה בראשית״. אַזוי איז אויך דער בראשית, דער אור־אָנהויב, אַ דערשיינונג, וואָס קומט אויך פאָר אין, און דורך, דעם מ ע נ ש ע ן.

דאָס איז דער פּלוצימדיגער בליץ אין דער מחשבה. דאָס איז דער ספּאָנטאַנער אויפליכט. דער שיקול הראשון, „דער ערשטער באַטראַכט״, וואָס, לויט ספרים, איז פאַראַן אין אים אַ פונק פון רוח הקודש — אַפילו נישט דווקא ביי בעלי רוח הקודש.

„בראשית ברא״, — איבערזעצט פאַרטייטשט דער ירושלמי, אין איינ־קלאַנג מיט אַלע בעלי קבלה — „בחוכמתא ברא״. וואָס מיינט דאָ חכמה, אָדער אין אַראַמעאיש „חוכמתא״, אין אַנווענדונג לגבי דעם מענשען?

ח כ מ ה איז פ אַ ר תבונה און פ אַ ר דעת. חכמה איז דער געבורט פון וויסען. דאָס איז דער ק וו אַ ל. פון אים פליסט אַרויס אַלץ. דאָס איז דער אור־פּונקט, די נקודה קדמאה. די התחלה פון דער באַשאַפענער, מאַטעמאַטיש־רע־גולירטער וועלט. דאָס איז דער מקור פון פאַרשטאַנד און פון שעפערישקייט.

ב י נ ה, דאַגעגען, באַצייכענט אַ מער פאָרגעשריטענע פאַזע. די פאַזע, ווען דאָס קרישטאַל־בלויע וואַסער, וואָס שפּרודעלט אַרויס פונ׳ם קוואַל פון חכמה, ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ ברייטען שלענגעלדיגען טייך. אין דער בחינה פון „ונהר יוצא מעדן״, ווי מיר לייענען אין דער היינטיגער סדרה; ווען די נקודה קומט אין באַוועגונג און שאַפט אַ ליניע. די ליניע צייכענט שוין אָן אַ צוויי־דימענסיאָנאַלען באַגריף.

אין מאָדערנע וויסנשאַפטליכע דעפיניציעס מיינט חכמה דאָס אינטואי־טיווע פ י ל ע ן, אין געגענזאַץ צום קאָנטעמפּלאַטיווען ד ע נ ק ע ן. קאָנטעמ־פּלאַטיוו דענקען מיינט מיושב׳דיג אַריינטראַכטען. קאָנצענטרירט פאַרטיפען זיך. פילאָזאָפישע אַנאַליזע. דאָס איז שוין די ווייטערדיגע פאַזע. דער צווייטער עטאַפּ פונ׳ם מיושב׳דיגען פּראָצעס.

דער ערשטער עטאַפּ איז חכמה. די אינטואיציע. דאָס פון־זיך־אַליין אויפליכטען פון געפיל־שכל, וואָס קומט פאָרט נישט פון זיך אַליין — דאָס איז

די השראה פון אויבן. דאָס ערשטע אויפבליצן פון די יסודות. דאָס ערשטע אויפשפּרודלען פון די עיקרים, אָדער אַקסיאָמען. דאָס איז חכמה.

און וואָס איז בינה? דאָס איז דער אויפגעוויקעלטער און פאַנאַנדער־געגלידערטער שכל, וואָס ציט אַרויס קאָנסעקווענצן, דרינגט אַרויס מסקנות. וואָס איז אַ מבין דבר מתוך דבר.

דער „דבר" אַליין, דער ערשטער „דבר", קומט נישט אַרויס פון עפּעס, איז נישט קיין סעקאַנדערער, צווייט־רייאיגער אַקט, נאָר ווערט געבוירען אין דער מיסטעריעז־אומענדליכער וועלט פון חכמה.

דאָס אַנאַליזירען די יסודות פון חכמה איז דער צווייטער עטאַפּ, וואָס קומט פאָר אין דער פּשוט'ער און באַגרעניצטער וועלט פון בינה.

אויף וואָס פאַר אַ געביט עס זאָל נישט זיין, איז דער אָנהויב די בראשית'־דיגע חכמה, „בחוכמתא ברא". אין יעדער וויסענשאַפטליכער דיסציפּלין זיינען פאַראַן יסודות, וואָס איר קענט זיי בשום אופן נישט מסביר זיין דורך בינה. מען קען די יסודות פילען, אָבער באַווייזען זיי איז אונמעגליך. מען קען זיין איבערצייגט אינטואיטיוו, אַז זיי זיינען ריכטיג, אָבער מען קען זיי נישט באַגרינדען לאָגיש.

אויב אַ מענש איז נישט געבענשט פון בורא עולם מיט „חוכמתא", מיט'ן אור־פונקט (נקודה קדמאָה); אויב ער באַזיצט נישט אין זיין אינערליכען וועזען דעם כוח פון בראשית צו פילען און זען דעם אמת, אַ שיינענדיגען מיט וואונ־דערליכער ליכטיגקייט פון ווייטע האָריזאָנטען — דאַן וועט קיין שום פּעדאַגאָג נישט זיין אימשטאַנד אים מסביר צו זיין די אור־שפּרינגליכע יסודות, וואָס זיי אַנטפּלעקען זיך בלויז צום אינטואיטיווען שכל, וואָס זיי זיינען זיך מתגלה נאָר צום געבענשטען מיט חכמה אין בראשית'דיגען זין.

ווען אָבער איינעם איז שווער צו באַנעמען אַן ענין פון'ם געביט פון בינה — דאַן קען מען עס אים געבען צו פאַרשטיין. ווען איינער באַגרייפט נישט די מסקנות, ווען איינער פאַרשטייט נישט די קאָמפּליצירטקייטען פון אַ סיסטעם־אויפבוי, דעם געדאַנקען־גאַנג פון אַ געוויסער טעאָריע, פון אַ באַשטימטער שיטה, — דאַן קען מען אים לערנען און אויסלערנען.

אויב ער האָט נאָר אַפילו בלויז דורכשניטליכע כלים אויפצונעמען הסברה, קען אַ גוטער רבי אים אויפקלערען אַ סך ענינים און מאַכען פאַר אים דאָס קאָמפּליצירטע פּשוט, דאָס אומפאַרשטענדליכע — פאַרשטענדליך.

אָבער וויכטיגער פון אַלעמען איז דאָס בראשית'דיגע פילען פון אַקסיאָ־מאַטישע אמת'ן אויף יעדן געביט: אויפ'ן וויסענשאַפטליכען, פילאָזאָפישען און אויך לומדישען.

דער ענין פון חכמה, פון נקודה קדמאָה, פון בראשית, איז זיכער אויך וויכטיג אין אונזער פּראַקטישען דענקען און טאָן.

ווען אַ מענש וויל עפּעס טאָן, ווען ער שטרעבט צו דערגרייכען באַש־טימטע צילען; ווען ער וויל פאַרווירקליכען אַ גרויסען פּראָיעקט, מוז ער געפירט ווערען דורך חכמה. מוז ער זיין אינספּירירט דורך דעם בראשית־געפיל. קודם כל דאַרף ער אינטואיטיוו פילען, אַז זיין וויזיע איז נישט קיין פוסטער חלום. דער בליץ, דער איינפאַל, דאָס תופס זיין יסודות — דאָס קומט דורך חכמה. בינה, דאָס הייסט, די אַנאַליטישע, לאָגישע פאַנאַנדערגלידערונג, דער אויסוואַל פון פאַרווירקליכונגס־מיטלען, דאָס בפרטיות׳דיגע וויסען — דאָס אַלץ קומט שוין שפּעטער.

פעלט אימיצען אינטואיציע — אַזאַ איינער קען בכלל נישט אונטערנעמען קיין אויפגאַבעס, נישט אויפ׳ן כלל־געביט און נישט פּריוואַט.

אַ גרויסער דיפּלאָמאַט איז ניט דער, וועלכער קען אויסאַרבעטען אַ מעמאָראַנדום — דערויף זיינען דאָ עקספּערטען — נאָר דער וואָס פאַרמאָגט וויזיע. דער וואָס פילט דעם פּולס פון געשיכטע. דער וואָס זיין אינטואי־טיווער זשעני באַנעמט די יסודות פון פּאָליטישע פּראָצעסען, וואָס קען די ספּרענזשינעס פון היסטאָרישע געשעענישען. וואָס זיין „מוזיקאַליש" אויער דערהערט דאָס „פּאָכען פון די פליגלען פון דער געשיכטע".

אַ גרויסער סוחר איז נישט דער, וועלכער קען גוט אויס׳חשבונ׳ען, וועלכער קען גוט פירען זיינע האַנדעלס־ביכער — דערצו איז דאָ פּראָפעסיאָ־נעלע הילף — נאָר דער, וועלכער באַזיצט אינטואיציע און קען אינסטינקטיוו אַנטדעקען אַן אוצר. קורץ — בראשית איז דער פונדאַמענט פון אַלעמען.

# נֹחַ

פאַרשריט אין ציוויליזאַציע — ריקשריט אין מאָראַל

די וועלט איז יונג און שיין און ליכטיג, פריש ווי ערשט באַשאַפען — וואָס זי איז. די ליכטיגקייט איז אַ גוטע, האור כי טוב. די טייכען פליסען אין בלאָקייט, די ימים כוואַליעווען און שוימען, די געוויקסען, די פלאַנצען בליען, גערייען, גיבען פרוכט.

און אין אַזאַ שיינער, פריש־געבוירענער וועלט לעבט דער „בחיר היי־צירה", דער „אויסדערוויילטער פון דער באַשאַפונג" — דער מענטש.

אויך ער וואַקסט. אויך ער שפאַנט פאָראויס. מאַכט דערפינדונגען. לייגט ווינקעלשטיינער צו ציוויליזאַציע, צו פּראָגרעס. יבל, דער זון פון למך, געפינט אויס ווי צו צוימען און האָדעווען בהמות. „ער איז געווען דער אור־פאָטער פון יעדען איינוואוינער פון געצעלטען און האָדעווער פון סטאַדעס", דער ערשטער רענדזשער (הוא היה אבי יושב אהל ומקנה, — בראשית ד׳ כ׳).

זיין ברודער תובל דערפינדעט אַקער־מאַשינען, לייטערט קופּער, גיסט אויס אייזען. מיט איין וואָרט: ער לייגט פונדאַמענטען צו דער שווער־אינדוס־טריע, צו „יונייטעד סטייטס סטיל"... (לוטש כל חורש נחשת וברזל — ד׳, כ״ב).

און נישט נאָר פאַר מאַטעריעלע זאַכען ווערט געזאָרגט. מ׳זאָרגט אויך פאַר „ענטערטעינמענט", פאַר אַמוזירונג, פאַר קולטורעלען צייט־פאַרטרייב. אַן אַנדערער ברודער פון די דערמאַנטע ערשטע דערפינדער, — וואָס אַלע צוזאַמען זענען זיי געוועזן סך־הכל קינדער פון אַ למך, — דערפינדעט דעם פידעל, די האַרפע, די ערשטע מוזיק־אינסטרומענטען. „ער איז געווען דער אור־פאָטער פון יעדען האַלטער פון אַ פידעל און האַרפע". (הוא היה אבי כל תופש כנור ועוגב — ד׳ כ״א).

מיט איין וואָרט, די וועלט איז יונג, און שוין שטעלט זי די ערשטע שריט צו פּראָגרעס, צו ציוויליזאַציע, צו אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, צו פאַרגעניגען און קולטורעלע אונטערהאַלטונג.

וואָס־זשע איז פאַרט די צרה מיט׳ן מענטשען? וואָס איז די סיבה פונ׳ם מבול? וואָס איז דער גורם, וואָס שוין ביים אָנהויב קומט דער מורא׳דיגער סוף?

די צרה איז די זעלבע, וואָס היינט:

וואָס מער פּראָגרעס — אַלץ ווייניגער נשמה. וואָס מער ציוויליזאַציע — אַלץ ווייניגער מאָראַל. וואָס רייכער, אַלץ פאַרדאָרבענער, וואָס מעכטיגער אַלץ הפקר׳דיגער.

איז אויב אַזוי, אויב די שיינקייט און רייכקייט פון דער וועלט מאַכט דעם מענטשען ניט בעסער נאָר ערגער, און דאָס אין וועלט־פאַרנעם, אין קאַס־מישען מאַסשטאַב (אָמר רבי יוחנן, דור המבול ב„רבה" קלקלו וב„רבה" נדונו — סנהדרין ק״ט), אויב „די ערד איז פאַרדאָרבען פאַר ג־ט און די וועלט איז פול מיט רויב" און מאָרד און אויסגעלאַסענקייט (ותמלא הארץ חמס — ו׳, י״א), לויט די חז״ל טייטשען, אויב יאָ אַזוי — זאָל עס אַ סוף נעמען!

קץ כל בשר בא לפני, „דער סוף פון יעדער באַשעפעניש איז געקו־מען פאַר מיר" — זאָגט ג־ט.

און ס׳קומט די אַטאָם־תקופה, פאַרדאַן, דער מבול.

אָבער אין דעם דאָזיגען פאַרדאָרבענעם דור איז פאַראַן אַ מענטש, וועל־כער איז געבליבען גאַנץ, אומבאַרירט פון דער אַרומיגער געפאַלענקייט. תמים היה בדורותיו, „גאַנץ איז געווען נח אין זיין דור".

איין איינציגער, וואָס האָט געוויזען, אַז אַ מענטש קען גיין אין ג־ט׳ס וועגען.

זאָל דער איינער און זיין משפחה געראַטעוועט ווערען. אפשר וועט פון אים אויפשטיין אַ נייער דור, אַ בעסערער.

ווער איז געווען נח און וואָס איז ער געווען?

דערין זענען די מיינונגען געטיילט. טייל דרש׳ענען אים לשבח און טייל דרש׳ענען אים לגנאי. „לויט זיין דור איז ער געווען אַ צדיק", זאָגט רש״י, „וואָלט ער אָבער געווען אין דור פון אברהם, וואָלט ער געווען גערעכענט פאַר גאָרנישט".

דער מעסטער פון גרויסקייט אַ מענטשען, איז נישט קיין דור המבול. אויב עמיצער איז אַן „אָדם גדול" אין אַ דור המבול, איז נאָך נישט געדרונגען, אַז ער איז באמת אַ גרויסער מענטש. דער מאַסשטאַב איז די תקופה פון אברהם אבינו. בלויז דער, וואָס איז אין אַ דור פון גדולים איז ער אַ גדול, איז באמת אַ גרויסער מענטש.

מ׳פאַרלאַנגט פירערשאַפט

פון אַ צדיק ווערט פאַרלאַנגט מער ווי זיין אייגענע צדקות. ס׳ווערט פון אים פאַרלאַנגט פירערשאַפט, הנהגה. ס׳ווערט פון אים פאַרלאַנגט איינפלוס, השפעה אויף זיינע מיטמענשען. ער דאַרף מיטרייסען זיין דור. ער דאַרף אויפהויבען זיין סביבה.

בפרט אין צייט פון סכנה. בפרט אין אַ צייט, ווען ס׳דראָט אַ מבול. אין אַזאַ תקופה ווערט פאַרלאַנגט פונ׳ם יחיד אַחריות פאַר זיינע מיטמענשען. בפרט פון אַזעלכען וואָס איז, אָדער וויל זיין — אַ מנהיג.

איז אָבער ביי נח׳ן געווען: את האלוקים התהלך נח, „מיט ג־ט איז נח געגאַנגען". נישט, ווי עס שטייט ביי אברהמ׳ען: לפני ה׳, „פאַר ג״ט." אברהם איז געווען אַ פאָראויסגייער פאַר ג־ט. אַ שטורמער און מנהיג, וואָס האָט מיטגעריסען זיין דור פאַר ג־ט. אַברהם האָט זיך אַרויסגעריסען פון עבודה זרה צו אמונה אין איין ג־ט. נח, אָבער, איז געווען אָפּגעזונדערט, אָפּגעטיילט פון זיינע מיטמענשען, אַן „איזאָלישאַניסט".

פונקט ווי ס׳שטייט פריער ביי חנוכ׳ן: ויתהלך חנוך את האלוקים, ואיננו, כי לקח אותו אלוקים, „און חנוך איז געגאַנגען מיט ג־ט, און ער איז מער נישטאָ, ווייל ג־ט האָט אים צוגענומען" (ה׳, כ״ד).

אויך חנוך איז געגאַנגען בלויז מיט ג־ט, און נישט מיט מענשען. ווייל ער האָט נישט משפיע געווען אויף זיין דור, ואיננו, איז ער נישטאָ; ווי נאָר „כי לקח אותו אלוקים", ווי נאָר ער איז געשטאָרבען, איז ואיננו, איז ער נישטאָ, איז גאָרנישט געבליבען נאָך אים.

אַזוי אויך נח — את האלוקים התהלך נח: נח איז געגאַנגען מיט ג־ט — און מער מיט קיינעם נישט.

און צום סוף איז זיין עונש געווען: וישאר אך נח. ס׳איז געבליבען בלויז נח. ער איז געבליבען אַ מנהיג אָן אַ פאָלק. אַ פירער אָן געפירטע. אַ גענעראַל אָן אַן אַרמיי.

דער מדרש זאָגט, אַז ווען נח האָט געקלאָגט אויף די קרבנות פונ׳ם מבול האָט השי״ת געזאָגט:

„נאַרישער פאַסטוך, איצט קלאָגסטו, און פריער, ווען דו האָסט געהערט, אַז דו ווערסט געראַטעוועט האָסטו דיר נישט גענומען צום האַרצען דאָס אומגליק פון דער וועלט"... (מדרש הנעלם.)

אַ מנהיג איז פאַראַנטוואָרטליך!

ווען ס׳קומט אַ מבול זענען די פירער פאַראַנטוואָרטליך — איז עס זייער זינד. זיי קענען זיך נישט אַרויסדרייען פון אחריות!

אַזוי ווייט, אַז דער מבול ווערט אָנגערופען „מי נח", „נח׳ס וואַסער". נח האָט זיך דאָך פאַרט געמיט, געשפייזט די אַלע בהמות און חיות, און דאָך ווערט דער חורבן, דער מבול גאָר אָנגערופען אויף זיין נאָמען — „מי נח".

פאַרוואָס עפּעס „נח׳ס וואַסערן"? ווייל אַ מנהיג איז פאַראַנטוואָרטליך אַפילו ווען ער איז ניט שולדיג.

די מנהיגים קענען נישט בלייבען ווייטער קיין מנהיגים — גלייך ווי גאָרנישט: וישאר אַך נח, נאָכ׳ן מבול איז געבליבען „בלויז נח", נישט נח דער צדיק, נישט נח דער פירער, נאָר אַ פשוט׳ער נח.

ס׳איז פאַראַן נאָך אַ טעם דערצו. אויב נח איז נישט געווען קיין צדיק פאַר זיך, נאָר אין פאַרגליך מיט זיין דור, „צדיק תמים היה בדורותיו", ווי רש"י טייטשט, אַז בלויז אין פאַרגלייך מיט זיין דור איז ער געווען אַ צדיק, איז דאָך נאָכ׳ן מבול, ווען ס׳זענען שוין נישט געווען די רשעים, נישט געווען אַפילו מיט וועמען צו פאַרגלייכען, איז ער געוואָרען אויס צדיק. ווייל זיין צדקות איז דאָך געווען רעלאַטיוו, ד.ה. אין פאַרגלייך מיט די רשעים, איז ממילא, אַז ס׳זענען נישט געווען מער קיין רשעים, איז ער געוואָרען אויס צדיק.

נאָכ׳ן מבול האָט טאַקע נח אָנגעהויבען צו גיין אויף אַן אַנדערן וועג: ויחל נח איש האדמה... (ט׳, כ׳), נח ווערט אַן ערדישער מענש. לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד. ווי דער תרגום ירושלמי טייטשט: ושרי נח גברא צדיקיא למהווי... אויף וואָס דער קאָצקער רבי זצ"ל זאָגט: „נח האָט אָנגעהויבען צו ווערען אַ מענשליכער צדיק, גברא צדקיא..."

דער מדרש זאָגט דערויף אַזוי: „נח משנקרא איש צדיק נקרא איש אדמה, משה רבנו משנקרא איש מצרי נקרא איש אלוקים". טייטשט דער „כתב סופר" אַזוי:

נח איז צוערשט געווען אַ הימעל־מענש און דערנאָך געוואָרען אַן ערדישער מענש; ביי משה׳ן איז געווען פאַרקערט, צוערשט איז ער געווען אַ איש מצרי, אויסגעהאָדעוועט געוואָרען צווישען די מצריים, אין פרעה׳ס פּאַלאַץ, און דורך העלפען אידען האָט ער זיך דערהויבען צו ווערען אַ געטליכער מאַן, אַ איש האלוקים.

### צדקות איז ניט איזאָלאַציע

אָבער דער דאָזיגער תמים בדורותיו, נח, האָט נישט געשטראָפט זיין דור. איז געווען אַ צדיק פאַר זיך. האָט זיך אָפּגעזונדערט פון זיינע מיט־מענטשען. נישט באַמיט זיך זיי בעסער צו מאַכען. האָט זיך איזאָלירט אין זיין צדקות און נישט געזאָרגט פאַר דער וועלט. איז געווען אַן „איזאָליישאָניסט״.

האָט ג־ט אים געזאָגט, אויב אַזוי — גיי־זשע אין דער תבה אַריין מיט חיות און בהמות...

„און ג־ט האָט געדענקט נח׳ן און יעדער חיה און יעדער בהמה, וועלכע זיינען געווען מיט אים אין דער תבה״ ויזכור אלוקים את נח ואת כל החיה ואת כל הבהמה אשר אתו בתבה (ח׳, א׳.)

דערין זענען מחולק רש״י און דער רמב״ן. לויט רש״י האָבען די חיות און בהמות געהאַט אַ זכות, וואָס זיי זיינען ניט געווען פאַרדאָרבען (זכות שלא השחיתו דרכם). דער רמב״ן, אָבער, האַלט, אַז בעלי חיים האָבען נישט קיין שום זכות, נאָר ג־ט האָט זיי געוואָלט דערהאַלטען כדי צו דערהאַלטען דעם מין. (הזכירה שאמר בחיה ובבהמה אינה בזכות, שאין בבעלי נפש זכות או חובה זולת באדם לבדו, אבל הזכירה בהם כי זכר את דבר קדשו, שאָמר והיה העולם, ורצה הקיום העולם מינין אשר ברא).

די דאָזיגע צוויי שיטות קומען אויך אַרויס פריער. רש״י טייטש אויס „כי השחית כל בשר״, אַז דאָס נעמט אַרום אויך די חיות און בהמות, דער רמב״ן דאַקעגען זאָגט אויף דעם פסוק: „כל בשר — זה האָדם״, דאָס מיינט בלויז דעם מענטשען.

### דער שארית הפליטה פון דער לייבען־וועלט

נח האָט נישט קיין לייכט לעבען אין דער תבה מיט די חיות און בהמות. ער האָט נישט געוואָלט זיין אַ צוימער פון מענטשליכער ליידענשאַפטען, מוז ער ווערען אַ צוימער פון ווילדע חיות. דער מדרש דערציילט ווי נח האָט איינמאָל פאַרשפעטיגט צו געבען די שפייז דעם לייב, האָט אים דער לייב אַ ביס געטאָן. ער איז באַגאַנגען אַ חטא מיט׳ן נישט פינקטליכען זאָרגען פאַר דעם לייב. פאַרוואָס? ווייל אָט דער לייב האָט דאָך מיט זיך פאַרגעשטעלט זיין גאַנץ מין, זיין גאַטונג, ער איז איינער געראַטעוועט געוואָרען פון אַ גאַנ־צער לייבען־וועלט, און האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גאַנצען מין. האָט נח געדאַרפט ציטערען איבער אים, אָפּהיטען אים ווי אַן אויג אין קאָפּ, שפייזען

אים און זאָרגען פאַר אים. אַ קליינִיגקייט ? איין איינציגער „שארית הפליטה״ פון אַ גאַנצער לייבען־וועלט !...

היינט־זשע ווי דאַרפען מיר זאָרגען פאַר אונזער שארית הפליטה, פאַר יעדען איבערגעבליבענעם אידען פון אונזער בלוטיגען מבול, וואָס יעדער איינער שטעלט מיט זיך פאַר אַ קהלה אַ גאַנצע, אַ אידישע „עיר ואם בישראל !״

היילִיג איז מענשליך לעבען !

אויך מיר האָבען איבערגעלעבט אַ מבול. אויך אונזער וועלט איז אונ־טערגעגאַנגען, נישט אין וואַסער נאָר אין בלוט און טרערען.

און אויך נאָך אונזער מבול איז געקומען דער דור הפלגה. דער דור, וועלכער איז פאַרכאַפּט געוואָרען פון טעכנישען פראָגרעס און וויל מיט ציגעל פון ציוויליזאַציע, — און נישט מיט גייסטיגער דערהויבונג — דערגרייכען צום הימעל. שיקט סאַטעליטעס אין די הימלען.

דער נאָך־מבול־דור ווערט אַ דור פון צוטומעלטקייט, פון צעמישונג. פון קאָנפיוזשאָן ; דער דור פון פאַרוועלקטע, אויסגעדראָשענע און צעמישטע רייד, פון „ונבלה שם שפתם״, פון שקר, פאַלשקייט. פון מלחמה־העצערייען אונטער דער מאַסקע פון שלום־אַפּענסיוועס. אין די פּרעכטיגע בנינים פון די יונייטעד ניישאַנס הילכען אָפּ די צעטומעלטע רייד פון „לא ישמעו איש שפת רעהו״ (י״א, ח׳), „איינער פאַרשטייט נישט די שפּראַך פונ׳ם צווייטען״...

דעריבער איז נאָך דעם מבול, ווען ס׳איז געווען אַ מורא, אַז מענטשען קענען אָפּגעטעמפּט ווערען אויף דעם ווערט פון אַ מענטשליכען לעבען (וואָרים וואָס מאַכט אויס אַ מענטש נאָכדעם ווי אַזוי פיל זיינען אומגעקומען ?), איז דער ערשטער אָנזאָג פון ג־ט צו נח׳ן געווען : הייליג איז מענשליך לעבען !

„נאָר אייער בלוט פון אייער נפש וועל איך פאָדערען פון יעדער חיה, פון יעדען מענשען״... ואך את דמכם לנפשותיכם אדרוש מיד כל חיה אדרשנו, ומיד האָדם... (ט׳, ה׳).

וואָרים אין ג־ט׳ס פאָרם איז אַ מענש באַשאַפען געוואָרען (כי בצלם אלוקים עשה את האדם). מענשליך לעבען איז הייליג. און פאַרניכטעט מען מענשליך לעבען — רירט מען אָן די געטליכקייט אין אים. רירט מען אָן ג־ט.

רבי עקיבא זאָגט : „דער וואָס פאַרגיסט בלוט פאַרקלענערט דאָס געש־טאַלט פון ג־ט״.

און דער וואָס דערהאַלט איין איינציג נפש פון ישראל, איז גלייך ווי ער וואָלט דערהאַלטען אַ וועלט אַ גאַנצע (כל המקיים נפש אחת מישראל וכו׳).

### פאַרגעסען אין מבול ברענגט צו דור הפלגה

**אבער** אויך נאָכ׳ן מבול איז די וועלט צעטומעלט, צעמישט, אַ דור הפלגה.

דאָס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס מ׳האָט פאַרגעסען, אַז ס׳איז געווען אַ מבול. מ׳האָט פאַרגעסען אין חורבן, וועלכער איז אַקאָרשט פאָר־געקומען. און מען טאָר נישט פאַרגעסען אין חורבן!

אין חומש ווערט דערציילט ווי נח האָט נאָכ׳ן מבול געטרונקען אַ גלעזעל וויין, „וישת מן היין וישכר״ (ט׳, כ״א), „ער האָט געטרונקען פון וויין און שיכור געוואָרען״. צו וואָס שטייט „וישת״ און נישט בלויז „וישכר״? וועט מען דאָך שוין ממילא וויסען אַז ער האָט געטרונקען? נאָר — נח האָט זיך נישט אָנגע־שיכור׳ט, ער האָט נישט געטרונקען קיין סך וויין, אַזוי פיל אַז ער זאָל ערשט ווערען שיכור. נאָר וואָס־זשע איז פאָרט געווען זיין חטא?

נח האָט זיך געטרונקען זיין געוויינליך גלעזעל וויין, פונקט ווי תמיד, ווי פריער, פונקט ווי פאַר׳ן מבול. נאָר וואָס דען? נאָכ׳ן מבול זיינען די דורות, און די מוחות, שוואַכער געוואָרען (נחלשו הדורות), און צוליב דעם זעלבען קליינעם גלעזעל וויין, וואָס פריער איז עס געווען נאָרמאַל, איז ער איצט שיכור געוואָרען.

זיין חטא איז דעריבער באַשטאַנען נישט אין דעם וואָס ער האָט אַ סך געטרונקען, נאָר וואָס ער האָט פאַרגעסען אין „קלייניגקייט״ — אַז אינצווי־שען איז געווען אַ מבול...

אויך נאָך אונזער גרויסען חורבן זיינען פאַראַן אַ סך, וואָס דענקען און טוען גלייך ווי ס׳וואָלט נישט געווען קיין מבול, גלייך ווי ס׳וואָלט נישט געווען קיין טרעבלינקע און מאַידאַנעק...

און אָט דאָס איז איינס פון די סימנים און סיבות פון דער דור־הפלגה׳דיגער צעמישונג.

### דער רעגענבויגען נאָכ׳ן מבול

אָבער אין די וואָלקענס באַווייזען זיך ליכט־שטראַלען — דער רעגענ־בויגען נאָכ׳ן מבול.

ויאמר ה׳, זאת הברית אשר אני נותן ביני לביניכם, את קשתי נתתי בענן, והיתה לאות ברית ביני ובין הארץ (ט׳, י״ג).

„און ג־ט האָט געזאָגט: דאָס איז דער בונד, וועלכן כ׳גיב צווישען מיר

און צווישען איך, מיין רעגענבויגען האָב איך געגעבען אין וואָלקען, און ס'וועט זיין צו אַ צייכען פון בונד צווישען מיר און צווישען דער וועלט״.

גראָד אין די שווערסטע מבול־וואָלקענס באַווייזען זיך ליכט־שטראַלען; אין די ערגסטע צייטען קומט דער שטראַל פון האָפענונג.

פאַרוואָס טאַקע איז דער רעגענבויגען אַ סימן פון שלום און ווידער־אויפבוי, אַ סימבאָל פון וועלט־קיום?

ווייל דער רעגענבויגען באַשטייט פון פאַרשידענע פאַרבען, און זיי גיסען זיך צונויף אין איין האַרמאָניע.

דאָס אַנדערשקייט פון פאַרשידענע מענשען, גרופען, פעלקער, ווען ס'ווערט באַלייכט מיט דער זון פון טאָלעראַנץ, מיט פאַרשטענדעניש פאַר יעדנעמס אַנדערש־זיין, — בילדעט די האַרמאָניע פון דער פאַרשידען־פאַרביגקייט.

איבער אַ חרוב־געוואָרענער נאָך־מבול־וועלט דאַרף ערשט אויפקומען דער רעגענבויגען, דער סימן פון ג־ט'ס בונד מיט דער וועלט.

אָבער דאָס קומט ערשט אין דער קומענדיגער סדרה, מיט אברהם אבינו.

מיר שטייען ביי דער שוועל פון דער אידישער געשיכטע.

## דער תמים און דער תם

אין ערשטען פסוק פון דער סדרה שטייט: „צדיק תמים״. וויטער לייענען מיר: כי אותך ראיתי צדיק לפני בדור הזה, „ווייל דיך האָב איך געזען אַ גערעכטען פאַר מיר אין דאָזיגען דור״ (ז׳, א׳). דאָ שטייט שוין נישט תמים. פאַרוואָס?

לויט דער נגינה, דעם „טראָפּ״ אין דער קריאה, איז „תמים״ נישט קיין אייגענשאַפט־וואָרט פאַר צדיק, נישט „צדיק תמים״ לייענט זיך, נאָר „תמים היה בדורותיו״; און אַזוי טייטשען די חז״ל.

ווייל נח איז געווען אַ צדיק, אַ גערעכטער, נאָר — תמים היה בדורותיו, זיינע מיטצייטלער, זיינע מיטמענשען האָבען אויף אים געקוקט ווי אויף אַ „תם״, אַ נאַאיווען מענשען. די פיפיגע און פאַרדאָרבענע כיטראַקעס, די דריי־קעפּ, ווען זיי האָבען געזען איינעם אַן ערליכען, אַן אָנשטענדיגען, האָבען זיי אים נישט באַטראַכט פאַר קיין צדיק, נאָר פאַר אַ תמים, פאַר אַ בטלן, פאַר אַ וועלט־פרעמדען, ווייל פרעמד איז פאַר אים געווען אָפּנאַרעריי און בלאָף.

דעריבער האָט השי״ת געזאָגט: „ווייל דיך האָב איך געזען אַ צדיק פאַר מ י ר...״ כי אותך ראיתי צדיק ל פ נ י... פאַר מיר ביזטו געווען אַ צדיק

— אָבער נישט פאַר זיי... פאַר זיי, פאַר בדורותיו, איז ער געווען אַ תם.

ווייל דער חטא פונ׳ם דור המבול איז געווען, וואָס זיי האָבען זיך געיאָגט נאָך מאַטעריעלען באַזיץ און פאַרלאָזט די געבאָטען פון געטליכקייט, די פּרינציפּען פון יושר און עטיק. ווי דער מעזריטשער מגיד, דער רבי ר׳ בער זצ״ל, האָט געטייטשט: ותשחת הארץ לפני אלוקים (ו׳ י״א), ותשחת, זיי זענען געווען פאַרדאָרבען דערמיט וואָס — הארץ לפני האלוקים, זיי האָבען געשטעלט העכער דאָס ערדישע פאַר דעם געטליכען.

דעריבער „איז די וועלט פול געוואָרען מיט רויב״, ותמלא הארץ חמס. און ווייטער: כי מלאה הארץ חמס, „ווייל פול געוואָרען איז די וועלט מיט רויב״. זאָגען דאַרויף די חז״ל: „זייער אורטייל איז גע׳חתמ׳עט געוואָרען נאָר צוליב רויב, גזל״. לא נחתם גזר דינם אלא על הגזל (סנהדרין, ק״ח), זיי זענען באַגאַנגען אַ סך זינד, אָבער צוליב ג ז ל איז פול געוואָרען זייער מאָס.

פאַרוואָס? ווייל אויף אַנדערע חטאים האָבען זיי געקענט האָבען אַ תירוץ — צוליב וואוילטאָג, ווי ס׳שטייט: וישמן ישורון ויבעט, „פעט איז געוואָרען ישורון האָט ער אָנגעהויבען צו בריקעווען״. אָבער גזל — וואָס אַ תירוץ איז דאָ דאַרויף? אויב ס׳גייט דיר אַזוי גוט און באָדסט דיך אין וואוילטאָג — פאַרוואָס־זשע גזל׳סטו ביי יענעם? איז דעריבער צוליב דעם, צוליב גזל, גע׳חתמ׳עט געוואָרען זייער גזר דין.

### אַ קלייניגקייט קען אויסמאַכען דעם אונטערשייד אין גרעסטע ענינים

אויף „כי מלאה הארץ חמס״ זאָגט די גמרא: „זיי האָבען גע׳גזל׳ט ווייניגער ווי די ווערט פון אַ פּרוטה״, וואָרים ווייניגער ווי אַ פּרוטה קען מען נישט צוריקמאָנען לעגאַל. און דאָך זענען זיי געווען פאַרזינדיגט. ווייל — בן נח נהרג על פחות משווה פרוטה. „אַ בן נח ווערט גע׳הרג׳עט אויף ווייניגער ווי די ווערט פון אַ פּרוטה״ (ערובין ס״ב). וואָרים אַ איד איז מוחל, איז מוותר אויף אַ שווה פרוטה. אָבער ניט אַ בן נח.

האָט געזאָגט דאַרויף דער „אַלטער״ פון סלאָבאָדקע, רבי נתן צבי פינקעל, זצ״ל: ווי קליין ס׳איז דער אונטערשייד! ווייניגער ווי די ווערט פון אַ פּרוטה, פחות משווה פרוטה, וואָס אַ איד איז יאָ מוחל און אַ בן־נח נישט, איז דער חילוק צווישען זיי ביידע. ווי דין איז די גרעניץ! אָבער מיט ווייניגער ווי אַ פּרוטה פאַלט ער אַראָפּ פון דער מדרגה פון אַ ישראל און ווערט אַ בן־נח.

און דאָס זעלבע, האָט געזאָגט דער „אַלטער״ פון סלאָבאָדקע, איז אויך

צווישען אידען: אַ קליינינקייט קען דערהויבען אַ מענשען צו הויכקייטען... און פאַרקערט! די גרויסקייט פון גרויסע מענשען שפיגעלט זיך אָפּ נישט בלויז אין גרויסע זאַכען, נאָר אויך אין קליינע.

רשעות מיט גרויסען פאַרנעם

**נבקעו** כל מעינות תהום רבה — „עס האָבען אויסגעבראָכען אַלע קוואַלען פון גרויסען אָפּגרונט" (בראשית ז׳, י"א).

מאַכט רש"י: דאָס איז געווען אַ שטראָף מיט דער זעלבער מאָס, מדה כנגד מדה. זיי האָבען געזינדיגט מיט: רבה רעת האדם — „גרויס איז געווען די שלעכטקייט פונ׳ם מענשען", זיינען זיי געשטראָפט געוואָרען מיט תהום רבה.

פרעגט זיך: איז דען דאָס וואָרט „רבה" דעצידירענד פאַר דער זינד און פאַר דער שטראָף?

מדה כנגד מדה מיינט דאָך, דאָס וועזען, דער מהות פון דער זינד און נישט בנוגע די ווערטער.

איז דער ענטפער: עס זיינען פאַראַן דריי קאַטעגאָריעס פון זינד — אין נפש, גוף און געלט. אין נפש: די זינד פונ׳ם שכל, פאַרדאָרבענע דעות, פאַרקרומטע אידייען. אין גוף: תאוות. אין געלט: יאָגען זיך נאָך געלט מיט אַלע מיטלען, אויך מיט פסול׳ע וועגען.

דער אונטערשייד צווישען די דאָזיגע דריי קאַטעגאָריעס:

דער חטא פון מחשבה קען אָפּגעמעקט ווערען דורך איבערצייגען זיך וועגען דעם אמת: פּן יראה בעיניו, ובאזניו ישמע, ולבבו יבין ושב ורפא לו — „טאָמער וועט ער זען מיט זיינע אויגען, און מיט זיינע אויערן וועט ער הערן, און זיין האַרץ וועט פאַרשטיין, און ער וועט זיך אומקערען און געהיילט ווערען" (ישעי׳ ו׳, י׳).

פיזישע תאוות קענען אויסגעמיטען ווערען דורך ווילען און זעלבסט־דיסציפּלין, דורך שכל און מוסר. זיי ווערען במילא בטל דורך אַלט־ווערען.

די תאווה צו געלט, אָבער, ווערט נישט בטל דורך די אַלע פאַקטאָרען, און אויך נישט דורך זקנה. עס שטייט, אַז אַ גאַנץ לעבען קען אַ מענש נישט דערגרייכען אַ האַלבע תאווה פון געלט. אין אדם מת וחצי תאוותו בידו. „ווער ס׳האָט ליב געלט ווערט נישט געזעטיגט פון געלט" — אוהב כסף לא ישבע כסף (קהלת ה׳, ט׳).

אין דור המבול זיינען געווען די אַלע דריי חטאים. עס איז געווען

דער חטא פון מחשבה. פון תאוות, ווי עס שטייט: כי השחית כל בשר. און עס איז געווען דער חטא פון יאָגעניש נאָך געלט מיט אַלע מיטלען, אויך דורך גזל, ווי עס שטייט: ותמלא הארץ חמס — „און פול איז געוואָרען די ערד מיט רויב" (ו׳, י״א).

רש״י זאָגט: דער גזר דין, דער דעפיניטיווער אורטייל פון אומקום דורכ׳ן מבול, איז גע׳חתמ׳עט געוואָרען נאָר דורך גזל. לא נחתם גזר דין אלא על הגזל.

פאַרוואָס? ווייל די ערשטע צוויי חטאים ווערען מיט דער צייט אַלץ קלענער. די זינד אין נפש, די פיזישע תאוות — מיט׳ן עלטער ווערען פונ׳ם מענשען ווערען זיי וויניגער, בעת די געלט־גיריגקייט ווערט אַלץ מער; וואָס אַ מענש פאַרמאָגט מער, וויל ער מער.

דער דאָזיגער חטא האָט די אייגענשאַפט פון מערען זיך, פון „רבה רעת האדם". דעריבער זיינען זיי באַשטראָפט געוואָרען פאַר דעם מיט די אָפּגרונט־וואַסערען, וואָס מערען זיך, מיט „נבקעו כל מעינות תהום רבה".

### די אויסגעפּלאַנטע רשעות

אַזוי ווי עס זיינען פאַראַן דריי קאַטעגאָריעס חטאים. זיינען פאַראַן צוויי קאַטעגאָריעס חוטאים. איינער זינדיגט דרך אגב, דורך אַ צופאַל, בהיסח הדעת, ער פאַרגעסט זיך. און איינער זינדיגט אויסגערעכנט, מיט אַ פּראָגראַם, מיט אַן אידעאָלאָגיע, מיט אַ פּלאַן.

די כאַראַקטעריסטיק פון אויסגע׳חשבונ׳טען און אויסגעפּלאַנטען חטא איז די ספּעציעלע צוגרייטונג, וואָס ווערט באַצייכענט אין דער תורה מיט׳ן וואָרט „הבה".

ווי מיר לייענען: ויאמרו איש אל רעהו, הבה נלבנה לבנים... — „קומט, לאָמיר מאַכען ציגעל"... (בראשית י״א, ג׳).

און ווייטער: ויאמרו, הבה נבנה לנו עיר ומגדל... „און זיי האָבען געזאָגט: קומט, לאָמיר פאַר אונז בויען אַ שטאָט און אַ טורעם"... (י״א, ד׳).

ווי רש״י טייטשט: „דאָס וואָרט „הבה" איז אַן אויסדרוק פון צוגרייטונג, וואָס זיי גרייטען זיך צו און נעמען זיך צוזאַמען".

פונקט ווי: הבה נתחכמה לו — „לאָמיר זיך נעמען קליגלען געגען אים" שמות א׳, י׳).

דאָס איז געווען דער חטא פונ׳ם דור הפלגה. זיי האָבען געזינדיגט מיט כוונה, מיט אַ פריערדיגען צוגרייטען זיך.

דאַרף מען דערמאָנען, אַז דאָס גרויליגע פאַרברעכען פון די דייטשען, ימ״ש, איז געווען נאָך גרויליגער דערמיט, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען די רציחות ניט אין אויסברוך פון צאָרן, נאָר קאַלטבלוטיג אויסגערעכנט, אויס־געפלאַנט און אָרגאַניזירט מיט דער ווירקזאַמקייט, מיט וואָס זיי צייכענען זיך אויס, און פאַר וועלכען זיי ווערען היינט אַזוי געריהמט...

פונקט ווי היינט טוט די דייטשע רעגירונג אויספלאַנען זייערע וויסענ־שאַפטליכע מאָרד־צוגרייטונגען, דורך זייערע רציחה־עקספערטען אין עגיפטען! פריער האָבען זיי ניט געקענט שטערן דעם מאָרד פון אידען צוליב דער דיקטאַטור, — איצט צוליב דעמאָקראַטיע, טענה׳ן זיי. זיי קענען ניט פאַר־באָטען זייערע וויסענשאַפטלער צוגרייטען אַ נייעם אומקום פאַר אידען אין ישראל, זאָגען זיי...

און אַז מען רעדט שוין וועגען דעם — און מען דאַרף תמיד ריידען וועגען דעם כדי נישט צו פאַרגעסען און נישט פאַרשווייגען — לאָמיר אָנ־מערקען דעם אויסדרוק „אדרוש״ אין פסוק: ואך את דמכם לנפשותיכם אדרוש (ט׳, ה׳).

דעם אויסדרוק אדרוש, דרישה, פאָדערן, געפינען מיר נישט אין קיין שום אַנדערע זינד וועגען עבירות שבין אָדם למקום, דרישה ווערט געוויינליך באַנוצט וועגען אַ פאָדערונג פון מענש צו מענש, אָבער נישט פון ג־ט צו מענש.

נאָר אין פאַל פון רציחה מאָנט השי״ת דאָס פאַרגאָסענע בלוט, דאָס פאַרניכטעטע לעבען, ווייל דאָס געהערט נישט צום מענש, נאָר צו ג־ט. דעריבער ווערט דאָ געזאָגט „אדרוש״.

דער רמב״ם דריקט עס אויס אַזוי:

„דאָס בית־דין איז געוואָרענט נישט אָנצונעמען קיין שילומים פון אַ רוצח, נישט פאַרגעבען אים דאָס פאַרברעכען פאַר כופר, אַפילו דער רוצח זאָל געבען דאָס גאַנצע געלט פון דער וועלט אפילו ווען דער גואל הדם, דער קרוב וויל אים באַפרייען — ווייל דאָס לעבען פונ׳ם דערמאָרדעטען איז נישט דאָס אייגענטום פונ׳ם גואל הדם, נאָר פון ג־ט״ (יד החזקה, הלכות רוצח, פרק א׳, הלכה ד׳).




דער בראשית פון פאָלקס־באַשאַפונג

איבער לך לך שוועבט דער גייסט פון בראשית. וואָס בראשית איז געווען פאַר בריאת העולם איז לך לך פאַר בריאת עם ישראל.

אברהם אָבינו׳ס גאַנג איז געווען אַן „ערשט״, אַ „פוירסט״ אין דער געשיכטע. דאָס איז ניט געווען קיין וואַנדערונג פון נאָמאַדען, ווי טייל ביבעל־קריטיקער ווילען האָבען, נאָר אַ ציל־באַוואוסט פאַרלאָזען אַן אָרט מיט׳ן צוועק צוצוקומען צו אַ צווייטען. דאָס איז ניט געווען קיין וואַנדערן, נאָר אַן איבערוואַנדערן.

אברהם איז געווען איינגעזעסען. אין אַ היים. איינגעוואָרצעלט אין אַ שטאַרק אַנטוויקעלט לאַנד. די האַמוראַבי־ציוויליזאַציע, די סומערישע ציוויליזאַציע, די אור־כשדים־קולטור — דאָס אַלץ זיינען געווען סטאַדיומס פון גרויסער אַנטוויקלונג. האָט אברהם דערהערט ג־ט׳ס געבאָט און זיך אָפּגעשיידט פון אָט דער וועלט, וואו אַלץ איז געווען — קולטור, ציוויליזאַציע, פּראָגרעס — אַחוץ איין זאַך, אַחוץ דעם עיקר, אמונה. ער האָט פאַרלאָזט די עבודה־זרה־וועלט, כדי צו לאָזען הערן, דורך חסד, דעם רוף צו גלויבען אין איין ג־ט.

פּאַראַלעל צו „יהי אור״ אין דער באַשאַפונג פון דער וועלט איז איצט געקומען דער „יהי אור״ אין דער פאָרמירונג פון מענש.

נאָך דעם רוח אלוקים מרחפת, דעם געטליכען גייסט, איבער דעם אָפּגרונט פון תוהו ובוהו פון דער וועלט איז געקומען, דורך אברהם אָבינו, די שכינה־אַנטפּלעקונג אין תוהו ובוהו פון דעם מענש.

ווי אַזוי איז עס געקומען? וועגען בריאת העולם האָבען מיר אַ גענויען באַריכט אין בראשית, — ווי אַזוי איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון בריאת עם ישראל? און די באַשאַפונג פון פאָלק ישראל איז געווען פיל קאָמפּליצירטער, פיל שווערער — ווי מיר זעען אין דער תורה —

אידער די באַשאַפונג פון דער וועלט. 31 פסוקים האָט גענומען פאַר וועלט באַשאַפונג — אַזוי פיל איז פון „בראשית" ביז „ויכולו" — און חמשה חומשי תורה און ששה סדרי משנה, ש"ס און גמרא, און נאָך מער, האָט גענומען אויסצוגעשטאַלטען אַ פאָלק ישראל!

דער סיגנאַל וואָס וועקט אויף צו דערהערן (לויט'ן „שפת אמת")

ווי אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען אַט ד ע ר פראָצעס?

דער „שפת אמת" (פונ'ם גערער רבי'ן, האדמו"ר הק' ר' ארי' לייב אַלטער זצ"ל) דרינגט אַריין אין די דאָזיגע אור־אָנהויבען און אַנטפלעקט פאַר אונז דעם „יהי אור" פון אמונה־אויפלייכט. ער גיט איבער די מיסטעריע פון פאַרזייען און וואַקסען פון די ערשטע קערנדלעך, פון „בראשית" פון אמונה.

ער שטעלט זיך אָפּ אויפ'ן מדרש רבה אויף לך לך, וועלכער זאָגט אַזוי:

„רבי יצחק האָט אָנגעהויבען. עס שטייט: שמעי בת וראי, והטי אָזנך — „הער צו, טאָכטער, און זע, און לייג צו דיין אויער" (תהלים מ"ה, י"א). דאָס איז אַ משל צו אַ וואַנדערער, וואָס איז געגאַנגען פון אָרט צו אָרט, און האָט געזען אַ ברענענדיגען פּאַלאַץ, האָט ער געזאָגט: קען זיין אַ פּאַלאַץ אָן אַ בעל־הבית? האָט אויף אים אַ בליק געטאָן דער אייגענטימער פונ'ם פּאַלאַץ און געזאָגט: איך בין דער בעל־הבית פונ'ם פּאַלאַץ. אני בעל הבירה".

פרעגט דערויף דער „שפת אמת":

פאַרוואָס נאָך דעם ווי ער זאָגט שוין „שמעי", הער, חזר'ט ער נאָך איבער „הטי אוזן", לייג צו אַן אויער? אַז מען הערט לייגט מען דאָך שוין ממילא צו אַן אויער?

איז דער ענטפער:

„עס זיינען פאַראַן צוויי סאָרטען הערען, ווי עס שטייט דער דאָפּעל־אויסדרוק „שמוע תשמעו". צוערשט לאָזט ג־ט הערן אַ מענשען אַ שטיקעל אויפלייכט (מעט הארה). ווען דער מענש באַמיט זיך צוצוקומען צום אמת, דאַרף ער דאַן זיך אַריינקוקען מיט די אויגען פון שכל אויף אַט דעם אויפלייכט, אויף דער הארה, און פאַרשטיין, אַז דאָס איז דער עיקר. דאַן דאַרף ער איבערלאָזען אַלע אַנדערע געפילען און זיך אָנשטרענגען בלויז אויף צו דערהערען אַט ד ע ם עיקר. דאָס מיינט שמעי בת וראי, הער זיך איין און זע (דעם עיקר) און דאַן — הטי אוזן, לייג צו דיין

אויער זאָלסט נישט הערען קיין שום אַנדערע זאַך. דורך דעם וועסטו זוכה זיין צו דערהערען דעם אמת״.

דאָס מיינט, אַז ווען עס בליצט אויף אין מענשען עפּעס אַ שטראַל, אַ רעיון, אַ מחשבה טובה, איז עס ניט מער ווי אַ סיגנאַל. דערמיט ווערט אים סיגנאַליזירט, אַז עס קומט ערשט דאָס גרויסע ליכט. ער דאַרף זיך דאַן גרייטען אויפצונעמען דאָס דאָזיגע ליכט. ער דאַרף אַנשפּיצען דעם אינערליכען געהער, כדי צו דערהערען די דאָזיגע שטים. ווי אַזוי? דורך קאָנצענטרירען אַלע זיינע חושים אויסשליסליך אויף דעם פּונקט, די נקודה הפנימית, אין לשון פונ׳ם „שפת אמת״, באַזייטיגענדיג אַלע אַנדערע געפילען. בלויז דורך אַזאַ אַבסאָלוטער קאָנצענטראַציע קען ער צוקומען צו דערהערען דעם אמת.

אַחוץ קאָנצענטראַציע לערנט דער „שפת אמת״ וועגען נאָך אַן אַנדערער צוגרייטונג. נעמליך, זיך מכניע צו זיין פולשטענדיג צום הערען. זיך מבטל מאַכען אינגאַנצען לגבי דעם העכערן רוף, וואָס איז העכער פון זיין כוח צו באַנעמען, פון זיין שכל און השגה.

אָבער לאָמיר אַמבעסטען ברענגען דאָס לשון פונ׳ם „שפת אמת״ אַליין:

„...ווארים דאָס, וואָס הקב״ה לאָזט הערן ביים אַנהויב, איז בלויז צו לערנען אַ מענשען הכנעה, אונטערטעניגקייט; כדי דער מענש זאָל פאַרשטיין, אַז עס איז פאַראַן עפּעס, וואָס איז העכער פון זיין אויפנעם־קראַפט, פון זיין השגה. דורך דעם וועט ער זיך מבטל זיין, און וועט זוכה זיין צו דערהערן״ — ויבוא לבטל עצמו ויזכה לשמיעה.

ווייטער פירט ער אויס, אַז צווייערליי רעזולטאַטען קומען אַרויס ביי צווייערליי סאָרטען מענשען פון הערען. איינער הערט און ער ווערט שטאָלץ, גאווה׳דיג; עס דאַכט זיך אים, אַז ער האָט שוין אַלץ געהערט, אַז ער ווייסט שוין אַלץ, אַז ער האָט איינגעשלונגען די גאַנצע חכמה פון דער וועלט. ער מיינט, אַז ער האָט שוין אַלץ פאַרשטאַנען. ווערט ער ביי זיך גרויס, אָנגעפילט מיט גאווה.

אַן אַנדערער סאָרט הערער איז דער, וואָס, פאַרקערט, ווען ער הערט זעט ער ערשט ווי קליין ער איז, ווי נישטיג זיין שכל, ווי ענג זיין השגה — אַקעגן גדלות הבורא, און לגבי דעם אדם גדול און זיין מוח. ווערט ער ביי זיך נידעריג און — נייגעריג מער צו הערען, שטרענגט ער זיך אָן מער צו לערנען. אַ טיפער געדאַנק דערוועקט אין אים גייסטיגע נייגעריגקייט („אינטעלעקטשועל קוריאָזיטי״) און — עניוות.

אין לשון פון „שפת אמת״:

„פאַראַן אַ הערען צו ווערען גאווה׳דיג, און אַ הערען צו ווערען הכנעה׳דיג. נאָכ׳ן הערען מאַכט ער זיך גרייט מ ע ר צו הערען״ (שמיעה להתגאות, ושמיעה להיכנע; אחרי השמיעה מכין עצמו לשמוע יותר).

און דאָ קומט צוריק דער „שפת אמת״ צום אָנהויב פון דער סדרה. ג־ט האָט געזאָגט צו אברהמ׳ען: לך לך... אל הארץ אשר אראך — „גיי־דיר... צום לאַנד, וועלכעס איך וועל דיר ווייזען״. פאַרוואָס האָט ג־ט אים באַלד ניט געוויזען דאָס לאַנד?

ענטפערט דערויף דער „שפת אמת״:

„עס איז מער אָנגענומען פאַר השי״ת דער ווילען און דאָס לעכצע־ניש פונ׳ם מענשען צו זען, איידער דאָס זען אַליין. אַ אידישער מענש, וואָס ג אַ ר ט צו הערען און צו באַנעמען, איז ז ו כ ה צו הערען און באַנעמען (איש מישראל על־ידי ש מ ש ת ו ק ק לשמוע ולהשיג ז ו כ ה לשמוע ולהשיג). און דערנאָך דאַרף ער אַריינברענגען די השגה, וואָס ער האָט דערגרייכט, אין די טיפענישען פון זיין האַרץ (ואח״כ צריך להכניס ההשגה בעומק הלב). דאָס מיינט, „אל הארץ אשר אראך״, אַפילו ווען ער וועט קיינמאָל ניט דערגרייכען קיין שלימות אויף דער וועלט, נאָר זאָל ער אַ גאַנץ לעבען שטרעבען (רק להיות משתוקק כל ימי חייו)״.

דאָס מיינט, אַז דאָס שטרעבען צום אמת איז חשוב׳ער איידער דאָס דערגרייכען. אַזוי פיל לויט׳ן „שפת אמת״.

### דערזען דעם מנהיג אַפילו אין אַ ברענענדיגען פּאַלאַץ

איצט לאָמיר זיך אָפּשטעלען אויף אַ ווייטערען זאַץ אין דעם זעלבען מדרש. מיר לייענען:

„אַ משל, ווי אַ וואַנדערער האָט געזען אַ ברענענדיגען פּאַלאַץ, האָט ער געפרעגט: מעגליך, אַ פּאַלאַץ אָן אַ פירער?״ — בירה דולקת ראה... תאמר, שהבירה הזה בלא מנהיג?

פרעגט זיך: פאַרוואָס איז דאָס משל דווקא מיט אַ פּאַלאַץ וואָס ב ר ע נ ט? פאַרוואָס גראַד בירה ד ו ל ק ת? און סתם אַזוי אַ פּאַלאַץ איז יאָ רעכט אָן אַ בעל־הבית?

קען מען ענטפערן, אַז ווען מען זעט אַ פּאַלאַץ, וואו אַלץ איז געאָרדענט, וואו אַלץ איז אויף זיין אָרט, געפלעגט און געהיטען — פאַרשטייט זיך דאָך, אַז עס מוז זיין אַ בעל־הבית, ווער דען גיט אַכטונג אויף דעם פּאַלאַץ? אָבער ווען איינער זעט אַ בנין אין אומאָרדענונג,

אין פאַרלאָזענקייט און צערודערטקייט, אַ בנין אין אַ שריפה, קען ער דאָך מיינען, אַז נישטאָ קיין בעל־הבית. דעריבער איז דאָס געפינען דעם פירער פון אַ ברענענדיגען פּאַלאַץ מער רבותא.

אברהם אָבינו האָט געלעבט אין אַ צערודערטער וועלט, אין אַ נאָך־מבול־עפּאָכע, אין אַ נאָך־דור־הפלגה צייט, האָט ער געזען די וועלט אין כאַאָס, אין צעמישעניש, וואו מען האָט זיך ניט פאַרשטאַנען, וואו מענשען האָבען געוואָלט גרייכען אין די הימלען, געוואָלט בויען טורעמס ביז צום הימעל — און האָבען זיך ניט געקענט צונויפריידען דאָ אויף דער ערד, ונבלה שם שפתם (וואָסער ענליכקייט צום היינטיגען דור־הפלגה!...) — אין אַזאַ וועלט צו דערזען דעם מנהיג הבירה, ווי דער מדרש זאָגט: תאמר שהבירה הזו בלא מנהיג? — אָט דאָס איז געווען אברהם אָבינו׳ס גרויסע זעאונג.

אינ׳ם כאַאָס, צעטומלונג און צעמישונג, אין אַ ברענענדיגער וועלט, אין אַ בירה דולקת, האָט ער דערזען די הנהגה פונ׳ם בעל הבירה — און האָט דערהערט די שטים: אַני בעל הבירה, אַז עס איז דאָ אַ ג־ט אויף דער וועלט.

און אָט דעם אמת האָט ער אַריינגעשריגען אין דער וועלט, ויקרא בשם ה׳.

נע־ונד איז דער גרעסטער נסיון

מיט צען נסיונות איז אַברהם געפּרואווט געוואָרען, ווי די משנה דערציילט אונז אין פּרקי אָבות, אָבער דער נסיון, וועגען וועלכען ס׳ווערט אַממייסטען דערציילט אין דער תורה, איז נישט דאָס לאָזען זיך אַריינוואַרפען אין כבשן האש, און נישט קיין איינע פון די אַנדערע נסיונות, נאָר — דער נסיון פון אַוועקגיין פון דער אייגענער היים, פונ׳ם לאַנד וואו ער איז געבוירען געוואָרען; פון „גיי דיר אַוועק פון דיין לאַנד, און פון דיין אָפּשטאַם, און פון דיין פאָטער׳ס הויז” לך לך מארצך וממולדתך ומבית אָביך...

ווייזט אויס, אַז דאָס אַוועקגיין פון היים און היימלאַנד, דאָס נע־ונד זיין, איז דער גרעסטער נסיון פאַר אַ מענשען.

אָבער דאָס האָט געמוזט אַזוי געשען, כדי אברהם זאָל דורכפירען זיין שליחות. ס׳איז ווייניג געווען וואָס גייסטיג איז אברהם געווען באַזונדער, אָפּגעטיילט פון דער אַרום־וועלט, „די גאַנצע וועלט פון איין זייט און ער פון

דער אַנדערער" (כל העולם מעבר זה והוא מעבר זה), וואָס דעריבער איז זיין נאָמען העברי. ס'איז אויך געווען נויטיג אַ פיזישע דערווייטערונג, אַן אָפּזונדערונג אין אָרט.

די הבטחה פון ווערן אַ פאָלק מיט אַ לאַנד

אל הארץ אשר אראך, „אין לאַנד אַריין, וואָס איך וועל דיר ווייזן".

אייגענטליך געפינען מיר נישט ווייטער, אַז השי"ת זאָל האָבן געוויזן אברהמ'ען דאָס לאַנד, וואָס־זשע איז דער מיין פון אשר אראך?

נאָר אשר אראך מיינט, וואָס איך וועל ד י ך ווייזן. איך וועל ד י ך ווייזן אַלס אינדיווידועלע פּערזענליכקייט, אַלס נאַציע, אַלס שטאַט. אין דיין היימלאַנד וועסטו ערשט דערזען ז י ך אַליין, וועסט זיך געפינען, דיין אייגענעם „איך", דיין מענשליכען און נאַציאָנאַלען אויסדרוק.

דאָס איז אויך דער זין פון לך ל ך, גיי צו ד י ר, גיי צו דיין א י ך.

ווי רש"י זאָגט: לך לך — להנאתך ולטובתך, ושם אעשך לגוי גדול. „גיי דיר פאַר דיין גוטען וועגען", און וואָס מיינט דיין גוטס? „און דאָרט וועל איך דיך מאַכען פאַר אַ גרויס פאָלק".

אויך פריער איז אברהם געווען רייך ,באַרימט, אָבער אַ פ אָ ל ק, און אַ ג ר ו י ס פאָלק וועט ער ערשט ווערען אין אייגענע־ לאַנד, אין ארץ ישראל.

און רש"י דייטעט אָן אויף איינע פון די סיבות, פאַרוואָס קען ער ווערן אַ פאָלק בלויז אין ארץ ישראל: כאן אי אתה זוכה לבנים — אין דער פרעמד איז מען נישט זיכער מיט די קינדער, אַז זיי וועלען בלייבען דיינע, אַז זיי וועלען בלייבען אידען... ערשט אין ארץ ישראל ביזטו זיכער, אַז דיינע קינדער וועלען בלייבען דיינע, — אידען.

ווייטער זאָגט רש"י: ועוד שאודיע ט ב ע ך בעולם; איך וועל באַקאַנט מאַכען דיין טבע, דיין אייגענשאַפט, דיין אינדיווידועלען נאַציאָנאַלען כאַראַק־טער, אין דער גאַנצער וועלט. רש"י זאָגט נישט „אודיע שמך", נאָר „אודיע טבעך", און יעדעס וואָרט רש"י'ס דאַרף מען לערנען און זיך פאַרטיפען דערין. יעדעס וואָרט האָט אַ טיפען זין.

טבעך מיינט די אייגענאַרטיגע אינדיווידואַליטעט פונ'ם מענשען, פון אַ פאָלק, זיין „נאַטור", זיין נאַציאָנאַלע קולטור. דאָס איז די „טבע" פון אַ פאָלק.

איז לך לך דער פשט: גיי דיר ד י י ן וועג, דיין אייגענעם וועג! און ווי: לכו לכם לאהליכם... (ישעי', י"ב, ד'.)

און זייט דעמאָלט גייט דער איד זיין אייגענעם וועג אין דער געשיכטע.

די אייגענאַרטיגקייט פון איד־זיין ליגט שוין אין נאָמען פונ׳ם אידען. זיין אַנדערשקייט ווערט באַצייכענט אין „העברי״, ווי די חז״ל זאָגען אויף העברי: — כל העולם מעבר אחד והוא מעבר אחד, „די גאַנצע וועלט איז פון איין זייט און ער, אברהם, פון אַן אַנדער זייט״ (בראשית רבה, מ״ב).

אַגב, זעען מיר ווי דאָס ערשטע מאָל, וואָס מיר געפינען דאָס וואָרט „עברי״ אין דער תורה איז אין פסוק: ויבוא הפליט ויגד לאברם העברי (י״ד, י״ג); אין צוזאַמענהאַנג מיט אַנטלויפעניש, מיט יאָגענישען און — פליטים... דאָס וואָרט „העברי״ און דאָס וואָרט „הפליט״, ווען מיר הערען זיי ס׳ערשטע מאָל, גייען זיי געפּאָרט, צוזאַמען אין איין פסוק. שוין דעמאָלט איז דאָ אַ שייכות צווישען זיי ביידע... און דאָס „שייכות״ ציט זיך ביז אין אונזער צייט.

פונקט ווי דאָס שטייט אויף „איין זייט״, מעבר אחד, נישט אויף דער זייט פון דער גאַנצער וועלט (כל העולם מעבר אחד), נאָר אפילו נישט אויף דער זייט פון אַ האַלבער וועלט, — האָט זיך אָנגעהויבען שוין דעמאָלט, און האָט נישט אויפגעהערט ביז היינט...

דאָס אידישע פאָלק — און זיין מדינה — האָט ניט קיין „נאַטירליכע פאַרבינדעטע״, ווי אַנדערע מלוכות און פעלקער, למשל, די לאַטיינישע, אַנגלאָסאַקסישע, סלאַווישע, אַראַבישע, דער אַפראָ־אַזיאַטישער בלאָק, דער מזרח־בלאָק, מערב־בלאָק; די אידישע מדינה געהער נישט צו קיין שום משפחה פון פעלקער, און אויך נישט צו דער פעלקער־משפחה... איר איינציגער נאַטירליכער פאַרבינדעטער איז דאָס אידישע פאָלק.

טויזענטער יאָרען זענען פאַרביי, ס׳איז פאָלג מיך אַ גאַנג פון יענער צייט, ווען „ויבוא הפליט ויגד לאברם העברי״ — קאָלאָסאַלע ענדערונגען זענען פאָרגעקומען אין דער וועלט, און אין דער וועלט־געשיכטע, און מיר אידען שטייען היינט פונקט ווי דער ערשטער איד, כל העולם מעבר אחד והוא מעבר אחד... די גאַנצע וועלט, ווי צעטיילט און צעשפּאָלטען זי זאָל נישט זיין אויף בלאָקען, ליגעס, שטייט זי מעבר אחד, נישט פון דער זייט ווי אידען שטייען... והוא מעבר אחד, דער איד שטייט פון אַן אַנדערער זייט, אַליין.

אין אַזאַ סיטואַציע וואָס קען זיין מער נויטיג, ווי אַז מיר אַליין צווישען זיך זאָלען זיך כאָטש האַלטען אינאַיינעם? ווי דער ספורנו טייטשט עס: ויהי ריב בין רועי מקנה אברם וכו׳, — דערנאָך זאָגט דער פסוק: והכנעני והפריזי אָז יושב באָרץ, „דער כנעני און דער פריזי זיצט דעמאָלט אין לאַנד״ (י״ג ז׳), וואָס קער זיך אָן איינס מיט׳ן אַנדערן, דער קריג צווישען אברמ׳ס און

לוט׳ס פאַסטוכער מיט דעם וואָס דער כנעני און פריזי האָבען דעמאָלט געוואוינט אין לאַנד?

נאָר אברם האָט געזאָגט, ויאמר אברם: אל נא תהי מריבה ביני ובינך וכו׳, זאָל נישט זיין קיין קריג צווישען אונז, ווייל... והכנעני והפריזי אָז יושב בארץ, מיר זענען אַרומגערינגעלט מיט שונאים, און זיי וואַרטען נאָר, אַז מיר זאָלען זיין צעקריגט צווישען זיך...

נאָכדעם ווי השי״ת האָט אים צוגעזאָגט, אַז אַ פאָלק וועט פון אים אַרויסקומען, שטייט:

והאמין בה׳ ויחשבה לו צדקה, „און ער (אברהם) האָט געגלויבט אין ג־ט און ער האָט עס אים גערעכענט פאַר אַ גערעכטיגקייט (ט״ו, ו׳).

זענען דערויף פאַראַן איניגע אינטערעסאַנטע טייטשען. דער זוהר הק׳ טייטשט, אַז אברהם האָט געגלויבט, אַז דאָס וואָס השי״ת האָט אים צוגעזאָגט איז נישט ווייל ס׳קומט אים, נאָר ס׳איז צדקה.

מ׳קען אָבער אויך אָנווייזען, אַז „צדקה״ מיינט אויך גערעכטיגקייט; און דאָס מיינט צו זאָגען, אַז אברהם האָט געהאַלטען דעם צוזאָג פאַר אַ גערעכטע זאַך, ס׳איז אַ יושר, אַז זיינע קינדער זאָלען זיין אַ פאָלק מיט אַ לאַנד. ווי ס׳שטייט אויך: ציון במשפט תפדה ושביה בצדקה...

אַן אַנדער טייטש אויף והאמין בה׳ — ער האָט געמאַכט גלויבן, אין ג־ט, ער האָט פאַרשפרייט אמונה.

ווידער אַן אַנדער פירוש: והאמין בה׳ ויחשביה לצדקה: אברהם האָט געגלויבט אין ג־ט און ער, אברהם, האָט עס געהאַלטען פאַר אַ צדקה, וואָס ג־ט האָט אים באַשאָנקען מיט דער טייערער מתנה פון גלויבען, פון אמונה, פון והאמין בה׳... ווי מיר האָבען עס אַרויסגעבראַכט אין פרשת בראשית.

צום סוף לייענען מיר ווי השי״ת זאָגט צו אברהמ׳ען: התהלך לפני — והיה תמים, „גיי פאַר מיר און זיי ערליך״ (י״ז, א׳). דאָס איז, ווייזט אויס, אַ טאָפּעלט געבאָט: התהלך לפני מיינט צווישען מענש און ג־ט, בין אָדם למקום, והיה תמים מיינט: זיי ערליך מיט מענשען, בין אָדם לחברו.

אַזוי הויבט זיך די פרשה מיט לך לך און דאָס לעצטע קאַפּיטעל ענדיגט זיך מיט התהלך לפני, גיי פאַראויס פאַר ג־ט, זיי אַ געטליכער פאַראויסגייער, אַ פאַקעל טראָגער פון אמונה, והיה תמים, און זיי אַ גאַנצער מענש, נישט קיין געשפּאָלטענע פּערזענליכקייט.

אָט דאָס איז דער וועג פון אַ אידען.

### ס׳איז ענג פאַר אברהמ׳ן און סדום אין איין וועלט

די וועלט איז נאָך דעמאָלט געווען לײדיג און פוסט. גרויסע שטחים האָבען זיך אויסגעשפרייט פאַר׳ן מענשען. און שוין דעמאָלט האָט אויסגעפעלט אָרט פאַר אַן אברהם. ווייל שוין דעמאָלט איז נישט געווען גענוג פלאַץ פאַר א י ם און פאַר — ס ד ו ם. אין אַ סדום־וועלט איז נישט געווען קיין אָרט פאַר אַן אברהם. ס׳איז געווען צו ענג פאַר דעם „רופער אין ג־ט׳ס נאָמען״ און סדום!

„און די מענשען פון סדום זיינען געווען זעהר שלעכט און זינדיג צו ג־ט״. ואנשי סדום רעים וחטאים לה׳ מאוד (י״ג, י״ג), און באַלד זאָגט אונז ווייטער דער פסוק: „און ג־ט האָט געזאָגט צו אברהמ׳ען נאָכדעם ווי לוט האָט זיך אָפּגעשיידט פון אים: הויב אָקאָרשט אויף דיינע אויגען, און קוק פון דעם אָרט וואו דו ביזט, קיין צפון און קיין דרום און קיין מזרח און קיין מערב; וואָרים דאָס לאַנד וואָס דו זעסט וועל איך געבען צו דיר און דיינע קינדער אויף אייביג״. וה׳ אמר אל אברם אחרי הפרד לוט מעמו, שא נא עיניך וראה מן המקום אשר אתה שם צפונה ונגבה וקדמה וימה. כי את כל הארץ אשר אתה רואה לך אתננה ולזרעך עד עולם (י״ג, י״ד־ט״ו).

נאָך דעם ווי די אנשי סדום זיינען רעים וחטאים — איז נישטאָ מער קיין פלאַץ פאַר אברהמ׳ען אין זייער לאַנד, צי לענדער! זאָגט אים השי״ת, הויב אויף דיינע אויגען און זע ווי ס׳קוקט אויס סדום, און הויב אויף דיינע אויגען און זע דאָס לאַנד וואָס דאָרט איז דיין היים.

דאָס רשעות פון סדום, — און דאָס רשעות פון סדום־פעלקער שפעטער מיט טויזענטער יאָרען, דאָס אכזריות אין אונזער ה י י נ ט י ג ע ר תקופה אין אייראָפּע, האָט געמאַכט אוממעגליך פאַר אברהמ׳ען דעמאָלט, און פאַר זיינע אור־קינדער היינט, צו וואוינען צווישען זיי. און די מסקנה איז געווען: שא נא עיניך וראה! הויב אויף דיינע אויגען און זע! זע מיט אָפענע אויגען וואו דו ביזט אין דער וועלט, צווישען וועמען דו געפינסט זיך. מן המקום אשר אתה שם, פון דעם אָרט וואו דו ביזט דאָרט. פון ואנשי סדום רעים וחטאים, פון ד אָ ר ט קענסטו ערשט זען די נויטיגקייט פון אַן אייגען לאַנד. פון ד אָ ר ט קענסטו ערשט אָפּשאַצען דעם מיין פון אַן אייגענער היים.

צושפרייטען אמונה אָבער ניט זיין צושפרייט

הגם אברהם האָט דאָך געדאַרפט פאַרשפרייטען אמונה אין דער וועלט, האָט ער עס נישט געדאַרפט טאָן דורך זיין פאַרשפרייט אין דער וועלט. נאָר פאַרקערט, דורך אָפּטיילען זיך פון דער וועלט. ער האָט געדאַרפט שאַפען אַ מחיצה צווישען זיך און דעם אַרום. דער ויקרא בשם ה׳ האָט פאַרלאַנגט לך לך. בלויז דורך אַוועקגיין פון דער עבודה זרה סביבה, דורך אָפּטיילען זיך פון דער סדום־קולטור, האָט ער געקענט לערנען די וועלט אמונה.

אין דער לעצטער תקופה פון אונזער געשיכטע, אין דער עפּאָכע פון עמאַנציפּאַציע און השכלה אין איירָאפּע, איז אונטערגעבויט געוואָרען אונטער דער באַקוועמליכקייט־זוכעניש דורך אַסימילאַציע — אַ טעאָריע וועגען „מיסיאָן דעם יודענטומס״ דורך אויסמישען זיך מיט די גויים, נעמליך, מיט די ערגסטע צווישען זיי, דעם עקעלהאַפטיגסטען שוים פון דער מענשהייט, די דייטשען, ימ״ש.די דאָזיגע דעזערטיר־אידעאָלאָגיע, וועלכע איז אויסגעטראַכט געוואָרען כדי צו פאַרענטפערען בדיעבד דאָס אַנטלויפען פון אידען און פון אידענטום, איז לכתחילה געווען אין סתירה צו יהדות, ווי מיר זעען עס דאָ ביי אברהם׳ען.

אברהם אָבינו איז געווען אין דער בחינה פון דבר שהיה בכלל ויצא מן הכלל, ללמד על הכלל; דווקא דורכ׳ן אַרויסגיין פונ׳ם כלל, דורכ׳ן אָפּטיילען זיך פון דער וועלט, האָט ער געקענט לערנען די וועלט. און ער, און זיינע קינדער וואָס גייען אין זיינע וועגען, זיינען קיינמאָל מער נישט צוריק־געקומען צו אָט דער וועלט, פון וועלכער ער איז אַוועק.

ווי דער „שפת אמת״ זאָגט, אַז אברהם אָבינו איז געווען אין דער בחינה פון דבר שיצא לידון בדבר חדש, פון אַזעלכען וואָס איז אַרויס פונ׳ם כלל, כדי דן צו זיין אין אַ נייער זאַך — אַזעלכער קען נישט מער צוריקקומען אין כלל, אי אתה יכול להחזירו עד שיחזירנו הכתוב לכללו בפירוש. און דער פסוק האָט אברהם׳ען בפירוש נישט צוריקגעקערט צום כלל.

ס׳איז געווען זיין באַשטימונג, און די באַשטימונג פון זיינע קינדער, צו זיין אַן אייביגער יוצא מן הכלל, וואָס אין ווערטליכען מיין הייסט עס אַן „אַרויסגייער פון דער רעגעל״, אַן אויסנאַם, אַ „נאָנקאָמפאָרמיסט״. מעג די סביבה זיין אַן עבודה זרה־וועלט, אַ סדום־וועלט — אברהם איז אַן „אַרויסגייער״ פון אָט דער רעגעל, אַ יוצא מן הכלל. און אַזוי זיינען, און דאַרפען זיין, זיינע קינדער. מעשה אָבות סימן לבנים. אין לך לך איז שוין אָנגעצייכענט געוואָרען די באַשטימונג פון אַנטי־אַסימילאַציע, פון עם לבדד ישכון — אויף אייביג.

ווייל אברהם איז זיך געגאַנגען זיין אייגענעם וועג, צי צווישען די

פעלקער, צי אין אייגענעם לאַנד. ס'איז פאַראַן אַ פאַראַלעל, און אַ טיפע שייכות, צווישען קום התהלך בארץ און צווישען התהלך לפני והיה תמים, צווישען „גיי אין לאַנד" און צווישען „גיי פאַר מיר", פאַר השי"ת.

ונתתיך לגויים, „און איך וועל דיך געבען צו פעלקער" (י"ז, ו'), און דאַן: ונתתי לך ולזרעך אחריך את ארץ מגוריך, את כל ארץ כנען לאחוזת עולם, והייתי להם לאלוקים. „און איך וועל געבען צו דיר און צו דיינע קינדער נאָך דיר דאָס לאַנד פון דיין וואוינשאַפט, דאָס גאַנצע לאַנד כנען, פאַר אַן אייביג אייגענטום און איך וועל זיי זיין ג-ט" (י"ז, ח').

וועסט זיין אַ לערער פאַר פעלקער. ונתתיך לגויים טייטשט דער „העמק דבר" פונ'ם נצי"ב זצ"ל, מיינט, איך וועל דיך מאַכען פאַר אַ לערער פון פעלקער, ווי „נביא נתתיך לגויים" (ירמי' א'). זייענדיג איינגעוואָרצעלט אין אייגענעם לאַנד, דורך ונתתי לך ולזרעך אחריך את ארץ מגוריך. פאַרשפרייטען אמונה, אָבער נישט זיין פאַרשפרייט, נאָר פאַרקערט, זיין איינגעוואָרצעלט אין ארץ ישראל. ס'איז פאַראַן אַ פאַרבינדונג צווישען ונתתיך לגויים און צווישען ונתתי לך וכו' את ארץ מגוריך. און ס'איז פאַראַן אַן ענגע שייכות צווישען זיי ביידע און צווישען והייתי להם לאלוקים, פונקט ווי פריער צווישען קום התהלך בארץ און צווישען התהלך לפני והיה תמים.

### דער נסיון פון וואַנדערן

ווען מיר פאַרטראַכטען זיך וועגען דער באַציאונג צווישען מענשען אין זיין געבוירען־אָרט, אין זיין סביבה, סיי דעמאָלט, אין אברהמ'ס צייטען, און סיי היינט, פאַרשטייען מיר בעסער דעם נסיון פון לך לך — און אַז נישט יעדער איז אַן אברהם ער זאָל אים קענען ביישטיין.

אין יענער תקופה איז דער מענש געווען ענג פאַרקניפּט אין משפחה און אין שבט, אומפאַרגלייכליך מער ווי אין די היינטיגע צייטען. די סאָציאַלע סטרוקטור איז געווען אַ פּאַטריאַרכאַלע. דער מענש האָט זיך גערעכענט אויף אַזוי פיל וויפיל ער איז געווען אַ גליד פון פאַמיליע. דער יחיד איז געווען ניט מער ווי אַ חלק פונ'ם קאָלעקטיוו. ער איז געווען ענג אַריינגעפּאַסט, ווי אַ ציגעל, אין געזעלשאַפטליכען געבוי.

אַליין, אָן אָנשפּאַר אין משפחה, אָן שטיצע פונ'ם פּאַטריאַרך־סיסטעם האָט דער יחיד זיך געפילט פאַרלוירען. ער איז געוועז פאַרלוירען.

דער מענש איז דעמאָלט אויך געווען באַהאַפטען צו דעם באָדען, צו זיין באָדען. ווי די פלאַנץ, ווי דאָס ביימעל. אַרויסגעריסען פון זיין באָדען

— איז ער געווען אַן אָפּגעריסענע צווייג, איז ער געווען פאַר׳משפּט פאַרדאַרט און פאַרוועלקט צו ווערען.

אוודאי זיינען געווען וואַנדערער — אָבער בציבור. געוויס זיינען געווען נאָמאַדען — אָבער קאָלעקטיוו. אויך פיל שפּעטערדיגע וואַנדערונגען זיינען געווען „פעלקער־וואַנדערונגען".

איינער אַליין האָט מען זיך נישט געלאָזט „אין דער גרויסער וועלט אַריין" — וועלכע איז סך־הכל געווען אַ גאַנץ קליינע, לויט אונזערע היינטיגע באַגריפען. ביחידות האָט מען נישט „געפּראַוועט קיין גלות"... „אַרויסלאָזען זיך אויף דער וועלט" איז געווען אַן ענין פאַר אַוואַנטוריסטען, פאַר הפקר־מענשען, אַן אויסנאַם־דערשיינונג.

אברהם גופא איז נישט געווען פון די נאָמאַדען. ער איז געווען איינ־געוואָרצעלט אין אַן אַנטוויקעלט לאַנד. איינגעגלידערט אין דער רייכער ציוויליזאַציע פון אור כשדים.

באמת איז דאָס איבערפלאַנצען זיך נישט געווען, און איז נישט, לייכט פאַר קיין ש ו ם מענש און אין קיין ש ו ם צייט.

דער מענש איז בטבע נישט קיין וואַנדער־פויגעל. ער איז, לויט פּלאַטאָ׳ס באַצייכענונג, „אַ געזעלשאַפטליך באַשעפעניש". איינגעוואָרצעלט אין זיין געבוירען־אָרט, אין זיין יוגענט־שטאָט; אין משפחה, פריינט, באַקאַנטע. ער איז איינגעבירגערט אין זיין שטאָט, אַריינגעפּאַסט אין סביבה און קלימאַט.

ווען אַ מענש, וואָס איז נישט געבוירען געוואָרען אין דעם אָרט, וואו ער לעבט איצט, נאָר האָט זיך „געסעטעלט" דאָרט, באַזעצט זיך, אַקלימאַטי־זירט זיך עקאָנאָמיש און זעליש, געזעלשאַפטליך און גייסטיג — איז אויך נישט לייכט פאַר אים זיך אַרויסצורייסען און אַנהויבען בויען אַ לעבען אויפ־סניי, אין אַן אַנדער אָרט — מעג דאָס אָרט זיין — ווי ביי אברהם אָבינו דעמאָלט, און ווי היינט — ארץ ישראל.

אברהם אָבינו איז דאָך געווען דער פאַרשפּרייטער פון אמונה, דורך חסד. דאָס הייסט, ער האָט געמאַכט אויפלייכטען דעם גלויבען אין ג־ט דורך טאָן גוטס צו מענשען. און ער האָט מצליח געווען אין זיין אויסשטראַלונג. ואת הנפש אשר עשו בחרן, ער האָט געמאַכט נפשות פאַר אמונה אין חרן. האָט ער דאָך דערפילט אַ גאַר וויכטיגע שליחות דאָרט, וואו ער איז געווען — איינגעפלאַנצט אמונה אין אַ סדום־„ציוויליזאַציע", אין אַן עבודה־זרה־וועלט.

וואָלט דאָך געווען די סברה, אַז ער זאָל בלייבען דאָרט, וואו ער איז — ווער דען וועט פאַרשפּרייטען אמונה אין אור כשדים און אין חרן ווען

אברהם וועט עולה זיין קיין ארץ ישראל? פונדעסטוועגען האט השי״ת אים דאָך געבאָטען:

לך לך...

דער ערשטער לימוד איז צו פאַרשטיין פשוט׳ע אידען; דער צווייטער — אָפּצופרעגען תירוצים פון מנהיגים, אַז מען מוז בלייבען אויפ׳ן אָרט, כדי צו פאַרשפרייטען — וואָס איינער זאָל דאָ נישט פאַרשפרייטען...

אַקעגען פירפאַכען מאַנגעל — אַ פירפאַכע ברכה

ואעשך לגוי גדול, ואברכך, ואגדלה שמך, והיה ברכה — „און איך וועל דיך מאַכען פאַר אַ גרויס פאָלק, און איך וועל דיך בענשען, און גרויסען דיין נאָמען, און וועסט זיין אַ ברכה״ (י״ב, ב׳).

מיר האָבען דאָ אַ פירפאַכיגע ברכה: איינס, אַ גרויס פאָלק; צוויי, אַ געבענשט פאָלק; דריי, אַ גרויסער נאָמען; פיר, דאָס זיין אַ ברכה.

די דאָזיגע פיר ברכות זיינען, כדי צו פאַרריכטען די פיר געפאַרען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט לך לך, מיט וואַנדערן.

א) אַקעגען דער סכנה פון היימלאָזיגקייט, איז געקומען די הבטחה פון ווערען „אַ גרויס פאָלק״ אין אַן אייגען היימלאַנד, אַ פאָלק מיט גרויסקייט, ואעשך לגוי גדול.

ב) אַקעגען דער געפאַר פון נויט, צוריקגעשטאַנענקייט, וואָס איז פאַרבונדען מיט וואַגלעניש, איז געקומען די ברכה פון ואברכך, וועסט זיין אַ געבענשט פאָלק, מיט וואוילשטאַנד. ואברכך בממון.

ג) אַקעגען דער מעגליכקייט פון פאַרזונקען ווערען אין דער פרעמד — אין אַנאָנימיטעט, נאָמענלאָזיגקייט, און ווערען בני בלי שם, איז געקומען דער צוזאָג: ואגדלה שמך — „איך וועל גרויס מאַכען דיין נאָמען״. אַ מענשענ׳ס נאָמען, אַ גוטער נאָמען, איז אַ ווערטפול באַזיץ, אַ גרויס פאַרמעגען.

עס רעדט זיך דאָ וועגען אַ גרויס פאָלק, וועגען אַ גרויסען נאָמען, אָבער דאָס איז גרויסקייט פון אַ גאַנץ אַנדערן סאָרט.

די תורה טייטשט אַליין אויס שפּעטער, ביים סוף, וואָס עס מיינט גרויסקייט לויט יהדות־באַגריפען.

מי גוי גדול? — „ווער איז אַ גרויס פאָלק?״ פרעגט דער פסוק. און דער ענטפער איז: אשר אלוקים קרובים אליו — „וואָס ג־ט איז אים נאָענט״.

דאָס איז דער סימן פון גרויסקייט, לויט דער תורה.

אידישע גרויסקייט, גרויסקייט פון אידען, מעסט זיך נישט מיט

טעריטאָריע, מיט ברייטען שטח פון לאַנד, און נישט מיט רייכטום, און אויך נישט מיט אַ שטאַרקער אַרמיי, נאָר מיט ג־ט־נאָענטקייט.

ד) אַקעגען דער מעגליכקייט פון זיין אַ שעדיגער פאַר אַנדערע — וואָס דאָס איז אויך אַ קללה פאַר דעם שעדיגער גופא — קומט די הבטחה, אַז טראָץ דעם, וואָס וועסט זיין גרויס און באַרימט, געבענשט און מעכטיג — טראָץ דעם אַלעמען, וועלען אַנדערע פעלקער נישט ליידען פון דיר. פאַר־קערט, דו וועסט ז י י ן אַ ברכה — אויך פאַר אַנדערע.

פעלקער, וואָס ווערען מעכטיג און גרויס, ווערען אָפט אַ קללה פאַר אַנדערע, אַ קללה פאַר דער מענשהייט — ווי דייטשלאַנד! האָט מען נאָך די אַלע ברכות געדאַרפט אַ באַזונדערע ברכה, אַ מין „פאַרזיכערונג" („אינשורענס"), אַז די ברכות זאָלען נישט זיין קיין קללות פאַר אַנדערע, נאָר — והיה ברכה, וועסט זיין אַ ברכה פאַר דער מענשהייט.

מיר זעען עס היינט, אין אונזער געבענשטער אַמעריקע. אַ געבענשט לאַנד, אָבער די ברכה איז נישט קיין רעה פאַר אַנדערע. די מאַכט ווערט נישט באַנוצט צו פאַרכאַפּען אַנדערע לענדער. דער כוח איז נישט צו באַ־הערשען אַנדערע פעלקער. פאַרקערט, אַמעריקע'ס מאַכט ווערט אָנגעווענדעט צו העלפען אַנדערע. צו פאַרטיידיגען די פרייהייט פון אַנדערע פעלקער, די פרייהייט פון דער וועלט. ווי וואָלט היינט אויסגעזען די וועלט אָן אַמעריקע?...

פונ'ם רייכטום פון אַמעריקע ווערט געשפּייזט אַ וועלט אַ גאַנצע. פון איר שפע געניסען פעלקער, נאָענטע און ווייטע. וויפיל הילף, וויפיל צדקה, גייט אַרויס פון אָט דער אַמעריקע!

דאָס מיינט: ו ה י ה ב ר כ ה, דו וועסט זיין נישט בלויז געבענשט, נאָר אַ ברכה אויך פאַר אַנדערע.

אויך ישראל, אין אַ קלענערן מאַסשטאַב — און מיט אומפאַרגלייכליך קלענערע מיטלען — העלפט שוין היינט אַנדערע פעלקער, — די נייע און צוריקגעשטאַנענע מדינות, — מיט איר דערפאַרונג, מיט איר טעכנישען וויסען, און נאָך מער, מיט'ן אייגענעם מוסטער.

דאָס איז די ברכה פון ז י י ן אַ ברכה, והיה ברכה.

אברהם געווינט רעספּעקט ווען ער געווינט מלחמה

**לאמיר** גרינטליך לערנען אַ פּסוק, וועלכער איז גאָר צייטליך אין די איצטיגע טעג.

וישמע אברם כי נשבה אחיו, וירק את חניכיו ילידי ביתו... וירדוף

עד דן... ויכם וירדפם עד חובה — „און געהערט האָט אַברם, אַז געפאַנגען געוואָרען איז זיין אייגענער, האָט ער אַרויסגערופען זיינע דערצויגענע געבוירענע אין זיין הויז... און ער האָט נאָכגעיאָגט ביז דן... און ער האָט זיי געשלאָגען און זיי נאָכגעיאָגט ביז חובה" (י"ד, י"ד-ט"ו).

דאָס איז געווען די ערשטע מלחמה, וועגען וועלכער מיר הערען אין דער תורה. און וואָס איז געווען דער רעזולטאַט? און וואָס איז געווען דער לימוד פון אַט דעם ערשטען פאַרמעסט?

ויצא מלך סדום לקראתו אחרי שובו מהכות את כדרלעומר... ומלכי צדק מלך שלם, הוציא לחם ויין — „און דער מלך פון סדום איז אים אַנטקעגען געגאַנגען, נאָך דעם ווי ער האָט זיך אומגעקערט פון שלאָגען כדרלעומר'ן... און מלכי צדק, דער מלך פון שלם, האָט אַרויסגעטראָגען ברויט און וויין".

ויברכהו — „און ער (מלכי צדק) האָט אים (אברהמ'ען) געבענשט".

וואָס זעען מיר דאָ? אברהם אָבינו האָט געטאָן חסד צו אַלע מענשען. ער האָט געהאָלפען, גוטס געטאָן, אַנגעזעטיגט הונגעריגע; ער האָט מתפלל געווען פאַר אַלע, אפילו פאַר סדום, — פונדעסטוועגען געפינען מיר נישט אין ערגעץ מען זאָל אים האָבען אָפּגעגעבען כבוד. קיינער האָט אים נישט אויפגענומען מיט „ברויט און וויין". קיינער האָט אים נישט געבענשט.

ווען איז מען אברהמ'ען אַנטקעגען געגאַנגען מיט גרויס פּאַראַד, מיט „באַגריסונגען" און ברכות?

אחרי שובו מהכות את כדרלעומר! — „נאָך זיין אומקערן זיך פון שלאָגען כדרלעומר'ן!" — נישט פריער.

ערשט דעמאָלט איז אים אַנטקעגען געגאַנגען נישט בלויז דער מלך פון סדום, נאָר אפילו דער „מלכי צדק".

ערשט ווען אברהם האָט געוויזען נישט בלויז זיין גוט האַרץ, נאָר אויך זיין האַרטע פויסט — אין פאַרטיידיגונג פון גערעכטיגקייט, פון געפאַנגענע קרובים, כי נשבה אָחיו — ערשט דעמאָלט האָבען אים אָפּגעגעבן כבוד דער מלך סדום און דער מלכי צדק.

און איז דאָך אברהם שוין פריער געבענשט געוואָרען: ונברכו בך כל משפחות האדמה — אָבער ווען איז די ברכה מקויים געוואָרען? אחרי הכותו את כדרלעומר!

### מענש און צייט — גלות און גאולה

(פון א שיעור פון הגאון הרב יצחק הוטנער שליט״א)

מיר לייענען וועגען ערשטען גלות, ווי ג־ט זאָגט צו אברהמ׳ען: ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה — ״און מען וועט זיי פאַרקנעכטען און פייניגען פיר הונדערט יאָר״ (בראשית ט״ו, י״ג). דאַן שטייט: ודור רביעי ישובו הנה — ״און דער פערטער דור וועט זיך אומקערן אַהער״ (ט״ו, ט״ז).

פרעגט זיך: פאַרוואָס ביי ״עבדום״ שטייט ״ארבע מאות שנה״ און ביי ״ישובו״ — ״דור רביעי״? מיט אַנדערע ווערטער: פאַרוואָס ביי גלות רעדט זיך וועגען יאָרען און ביי גאולה וועגען מענשען?

דער ווילנער גאון זצ״ל זאָגט, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל די קלקולים זיינען אין זמן און די תיקונים זיינען אין מענשען. דעריבער ווערט גלות, וואָס איז קלקול, גערעכענט אין יאָרען: און גאולה, וואָס איז דאָך תיקון, ווערט געציילט אין דורות.

אָבער פאַרוואָס איז עס טאַקע אַזוי?

דער מקור פונ׳ם ווילנער גאונ׳ס געדאַנק איז דער: דעם מענשענ׳ס פליכטען זיינען אַנטהאַלטען אין די תרי״ג מצוות. די דאָזיגע מצוות טיילען זיך אויף שס״ה (365) לאווי׳ן, פאַרבאָטען, נישט צו טאָן; און רמ״ח (248) עשה׳ס, געבאָטען יאָ צו טאָן. די שס״ה לאווי׳ן זיינען אַקעגען די 365 טעג פונ׳ם יאָר, און די רמ״ח עשה׳ס זיינען אַקעגען די רמ״ח אברים אין מענשען. קומט אויס, אַז די לאווי׳ן, די קלקולים, הענגען אין צייט, און די עשה׳ס, די תיקונים — אין מענשען.

זאָגען די חז״ל, אַז דער יצר הרע באַנייט זיך יעדען טאָג, און ווען הקב״ה זאָל נישט העלפען דעם מענשען, וואָלט ער אים נישט געקענט בייקומען.

זעען מיר דאָ, אַז דאָס, וואָס דער מענש קען זיך אַליין נישט קיין עצה געבען מיט׳ן יצר הרע, איז דערפאַר, ווייל דער יצר הרע באַנייט זיך יעדען טאָג. דאָס הייסט, דער יצר הרע ווערט געשטאַרקט דורכ׳ן עלעמענט פון צייט. און דאָס איז זיין באַזונדערער כוח, וואָס פאַרמעסט זיך מיט׳ן מענשען. פאַרוואָס?

מיר לערנען אין דער סדרה ואתחנן די פאַרבאָטען פאַר אַלערליי מינים עבודה זרה׳ס: פן תשחיתון ועשיתם וגו׳, און דאַן גייט אַ לאַנגע רייע פון די פאַרשידענע עבודה זרה׳ס. אָבער אינמיטען הערען מיר אַזאַ וואָרענונג:

ופן תשא עיניך השמימה וראית את השמש ואת הירח ואת הכוכבים, וכל צבא השמים ונדחת והשתחוית להם — ״און טאָמער וועסטו אויפהייבען

דיינע אויגען צום הימעל און ווען זעסט זען די זון און די לבנה און די שטערן, דעם גאַנצען חיל פון הימעל, זאָלסטו נישט פ אַ ר ש ט ו י ס ע ן ווערען און זיך בוקען צו זיי" (ואתחנן ד׳, י"ט).

פרעגט זיך: פאַרוואָס ווערט ביי אַלערליי עבודה זרה׳ס געוואָרענט סתם, און ביי דער זון און לבנה ווערט געזאָגט ו נ ד ח ת, "און ווען פאַר־שטויסען ווערען"? דער "ונדחת" טיילט אויס די זון און לבנה און שטערן אַלס אַ ב אַ ז ו נ ד ע ר ע קאַטעגאָריע פון עבודה זרה. פאַרוואָס?

דעם ענטפער געפינען מיר שוין אין דער ערשטער פרשה פון חומש, אין בראשית. מיר לערנען:

ויאמר אלוקים, יהיה מאורות... והיו לאותות ולמועדים, ולימים ושנים — "האָט ג־ט געזאָגט: זאָלען ווערען ליכטער... און זיי זאָלען זיין פאַר צייכענס און פאַר צייטען, און פאַר טעג און יאָרען" (בראשית א׳, י"ד).

און דאַן: את המאור הגדול ל מ מ ש ל ת היום, ואת המאור הקטן ל מ מ ש ל ת הלילה... ולמשול ביום ובלילה — "דאָס גרעסערע ליכט פאַר דער געוועלטיגונג פון טאָג און דאָס קלענערע ליכט פאַר דער געוועלטיגונג פון דער נאַכט... און צו געוועלטיגן איבער׳ן טאָג און איבער דער נאַכט" (א׳, ט"ז, י"ח).

מיר ווייסען, אַז דעם מענשען איז געגעבען געוואָרען, ביים באַשאַפען מ מ ש ל ה. ווי מיר לערנען: נעשה אדם... ו י ר ד ו — "און זיי זאָלען געוועלטיגען" (א׳, כ"ו). ווי דוד המלך האָט געזאָגט: ת מ ש י ל ה ו במעשי ידיך, כל שתה תחת רגליו — "דו מאַכסט אים ג ע ו ו ע ל ט י ג ע ן איבער די ווערק פון דיינע הענט, אַלצדינג האָסטו געלייגט אונטער זיינע פיס" (תהלים ח׳, ז׳). אָבער אין דער זעלבער ערשטער פרשה פון בראשית לערנען מיר וועגען נאָך אַנדערע באַשאַפונגען, וואָס אויך זיי איז געגעבען געוואָרען מ מ ש ל ה , נעמליך: די זון און די לבנה, לממשלת היום און לממשלת הלילה.

אויף זיי זאָגען מיר:

טובים מאורות... יצרם ב ד ע ת... כוח וגבורה נתן בהם להיות מ ו ש ל י ם בקרב תבל — "ג־ט האָט זיי באַשאַפען מיט ד ע ת... צו זיין ה ע ר ש ע ר צווישען דער וועלט".

זעען מיר ווי נישט בלויז וואָס די מאורות זיינען אַרויסגענומען געוואָרען פון דעם מענשען׳ס ממשלה, נאָר עס איז זיי, די מאורות, געגעבען געוואָרען ממשלה און, וואָס ס׳איז נישט ווייניגער מערקווירדיג, ד ע ת , אַן אייגענשאַפט וואָס געוויינליך האַלט מען עס פאַר׳ן מאָנאָפּאָל פונ׳ם מענשען.

דאָ ליגט דער אונטערשייד צווישען עבודה זרה לגבי אַנדערע אָביעקטען, צי נבראים, און צווישען עבודה זרה לגבי די מאורות. ביי די אַנדערע נבראים ביזטו זיך מכניע פאַר די, וואָס דאַרפען זיך מכניע זיין צו דיר. וואָרים עס איז דאָך דעם מענשען געגעבען געוואָרען ממשלה איבער זיי; תמשילהו במעשי ידיך, כל שתה תחת רגליו. אָבער עבודה זרה צו די מאורות איז אַ גאַנץ אַנדערער ענין. ווייל איבער זיי האָסטו נישט קיין ממשלה; זיי באַזיצען ממשלה. דעריבער ווען דו דינסט צו זיי, איז „ונדחת", ווערסטו פאַרשטויסען פון דיין ממשלה צו זייערער; נידערסטו אַראָפּ פון דעם טראָן פון דיין האַרישקייט און ווערסט פאַרשטויסען אין קנעכטשאַפט צו זייער געוועלטיגען. דו ווערסט אַ שקלאַף פון צ י י ט , וואָס מעסט זיך מיט די מאורות.

דאָס מיינט דער רמב"ם ווען ער זעט אין דינען צו שמש וכוכבים דעם שורש פון עבודה זרה ב כ ל ל (הלכות עבודת כוכבים, הלכה א'). דאָס איז דער טעם פאַרוואָס די חז"ל רופען אָן עובדי עבודה זרה בכלל „עכו"ם", וואָס דאָס איז די ראשי תיבות פון „עובדי כוכבים ומזלות".

וואָרים זיי זיינען שולט איבער צ י י ט . צייט, ווידער, טיילט זיך אויף פאַרגאַנגענהייט, געגענוואַרט און צוקונפט, עבר, הווה, עתיד. פון זיי אַלע באַזיצט דעם שטאַרקסטען כוח פון השפעה אויפ'ן מענשען — דער ה ו ו ה . ווייל עבר און עתיד זיינען אין רו־צושטאַנד, בעת הווה איז צייט אין באַוועגונג, אין טאַט, אין פעולה, צייט אין אַקציע.

תורה, איז אין אַלע צייטען, אין אַלע באַדינגונגען און אין יעדען נפש. איז געוועגדט אויף וויפיל די צייט אין פעולה, ד.ה. דער הווה, איז משפיע אויפ'ן מענשען. דאָס איז, ווידער, אָפּהענגיג דערפון, אויף וויפיל דער עולם עובר, דאָס פאַרגענגליכע, איז אַ המשך פון עולם קיים, פונ'ם אייביגען.

איז איצט פאַרשטענדליך פאַרוואָס דאָס אונטערוואַרפען זיך צו דער עבודה זרה פון צייט איז גורם צו ונדחת, צו פאַרשטויסעניש. דער ונדחת איז, נעמליך, אַ רעזולטאַט פון דער ממשלה, וואָס ליגט און וואַרצעלט אין צייט, ווייל צייט ווערט געמאָסטען מיט מאורות.

דאָס מיינט „יצרו של אדם מ ת ח ד ש עליו בכל יום": אַחוץ דעם איבערערדען פונ'ם רייץ פונ'ם יצר, פאַרמאָגט נאָך דער יצר „התחדשות", וואָס קומט פון „צייט אין אַקציע", פונ'ם הווה, וועלכער איז זמן אין פעולה.

דאָ קען שוין דער מענש אַליין נישט ביישטיין. ווייל, ערשטענס, זיינען די מאורות, וואָס זענען צ י י ט , אַרויסגענומען פון זיין שליטה. צווייטענס, באַזיצען זיי אַליין ממשלה. דריטענס, יצרם בדעת, זיי פאַרמאָגען דעם אַטריבוט, וואָס איז געגעבען געוואָרען בלויז דעם מענשען: דעת, יצרם בדעת.

דעריבער זיינען די שס״ה לאוו׳ן אַקעגען די 365 טעג פון ימות החמה. וואָרים לאַוו׳ן זיינען אַקעגען קלקולים, און די קלקולים זיינען ווי געזאָגט, אין ז מ ן , און צייט.

די תיקונים, אָבער זיינען אין מ ע נ ש . דעריבער זיינען די רמ״ח מצוות עשה אַקעגען זיינע רמ״ח אברים. דער מענש קען דורך מקיים זיין מצוות, דורך עשה, ברענגען די תיקונים, כדי צו פאַרריכטען די קלקולים פונ׳ם זמן.

די עונשין, ווידער, קומען צוליב עובר זיין אויף לאַוו׳ן, — און ג ל ו ת איז עונש. דער שכר קומט פאַר מקיים זיין מצוות עשה, — און שכר איז ג א ו ל ה .

אַזוי זיינען פאַרקניפּט אין צוויי פּאַראַלעלע „משולשים״ זמן־לאו־קלקול און אָדם־עשה־תיקון. דער ערשטער משולש אַנטהאַלט גלות; דער צווייטער — גאולה.

ראש השנה איז אַ מיזוג פון זמן און מענש. דאָס איז דער אָנהויב פונ׳ם י אָ ר און דער אָנהויב פונ׳ם מ ע נ ש . וואָרים דער ערשטער טאָג פון יאָר איז אויך דער טאָג פון מענש־באַשאַף: זה היום תחילת מעשיך.

איז עס סיי דער ראשון פון די שס״ה י מ י ם , וואָס זיינען אַקעגען די שס״ה לאַוו׳ן, און סיי דער ראשון צו די רמ״ח אברים פון מ ע נ ש ע ן , וואָס איז אַקעגען די רמ״ח עשה׳ס.

דער משפט אין ראש השנה איז צווישען שכר ועונש: אויף דער וואָגשאָל ווערען געוואויגען די קלקולים, וואָס זיינען אין זמן, אַקעגען די תיקונים, וואָס זיינען אין מענשען.

די תיקונים זיינען אין מענשען׳ס נישט־לאָזען זיך באַהערשען פון דער צייט, פון דער התחדשות פונ׳ם יצר — וואָס דערצו דאַרף מען סייעתא דשמיא — נאָר אויסנוצען צייט פאַר תורה און מצוות. דאָס איז דער שטענדיגער געראַנגעל פון ממשלה געגען ממשלה, פון ממשלת ה אָ ד ם געגען ממשלת ה מ א ו ר ו ת . דער מענש האָט באַהערשט רוים, אָבער נישט צייט; זאָל צייט א י ם נישט באַהערשען...

איצט איז שוין פאַרשטענדליך פאַרוואָס ווען מען רעדט וועגען ג ל ו ת — ועבדום וענו אותם — איז דער מעסטער צ י י ט: ארבע מאות ש נ ה; אָבער ווען עס ווערט צוגעזאָגט ג א ו ל ה , רעדט זיך וועגען מ ע נ ש: ודור רביעי ישובו הנה.

ווייל גלות איז עונש פאַר קלקולים, וואָס זיינען אָפּהענגיג פון ז מ ן, בעת גאולה איז שכר פאַר תיקונים, וואָס עס פאַרריכט דער מ ע נ ש. איז די הבטחה ווי געזאָגט, ודור רביעי ישובו הנה.

# וַיֵּרָא

דער איד באַווייזט זיך צו דער וועלט

**וירא** איז די סדרה, וואו ג־ט באַווייזט זיך צום אִ י ד; וירא אליו ה׳. אָבער וירא איז אויך די סדרה, וואו דער איד באַווייזט זיך צו דער וועלט.

און ווי אַזוי באַווייזט זיך דער ערשטער איד צו דער וועלט? דורך חסד.

אַ גרויסע סדרה הייטיגען שבת. די ראש השנה׳דיגע קריאות. די פרשה פון דער עקדה. און פאַר דעם, וואָס עס פּאַסירט אַלץ אין וירא! די בשורה פון יצחק׳ס געבוירען ווערען, — פון ערשטען אידישען קינד צום ערשטען אידישען פאָטער. און דאַן דאָס געבוירען ווערען גופא. און די שוועריגקייטען מיט חינוך — שוין דעמאָלט. אין אַ סדום־וועלט, אין ישמעאל׳ס שפּילערייען (מצחק, לויט רש״י׳ן). און אינצווישען ווערט דערוויל, סדום איבערגעקערט, א י י ד ע ר יצחק ווערט געבוירען! (ווייזט אויס, אַגב אַז יצחק האָט נישט געקענט געבוירען ווערען אין אַ וועלט פון סדום — יצחק א ו ן סדום אין א י י ן וועלט?!) און דאַן אברהמ׳ס נסיעה צום נגב. דער צוזאַמענשטויס מיט אבימלכ׳ן. אָט די אַלע פּאַסירונגען זיינען דאָך וועלט־היסטאָרישע. דאָס זיינען דאָך י ס ו ד ו ת. פונדאַמענטען פון אידישען פאָלק־ווערען. דאָס איז מעשה בראשית פון בריאת האומה הישראלית.

און וואָס איז דער בראשית פון אָט ד ע ם בראשית פון אידישען פאָלק? וואָס איז דער אַריינפיר צו אָט די געשיכטליכע פּאַסירונגען?

וואָלט מען געמעגט דערוואַרטען, אַז דער אַריינפיר צו אַזעלכע וויכטיגע פּאַסירונגען זאָל זיין עפּעס אַ וועלט־אויפטרייסלענדיגע געשעעניש. וואָלט מען דאָך געקענט אָננעמען, אַז די הקדמה דאַרף דאָ זיין עפּעס אַ טיפזיניגע באַטראַכטונג, גאָר הויכע אידייען, פאַרכאַפּענדיגע פילאָזאָפישע געדאַנקען. פונדעסטוועגען — וואָס זעען מיר?

ווען עס הויבט זיך אויף דער פאַרהאַנג פון געשיכטע און אויף דער וועלט־אַרענע באַווייזט זיך דער ע ר ש ט ע ר איד, זעען מיר אים ווי ער זיצט אַ מידער „ביים טירל פון זיין געצעלט", והוא יושב פתח האהל „אין דער היץ פון טאָג", כחום היום — און וואַרט אויף מענשען, כדי זיי צו העלפען, כדי גוטס צו טאָן, כדי אויפצונעמען מידע וואַנדערער.

יאָ, ביים וויגעלע פון אידישען פאָלק־געבוירען, פונקט ווי שפעטער, ביים אידישען מלכות־אויפקום (רות), הערען מיר נישט קיין שאַלען פון מלחמות, נאָר מיר זעען, מיר פילן, מיר לעבען־איבער — חסד.

### דאָס צווייערליי זעען פון אברהם אָבינו

וישא עיניו וירא והנה שלשה אנשים נצבים עליו, וירא וירץ לקראתם מפתח האהל — „און ער האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען און האָט דערזען, ערשט דריי מענער שטייען פאַר אים; און ער האָט געזען און ער איז געלאָפען זיי אַנטקעגען פונ'ם איינגאַנג פונ'ם געצעלט" (י"ח, ב').

צוויי מאָל שטייט דאָ: „וירא", „און ער האָט געזען" — אין איין פסוק. פאַרוואָס?

עס וועט אונז נאָך אויסקומען אין די ווייטערדיגע סדרות זיך צו פאַרטראַכטען אויף דעם ענין „זען", אויף די פאַרשידענע סאָרטען פון זען. דאָ ווילען מיר בלויז אָנווייזען, אַז אברהם אָבינו האָט געזען מיט אַ ד אָ פ ע ל ט ע ר זעאונג.

ווען עס קומט עפּעס אונטער דעם מענשען כאַפּט ער עס אויף מיט'ן ע ר ש ט ע ן בליק וו אָ ס עס איז דאָס, וואָס עס דערשיינט פאַר זיין ראיה. דאָס איז ווי דער שיקול ראשון, די ערשטע רעאַקציע אויף אַ דערשיינונג. דאָס קומט ספּאָנטאַניש, פון דער אינטואיציע. דאָס איז ווי דער ערשטער געדאַנקען־בליק, וואָס גיט אַ לייכט־אויף אין מוח.

דאַן קומט דאָס באַטראַכטען. דאָס זיך מתבונן זיין. די קאָנטעמפּלאַ־טיווע אָבסערוואַציע. ווען דער מענש קוקט זיך צו נענטער: וואָס איז דאָס? וואָס דערשיינט פאַר מיינע אויגען? וואָס מיינט עס?

דאָס איז דער „שיקול שני" פון דער ראיה. דאָס אָנקוקען מיט ישוב הדעת, מיט'ן אינערליכען בליק. דאָס באַטראַכטען מיט די אויגען פון גייסט. דאָס אָבסערווירען מיט דער אינערליכער „ראיה" פונ'ם פאַר־שטאַנד. ווי די גמרא דריקט אויס „נראה לי", אָדער „לא נראה לי", „עס זעט מיר אויס", אָדער „עס זעט מיר נישט אויס". אָדער ווי: ר ו א ה

אני את דברי אדמון — „איך זע די מיינונג פון אדמונ׳עז״. דאס מיינט, דאס שכל׳דיגע „זען״. ווי אין ענגליש: איך זע אייער „פאינט״.

איצט לאמיר לערנען דעם דאזיגען פסוק חומש ווארט ביי ווארט — ווי מען דארף לערנען חומש:

וישא עיניו — „און ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען״. אברהם האט לכתחילה דערהויבען זיין בליק. ביי געוויינליכע מענשען איז דער ערשטער בליק א געכאפטער, אן אויבערפלעכליכער. ערשט דער צווייטער בליק קען זיין א שכל׳דיגער. ביי אברהמ׳ען, אבער, איז באלד דער ערשטער בליק געווען א העכערער און א טיפערער.

ווייל וואס האט ער געזען מיט׳ן ערשטען וירא?

והנה שלשה אנשים נצבים עליו. „אנשים״ מיינט א העכערער סארט פון מענשען, חשוב׳ע מענשען, ווי עס ווערט געבראכט אין תנ״ך און אויסגעטייטשט אין די מפרשים. „נצבים״ מיינט נישט סתם שטיין, נאר אויפגעשטעלט, מיט ווירדע און כבוד, ווי אין אתם נצבים היום לפני ה׳ אלוקיכם. „נצבים עליו״ — אברהם האט נישט אראפ־געקוקט אויף זיי, מיט גרינגשעצונג, נאר האט ארויפ־געקוקט צו זיי, ווי צו חשוב׳ע, בכבוד׳ע געסט, ער האט זיי געזען איבער זיך, נצבים עליו.

דאס איז געווען אברהמ׳ס ערשטער בליק, דער מאמענטאנער בליק, דער שיקול ראשון פון זען, אן אבסערווירען, אן זיך אריינקוקען און באטראכטען.

מיט אזא קוק האט ער געזען פאר זיך נישט עפעס אורחי־פורחי׳ניקעס, נישט קיין וואגלענדיגע קבצנים, נישט קיין אביונ׳ישע נע־ונד׳ניקעס, נאר חשוב׳ע געסט, וויכטיגע פערזאנען, צו וועלכע ער האט ארויפגעקוקט מיט דרך ארץ, און וועלכע ער האט געזען מיט רעספעקט.

דאס איז געווען אברהמ׳ס צוגאנג קודם כל צו מענשליכער ווירדע אין נויטבאדערפטיגען, צו כבוד האדם אין ארימען וואנדערער — נאך פאר הכנסת אורחים. דאס איז געווען אברהמ׳ס ערשטער בליק.

### דער שנעלער טעמפא פון חסד

און דער צווייטער?

וירץ לקראתם — „און ער איז געלאפען אנטקעגען זיי״. געוויינליך איז לויפען אן אינסטינקטיווער רעפלעקס. אבער ביי אברהמ׳ען איז עס געווען דער רעזולטאט פון שיקול שני, פון צווייטען וירא.

ווען אברהם באַרעכענט זיך, אַז דאָס זיינען פרעמדע, מידע וואַנ־דערער, אויסגעמאַטערטע נע־ונד׳ניקעס „אין דער היץ פונ׳ם טאָג״, כחום היום — און מיר ווייסען ווי הייס עס קען זיין אין יענע מקומות, אין אלוני ממרא — ווערט ער פול מיט יוגענטליכער ענערגיע און — פון די אַלע דערשיינונגען דאָ פון הכנסת אורחים, לאָמיר זיך אָפּשטעלען אויף איינער, אין פלוג אַ זייטיגער ענין, נעמליך: אויפ׳ן טעמפּאָ.

געווען איז עס דאַך אין די אור־צייטען. די וועלט איז נאָך דעמאָלט יונג געווען. מען האָט זיך נישט געאיילט דעמאָלט. מען האָט זיך נישט געיאָגט מיט קיין אויטאָס. מען איז נישט געפלויגען מיט קיין דזשעטס, און אַוודאי נישט מיט „ספעיס קרעפטס״ אַכצען טויזנט מייל אַ שעה. די „קאָמוניקאַציע־מיטלען״ זיינען געווען — קעמלען. אָבער מען איז מער געגאַנגען צופוס אין חומש איידער מען איז געפאָרען. מען האָט געהאַט צייט...

אָבער דאָ, זעט וואָס פאַר אַן איילעניש, וואָס פאַר אַ יאָגעניש! פלוצים הויבט זיך אָן אַ געלויפעריי, אַ גיכקייט, אַ שנעלקייט, אַ טעמפּאָ! נאָר מען לויפט, נאָר מען יאָגט. נעמט אייך נישט אָן קיין קאָפּ־שווינדלעניש ווען איר לייענט:

וירץ לקראתם... וימהר אברהם... ויאמר מהרי... ואל הבקר רץ אברהם... וימהר לעשות אותו...

„און ער איז געלאָפען אַנטקעגען זיי... האָט אברהם געאיילט... און ער האָט געזאָגט צו שרה׳ן: איִיל זיך!... און צו די רינדער איז אברהם געלאָפען... און ער האָט געאיילט צוצוגרייטען די סעודה״...

מיר וועלען זען, אי״ה, איבעראַכטאָגען, אין דער סדרה חיי שרה, די זעלבע דערשיינונג ביי רבקה׳ן, ווען זי איז געלאָפען אַנטריגקען אליעזר׳ס קעמלען און אליעזר׳ן. מיר וועלען אויך זען דאָס זעלבע, בע״ה, שבועות, ווען מיר וועלען לייענען מגילת רות און מיר וועלען אָנטרעפען אַזאַ מין פסוק, וואָס דערציילט נעמי׳ס אָפּשאַצונג פון בועז׳ן — ווען עס קומט צו חסד:

כי לא ישקוט האיש כי אם כילה הדבר היום! — „וואָרים נישט רוען וועט דער מענש ביז ער וועט האָבען פאַרענדיגט די זאַך היינט!״ (רות ג׳, י״ח).

דאָס מיינט, אַז ווען עס קומט צו חסד — און מגילת רות איז

דאָך די מגילה פון חסד — איז ניטאָ ביי בועז'ן, פונקט ווי פריער ביי אברהמ'ען, צי ביי רבקה'ן, קיין אָפּוואַרטען, אָפּלייגען, אָפּשלעפּען. ניין. הייִנט מוז עס געשען! באַלד, שוין! גיך, שנעל!

ווער עס ווייסט ווי דווקא אין אַמעריקע — אין דער תקופה און אין לאַנד פון „טעמפּאָ" — ווי מען ווערט פּאַמעליך, ווי מען האָט צייט: „מאָרגען, איבערמאָרגען, איבעראַכטאָג" — ווען עס קומט צו אַ טובה טאָן, דער קען ערשט אָפּשאַצען די גיכקייט פון יענע פּאַמעליכע צייטען, ווען עס איז געקומען צו חסד. און דער לימוד, וואָס זיי האָבען געלערנט מיט זייער לויפען — איז דאָך תורה, וואָס מען דאַרף לערנען און מקיים זיין.

אָבער חסד איז נישט סתם קיין מידה, וואָס דו פּאַרמאָגסט זי אָדער פּאַרמאָגסט זי נישט. דאָס איז דאָך, ווי מיר האָבען אָנגעוויזען ביים אָנהויב, אַ יסוד פון אידישען פאָלקס־באַשאַפען, פון בראשית האומה. דער יסוד אויף וועלכען די וועלט איז אויפגעבויט, כי אָמרתי עולם חסד יבנה.

וואָרים נישט בלויז „ג־ט האָט זיך באַוויזען צו אים" (צו אברהמ'ען), וירא אליו ה', נאָר אויך דער איד — זיין מהות, זיין כאַראַקטער, זיין אינערליך וועזען — האָט זיך דעמאָלט באַוויזען צו דער וועלט.

אין וואָסער מין וועלט איז עס געווען?

## איד אַקעגען סדום־וועלט

אין אַ נאָך־מבול־וועלט און דור־הפלגה־צומישעניש, אין סדום־רשעות און גרויזאַמקייט פון דעם פּרימיטיווען מענש, באַווייזט זיך דער ערשטער איד, דער פאָטער פון אידען, ווי ער זיצט אין סאַמע ברען פון דער מזרח־היץ ביי דער טיר פון זיין געצעלט, און קוקט אַרויס נאָך אַ מידען וואַנדערער, זיין טיר און זיין האַרץ אָפען, און זיינע הענט אויסגעשטרעקט צו דעם וואַגעלדיגען מענשען:

קום, מידער וואַנדערער, ביי מיר וועסטו געפינען רו, עסען און פריינטליכקייט... קום, רו אויס דיינע מידע פיס פון שווערען וועג... דערקוויק דיין נשמה, לעג אַנידער דיין קאָפּ אונטער דעם פריינטליכען דאַך פון מיין געצעלט...

אַזוי שטייט דער ערשטער איד ביי דער טיר פון זיין געצעלט, ביי דער טיר פון וועלט־געשיכטע, שטייט אַליין העברי, „די גאַנצע וועלט פון איין זייט און ער פון דער צווייטער" (כל העולם מעבר אחד והוא מעבר

אחד), אין אַ וועלט פון ג־טלאָזיגקייט, פון „רק אין יראת אלוקים במקום הזה״; און ער פון דער צווייטער זייט, אַ „זייטיגער״ מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו זיינע מיטמענשען, צו דער אַנדערער זייט, טראָגט אַקעגען ליבשאַפט, רחמים, מענשליכקייט פאַר דעם מענשען.

און לייכט צו די אומוויסענדע, אין עבודה־זרה־זינדיגע, מיט דעם ליכט פון גלויבען, פון אמונה, פון עטישע פרינציפען, פון געטליכער מאָראַל.

שפרייט אויס זיין גוטקייט אויף אַלע, אַלע, אויף גוטע און שלעכטע, גלויביגע און אומגלויביגע; שפרייט אויס זיין אש״ל־געצעלט, אכילה, שתיה, לינה, און זיינע לער־געצעלטען, (ווי די חז״ל זאָגען: לער־מוסדות. סוטה י׳) איבער אַן אומוויסענדער אין טיפסטער פינסטערניש־טינקענדיגער וועלט. זיין רחמנות דערגרייכט אַפילו סדום, דעם מקור און סימבאָל פון רשעות. אויך פאַר זיי בעט ער רחמים. אויך זיי וויל ער ראַטעווען פון פאַרגעלטונג פאַר זייערע זינד.

איד אַקעגען אַ סדום־וועלט.

אָבער די וועלט בלייבט פון יענער זייט. זי קומט ניט אַריבער אויף אברהמ׳ס זייט. זי דערהויבט זיך נישט צו זיינע הויכקייטען.

אומזיסט זוכט אברהם אין סדום צדיקים. אומזיסט באַמיט ער זיך צו ראַטעווען די אומשולדיגע. ניטאָ קיין אומשולדיגע! ניטאָ!

אַלע זענען שולדיג! פונקט ווי דאָס סדום פון אונזער צייט. פונקט ווי דאָס סדום, וועלכעס האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אומפאַרגלייכליך מער אכזריות׳דיג, אומפאַרגלייכליך מער בעסטיאַל, — דאָס סדום־גרמניה.

מיט איין זאַך איז דאָס דייטשע סדום גלייך מיט דעם סדום פון אברהמ׳ען: נישטאָ קיין איין צדיק אין איר! קיין איין גערעכטער, קיין איין אומשולדיגער. „און די מענשען פון דער שטאָט, די מענשען פון סדום האָבען אַרומגערינגעלט דאָס הויז, פון יונג ביז אַלט, דאָס גאַנצע פאָלק פון אַלע עקען, פון אַלע עקן פון אַלע עקסטרעמען״, (ואנשי העיר אנשי סדום נסבו על הבית מנער ועד זקן כל העם מקצה). נסבו על הבית... געמאַכט אַ „בלאָקאַדע״... אַלע: אנשי העיר: די בעלי בתים פון דער שטאָט, די סטאַטעטשנע בירגער... מנער ועד זקן: יונג און אַלט... כל העם: דאָס גאַנצע פאָלק. ווען געוויסע היפער־עטיקער צווישען אונז פרעגען בנוגע די דייטשען: ווי איז עס מעגליך, אַז אַלע זאָלען זיין שולדיג? זעען מיר, אַז ס׳איז מעגליך און מעגליך. כל העם מקצה; מקצה — טייטשען די מפורשים: פון לשון קצינים, עלטסטע, אָנפירער. אַנדערע טייטשען „מקצה״ — פון די עקען,

די עקסטרעמען, אַלע שיכטען פונ׳ם פאָלק, די נידעריגסטע ווי די „העכסטע״, דער פעבעל ווי די אינטעליגענץ, דער המון ווי די „אַריסטאָקראַטיע״, די אונטערוועלט ווי די אינטעלעקטועלע, אַ ל ע, אַ ל ע! נישט געווען קיין צדיקים אין יענעם סדום און נישטאָ קיין גערעכטע אין היינטיגען סדום, אין מערדערישען דייטשען פאָלק. אַלע זענען שולדיג! אַלע זענען מערדער!

ווי איז דאָס מעגליך? ס׳איז מעגליך און מעגליך! מיר האָבען עס נישט בלויז געלערענט אין חומש, נאָר אויך געזען מיט אונזערע אויגען, מיר פון „ד אָ ר ט ע ן״...

אַ ל ע זיינען געווען אייניג אין פאַרברעכן. אַלע זענען געווען סאָלידאַריש. קיין איין שטים פון פראָטעסט איז נישט געהערט געוואָרען! פונקט ווי אין סדום.

אויך דאָרטען זענען געווען „ריכטער״, אויך דאָרטען זענען געווען געזעצען, אַזוי ווי אין היינטיגען סדום. דער מדרש רעכענט אויס די סדומ׳ער שופטים מיט די נעמען: „ארבעה דיינים היו בסדום: שקראי, שקרוראי, וזיפאי ומצלי דינא״. און אויך זיי האָבען גע׳פסק׳ענט לויט סדומ׳ער געזעצען.

צדיקים אין סדום? דאָס איז דער גרעסטער ליגען פונ׳ם יאָרהונדערט!

אָבער אויף סדום פון אונזער צייט איז דערווייל קיין איבערקערעניש נאָך נישט געקומען. פאַרקערט — עס בליט און וואַקסט.

נישט קיין איבערקערעניש איז געקומען אויף סדום פון אונזער דור, און נישט קיין ערד־ציטעריניש איז געשען אין די הערצער פון מענשען, וועלכע האָבען מיט־געלעבט דאָס גרויליכע פאַרברעכען פון סדום־פאָלק.

און ווידער שטייט דאָס אברהם־פאָלק, אַנטקעגען גרויזאַמע פאַרברעכער, אַנטקעגען — סדום.

און ווידער זיינען מ י ר די זייטיגע. נישט אַריינגענומען אין קיין שום בלאָק פון שטאַרקע. סדום אָבער איז נישט איזאָלירט, נישט אָפּגעזונדערט פון דער וועלט ווי אַ מצורע. סדום פון אונזער צייט ווערט אַריינגענומען אין „פיינער געזעלשאַפט״ פון קעמפער פאַר דעמאָקראַטיע אָדער פאַר — „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״. די דאָזיגע קעמפער זענען צעטיילט און צעקריגט צווישען זיך, אָבער ביידע האָבען שלום געמאַכט מיט דעם מערדער־פאָלק, יעדער מיט ז י י ן טייל סדום...

געלערענטע אַרכעאָלאָגען, ספּעציאַליסטען פון אור־אַלטער געשיכטע זוכען שפּורן פון תנ״כ׳ישען סדום. מען גראָבט טיף אין דער ערד פון די געגענטען, וואו די איבערבלייבענישען פון סדום דאַרפען זיך געפינען.

און שוין פאַראַן אַ מחלוקת צווישען די פאַרשידענע אַרכעאָלאָגען. זיי האָבען געפונען נישט איין סדום, נאָר גאַנצע צוויי. די איטאַליענישע אַרכעאָלאָגען ווייזען אָן, אַז זייער סדום איז דער עכטער, און ער געפינט זיך אין עבר־הירדן. דאַגעגען די אַרכעאָלאָגען פון אַמעריקע און ענגלאַנד טענה׳ן, אַז סדום געפינט זיך אין דרום־זייט פונ׳ם ים־המלח. פּראָפעסער ק. אָלברייט, דער באַרימטער אַרכעאָלאָג, האָט אויסגעפונען ערדענע טעפּ פון יענער תקופה און פאַרשידענע אַנדערע איבערבלייבענישען, וועלכע זיינען גוט דערהאַלטען געוואָרען אין דעם זאַלץ און שוועבל (מלח, גפרית) פון סדום־חורבן, פונקט ווי פּאָמפּייע אין דער ליאַווע פון דעם וועזוואויוס־וואולקאַן. אין ישראל פירען וועגווייזער אַמעריקאַנער טוריסטען איבער׳ן נגב און ווייזען אָן אויף לוט׳ס ווייב אַלס זאַלץ־סטאַטוע...

אָבער מיר אַלע וויסען וואו סדום וואו סדום איז, וואו סדום לעבט און בליט ביז׳ן היינטיגען טאָג... וואו דאָס בלוטיגע לאַנד און דאָס מערדערישע פאָלק עקזיסטירט:

אין האַרץ פון אייראָפּע. דאָרט וואו ס׳טרעפען זיך צונויף ביידע „וועלטען״, די מערב׳דיגע און מזרח׳דיגע.

דאָרט וואו ביידע קאָנקורירען וועגען דעם „כבוד״ און — נוצען פון פריינטשאַפט מיט די סדום־אונטערמענשען — די דייטשען, ימ״ש.

מעשה אָבות סימן לבנים: ווידער שטייט אַליין דאָס פאָלק פון אברהם פון איין זייט, און די סדום־וועלט פון דער צווייטער. נישטאָ קיין בריק! פון איין זייט די געטליכע עטיק פון ליבשאַפט צו מענשען, בפרט צו פרעמדע וואָגלענדיגע, געיאָגטע, מידע; פון דער אנדערער — בעסטיאַלישע פאַר־ברעכער, מענשען־האַסער, גרויליכע מערדער.

ווידעראַמאָל — דער איד אַנטקעגען אַ סדום־וועלט.

אַז מ׳דערגרייכט הויכע מדרגות שטייט מען ערשט ביי דער טיר...
(לויט׳ן „שפת אמת״)

**וירא** אליו ה׳, און ג־ט האָט זיך צו אים באַוויזען; והוא יושב פתח האהל, און ער זיצט ביי דער טיר פון זיין געצעלט; כחום היום, אין דער היץ פונ׳ם טאָג.

דער „שפת אמת״, פונ׳ם גערער רבי׳ן האדמו״ר ר׳ ארי׳ לייב אַלטער, זצ״ל, לערנט אַזוי אָט דעם פסוק:

„נאָך דעם ווי אברהם אָבינו האָט זוכה געווען צו אָט דער גרויסער

מדרגה, צו זען ג־ט, זיצט ער ערשט ביי דער טיר. האַלט ער ערשט ביים אַנהויב.

דערויף שטייט: אַשרי שומע לי לשקוד על דלתותי יום יום — „וואויל איז דעם, וואָס הערט זיך צו צו מיר צו זיין שטענדיג ביי מיינע טירען, טאָג־איין, טאָג־אויס". עס איז דאָך קיין שום ספק נישט, אַז דער, וואָס הערט צו השי"ת טאָג־טעגליך, איז זוכה צו אַ סך מדרגות, צו וואונדערליכע אויפשטייגען, ווי ס'שטייט דאָך, אַשרי, וואויל צו דעם מענשען — פונדעסטוועגען זאָל ער וויסען, אַז ער שטייט ערשט ביי דער טיר, ער דאַרף ערשט לשקוד על דלתותי.

דאָס זאָגט דאָ דער פסוק: והוא יושב פתח האהל כחום היום — „און ער זיצט ביי דער טיר פונ'ם געצעלט אין היץ פונ'ם טאָג". נאָך דעם דאָזיגען גרויסען ברען, נאָכ'ן דערהויבענעם התלהבות, וואָס ער האָט איבערגעלעבט דורך דער דאָזיגער זעאונג, דורך וירא אליו ה' — נאָך דעם אַלעמען איז ער ערשט געזעסען ביי דער טיר, והוא יושב פתח האהל, האָט ער קוים געהאַלטען ביים אַנהויב" (אחרי כל ההתלהבות הגדולה שהיתה לו במראה הזאת, אף־על־פי־כן ישב בפתח).

דאָס איז אין איינקלאַנג מיט דעם געדאַנק, וואָס דער „שפת אמת" האָט אַרויסגעבראַכט אין דער פריערדיגער סדרה, אויפ'ן מדרש שמעי בת — והטי אזנך, אַז דאָס דערהערען ג־ט'ס רוף דאַרף זיין אַן אַנהויב. אַן אַרויספאָדערונג („טשאַלענדזש" בלע"ז) אויף זיך צוגרייטען צו דעם גרויסען דערהער. מקבל צו זיין די געטליכע השראה. דאָס איז די גילוי שכינה שבלבבות, די שכינה־אַנטפּלעקונג אין די הערצער, ווי מיר האָבען עס געבראַכט.

ווייטער זאָגט דער „שפת אמת" אין נאָמען פון זיין זיידען, דעם ערשטען גערער רבי'ן, האדמו"ר רבי יצחק מאיר אַלטער, זצ"ל, דעם „חידושי הרי"ם":

כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו — וואָרים איך קען אים, כדי ער זאָל באַפעלען זיינע קינדער און זיין הויז נאָך אים"; ושמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט... — „אַז זיי זאָלען היטען דעם וועג פון ג־ט, צו טאָן רעכט און גערעכטיגקייט"... (י"ח, י"ט).

באמת וואָלט דאָך געדאַרפט שטיין: כי ידעתיו אשר יצוה, איך קען אים, אַז ער וועט הייסען זיינע קינדער — פאַרוואָס למען אשר יצוה, כדי ער זאָל באַפעלען?

זאָגט דערויף דער „שפת אמת": „כי ידעתיו מיינט: איך האָב אין אים אַריינגעגעבען דעת און דביקות, באַהעפטונג צו ג־ט, כדי ער זאָל

האָבען דעם כוח צו געביטען און איבערלאָזען צו אַלע אידישע קינדער נאָך אים דעם דעת ה׳. דער ענין דערפון איז, ווייל די דורות ציען זיך אין איין קייט איינער נאָכ׳ן אַנדערן. די אָבות זיינען די ערשטע אין דער דאָזיגער קייט. דעם ד ע ת פון אידען האָבען די אָבות באַקומען פאַר די ווייטערדיגע דורות, וועלכע זיינען ווי קערפּערס לגבי דער באַשטראַלונג פון די אָבות, וואָס זיינען די נשמות פון אָט די קערפּערס. דעריבער ווערען זיי אָנגערופען אָבות.

„ווערט דאָ געזאָגט, אַז דער תוך און תמצית פון וויסען, דאָס פּנימיות פון דעת, איז געגעבען געוואָרען צו אברהם אָבינו, כי י ד ע ת י ו ; און אָט דער דעת איז דער שורש און דער לעבענס־כוח פון אַלעמען אידישען דערנאָך. דעריבער דאַרף אברהם אַ ל ץ וויסען. דעריבער: המכסה אני מאברהם אשר אני עושה — „וועל איך פאַרדעקען פון אברהמ׳ען וואָס איך טו?״ ווייל דער צדיק דאַרף אַלץ וויסען, און באַזונדערס וועגען דער מפּלה פון רשעים״.

נס פון המשך און זכות בנים

**יצחק׳ס** געבוירען ווערען איז נישט לייכט צוגעגאַנגען. הימעל־רייסענדיגע תפילות, יאָרען־לאַנגע יאוש׳דיגע וואַרטענישען, מלאכימ׳דיגע שווער־צו־גלויבענדיגע הבטחות — זיינען פאַראויסגעגאַנגען דעם געבורט פונ׳ם ערשטען אידישען קינד צום ערשטען אידישען פאָטער: וה׳ פקד את שרה...

און ווען ס׳איז שוין געבוירן געוואָרען דאָס קינד, האָט זיך אָנגעהויבען אַ סעריע „קאָמענטאַרען״, אַפּלייקענונגען, פון אומות העולם, פון ליצני הדור, וואָס האָבען באַצוועקט מכחיש צו זיין, אַז פון אברהמ׳ען איז געבוירען געוואָרען דאָס קינד, ווי די גמרא דערציילט עס אויספירליך אין בבא מציעא (דף פ״ז).

פרעגט זיך: ערשטענס, וואָס איז אַזוי געגאַנגען אין לעבען די ליצני הדור צו לייקענען, אַז יצחק איז אברהמ׳ס זון? צווייטענס, וואָס האָט עס אַזוי געאַרט אברהמ׳ען און פאַרוואָס האָט ער זיי דווקא געוואָלט איבערצייגען, אַז יצחק איז יאָ זיין זון? דריטענס, פאַרוואָס איז באַזונדער געטאָן געוואָרען פון דער השגחה אַ פּעולה אָפּצולייקענען די לייקענער? (צר קלסתר פניו וכו׳).

נאָר ווען מיר קוקען זיך צו צו אָט דעם אור־געשעעניש מיט ה י י נ ט י ג ע ן בליק, פאַרשטייען מיר ערשט דעם זין פון אָט דעם וויכוח.

די ליצני הדור, די ציניקער, די פראָפעסיאָנעלע סקעפּטיקער און נישט־גלויבער, ווען עס האָט אויף זיי, און אויף זייערע עבודה־זרה׳ס, אַ בליץ געטאָן אברהמ׳ס אמונה, האָבען זיי, געפּלעפטע, נישט געקענט נישט זען

דאָס געטליכע ליכט. האָבען זיי זיך אָבער געטרייסט מיט דער אילוזיע, אַז מיט אברהמ'ען האָט זיך עס אָנגעהויבען און מיט אים וועט זיך עס ענדיגען. נישטאָ, און עס וועט נישט זיין, קיין המשך צו אברהמ'ען. נישט צו אים און נישט צו זיין אמונה. ווייל צו אברהמ'ען איז נישט געבוירען געוואָרען קיין קינד, האָבען זיי גע'טענה'ט אין שאָדען־פרייד.

די דאָזיגע ציניקער פון ז י י ע ר דור, פונקט ווי די ליצני הדור פון א ו נ ז ע ר דור, די „אידישע" אינטעלעקטואַלען, די „אידישע" ענגליש־שרייבער, די עם־הארצ'ישע „עקספערטען", אָדער די „פראָפעסיאָנעלע אידען" וואָס מאַכען אַ לעבען פון „פאַרשונגען" פון אידענטום, און פון אונטערגאַנג־נביאות — אָט זיי אַלע גלויבען, אַז „עס איז נישט געבוירען געוואָרען קיין זון צו אברהמ'ען", צו זיין אמונה, צו זיין חסד. זיי זיינען זיכער, אַז מיט אים וועט אויסגעלאָשען ווערען זיין ליכט, אַז מיט'ן אמונה־דור דעה וועט זיך עס ענדיגען... אַז ניטאָ, חלילה, קיין צוקונפט פאַר אידענטום אין אַמעריקע...

איז געקומען דעמאָלט, און עס קומט ה י י נ ט, דער ענטפער: וה' פקד את שרה... ותלד שרה לאברהם בן... ס'איז יאָ געבוירען געוואָרען אַ קינד צו אברהמ'ען. ס'איז דאָ המשך.

און קוקט זיך גוט איין, איר ליצני הדור, דעמאָלט און ה י י נ ט, אין יצחק'ס פנים; און קוקט זיך גוט איין אין די שטראַלענדיגע, זיסע פנימ'לעך פון די תורה־לערענדיגע ישיבה־קינדערלעך, בית־יעקב־מיידעלעך, וועט איר זען: קלסתר פניו של יצחק דומה לאברהם, דאָס א י ז אברהם אבינו'ס פנים! און ז י י ן אמונה, און ז י י ן המשך!

דערמאָנען מיר דעריבער אין ראש־השנה'דיגער קריאה, ניט בלויז זכות אָבות, נאָר אויך זכות ב נ י ם: וה' פקד את שרה...

רבונו של עולם, זע דעם נס פון געבוירען ווערען פון א ו נ ז ע ר ע נאָך־חורבן־קינדער, און דעם זכות פון זייער קלסתר־פניו־דומה לאברהם, פון זייער איד־זיין בארץ לא זרועה! געדענק זיי דעם חסד פון לכתך אחרי במדבר, אויף שטיינערדיגען באָדען אין גייסטיגער מדבר. זע, ווי מיט די נעגעל האָבען מיר איינגעוואָרצעלט תורה אין וויסטען באָדען, און אַ תורה־דור איז דאָ ווידער־געבוירען — דאָ, אין סביבה פון ליצני הדור, וואָס שפעטען פון אַלע הייליגקייטען. נישט קיין קלענערער נס ווי — וה' פקד את שרה...

### זעענדיג ג־ט זעט אברהם דעם מענשען

די היינטיגע סדרה איז פול מיט דראַמאַטישע געשעענישען. ס'ברויזט און שטורעמט דורך די פרשיות מיט וועלט־היסטאָרישע איפטרייסלונגען.

ס׳באַווייזט זיך ג־ט צו אברהמ׳ען. דאָס ערשטע אידישע קינד ווערט געבוירן צום ערשטען אידישען פּאָטער. ס׳קומט צום ערשטען צונויפפּראַל צווישען איד און דער אַרומוועלט: אברהם און אבימלך. סדום ווערט איבערגעקערט. ישמעאל באַווייזט זיך אויף דער אַרענע. און צום סוף, די דראַמאַטישסטע פון אַלע תנ״ך־געשעענישען — די עקדה!

אַזאַ גרויסע סדרה, די עקדה־סדרה, די ראש־השנה־סדרה (ראש־השנה׳דיגע קריאה) — וואָס וואָלט זיך געפּאַסט אַלס אַריינפיר צו איר? געוויס עפּעס אַ טיפער געדאַנק. געוויס עפּעס אַ פייערליכער אַקט.

צום סוף — וואָס זעען מיר?

אַ שטילע אידיליע, „ס׳איז הייס דער טאָג״, כחום היום, און אברהם „זיצט ביי דער טיר פון זיין געצעלט״ — איז דאָס דער אַריינפיר צו אַט די אויפטרייסלענדיגע געשעענישען?

יאָ, דאָס איז עס! ווען ס׳הויבט זיך אויף דער פאַרהאַנג פון וועלט־געשיכטע זעען מיר ווי אברהם אָבינו, דער ג־ט־דערקענער, זיצט ביי דער טיר פון זיין געצעלט און — זעענדיג ג־ט, זעט ער דעם מענשען. זייענדיג נאָענט צו ג־ט שטרעבט ער צו זיין נאָענט צום מענשען. צום אָרימען, צום וואָגעלדיגען וואַנדערער, אויף וועמען אברהם וואַרט כדי צו קענען אים הויזען און שפּייזען, כדי צו געבן אָפּרו און פריינטשאַפט.

די וועלט אַרום אַ פאַרדאָרבענע, אַ נאָך־מבול־דור, אַ דור־הפלגה, אַ סדום־וועלט, — און אָט זיצט דער איד, דער ערשטער פון אַלע אידען, און טראַכט נאָר וועגען איין זאַך: ווי אַזוי גוטס צו טאָן, ווי אַזוי חסד צו פאַרשפּרייטען.

„און ג־ט האָט זיך באַוויזען צו אים״, צו אברהמ׳ען, וירא אליו ה׳, ווייל „ער איז געזעסען אין אַריינגאַנג פון זיין געצעלט אין דער היץ פונ׳ם טאָג״ און געוואַרט און געגאַרט גוטס צו טאָן, ווייל והוא יושב פתח האהל...

אַזוי באַווייזט זיך ג־ט צו אברהמ׳ען און — אַזוי באַווייזט זיך אברהם צו אונז.

געטליכקייט און מענשליכקייט באַגעגענען זיך אין אלוני ממרא, אין אברהמ׳ס געצעלט — און נישט איינמאָל שפּעטער אין יהדות־השקפה און אין אידישער געשיכטע.

## דער אידישער שיקזאַל — דורך ליידען צו גרויסקייט

(פון אַ שיעור פון הגאון ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק שליט״א)

מורא׳דיגע זאַכען שפּילען זיך אָפּ אין דער סדרה „וירא״, וועלטן קערען זיך — און די סדום־וועלט האָט זיך טאַקע איבערגעקערט — און ביים אַריינגאַנג צו דער סדרה, ביים טירל פון אברהמ׳ס געצעלט — און ביים טויער פון אידענס אויפקום אין דער געשיכטע — געפינען מיר אַ רואיגע, שטילע אידיליע, אַ שיינענדיגע מיט גוטסקייט פון אַט דעם ערשטען איד; געפינען מיר — חסד...

דאָס איז געווען אברהמ׳ס אופן אַריינצושרייען אין אַ זינדיגען דור: ס׳איז דאָ אַ ג־ט אויף דער וועלט!

אויב דער אָנהויב, די הקדמה צו פרשת וירא, איז אויבענאויפיג גאַר־נישט צוגעפּאַסט צו די ווייטערדיגע פּאַרקומענישען, איז צו פּראַזאַאיש, דאַכט זיך, פאַר די ווייטערדיגע אויפציטערנדיגע דערשיינונגען, — איז דער סוף פון דער סדרה שוין גאַר עפּעס אַ מין אַראָפּפאַל פון די געוואַלדיגע הויכקייטען. נאָך השי״ת׳ס באַווייזן זיך צו אברהמ׳ען, נאָך סדום, נאָך דער עקדה, — וואָס לייענען מיר? וואָס איז דער אויספיר, וואָס איז דער פינאַל, מיט וועלכען מיר שליסען די געוואַלדיגע סדרה?

„און עס איז געווען נאָך די דאָזיגע געשעענישען״ — איר הערט? נאָך די ד אָ ז י ג ע געשעענישען! — „איז אָנגעזאָגט געוואָרען אברהמ׳ען, אַזוי צו זאָגען, זע, מילכה, זי אויך האָט געבוירען זין צו דיין ברודער נחור׳ן...״ ויהי אחרי הדברים האלה ויוגד לאברהם לאמור, הנה ילדה מלכה גם היא בנים לנחור אחיך.

איז ד אָ ס דער פּאַסיגער אויספיר פון דעם אַלעמען וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעשפּילט? פון די אַלע פּאַסירונגען, וועלכע האָבען דאָ אַלץ דורכ־געברויזט? איז ד אָ ס דער קלימאַקס פון די אַלע דראַמאַטישע געשעענישען?

נאָר די תורה וויל דאָ באַטאָנען די שיקזאַלהאַפטיגע טראַגיק, וועלכע האָט באַגלייט אברהמ׳ען אויף זיין לאַנגען ליידענס־וועג.

זאַכען וואָס קומען אַלעמען אָן לייכט, זענען אברהמ׳ען אָנגעקומען מיט יסורים און נסיונות. ער, אברהם, האָט יאָרענלאַנג געוואַרט אויף אַ קינד, וואָס זאָל איבערנעמען זיין גרויסען גייסטיגען רכוש. און צייטענ־וויז האָט ער געמיינט, אַז ער וועט שטאַרבן עלענט — „און איך גיי אַוועק אָן אַ קינד״, ואנכי הולך ערירי — און מיט זיין טויט ווער אַראָפּ־נידערען מיט אים אין קבר אַריין זיין גרויסע אמונה. ווען יצחק איז

געבוירען געוואָרען האָבען די לצני הדור אויסגעטראַכט אַ בלבול, אַז מאבימלך נתעברה שרה. שפּעטער האָט אברהם געמוזט אַוועקשיקען זיין קינד ישמעאל'ן, וועמען ער האָט ליב געהאַט.

און ככלות הכל, נאָך דעם אַלעמען, קומט פּלוצלינג דער רוף: „נעם דיין זון, דיין איין־און־איינציגען, וואָס דו האָסט ליב, יצחק'ן...״ קח־נא את בנך את יחידך, את יצחק... און ברענג אים פאַר אַ קרבן אויף דער עקדה! צעשמעטערט זיין גליק! צונישט געוואָרען אַלע זיינע האָפענונגען! שונאים לאַכען: אַט דאָס איז דער שכר וואָס אברהם באַקומט פאַר זיין טריישאַפט צום בורא עולם?...

אברהם ליידט ביז אין טיפסטען אָפּגרונט פון מענשליכע יסורים — און געהאָרכט. איז עומד בנסיון! ברענגט זיין זון אויף דער עקדה!

גייענדיג צוריק פון דער עקדה, קומט אַן איינער פון די פּראַקטיש־ניכטערענדיגע מענשען „און זאָגט צו אברהמ'ען אַזוי צו זאָגען״. ויוגד לאברהם לאמר: „זע, מלכה, זי אויך האָט געבוירען זין צו נחור'ן דיין ברודער...״ הנה ילדה מלכה גם היא בנים לנחור אחיך... זע, אברהם, דו האָסט אַ ברודער נחור, ער האָט נישט אַנטדעקט דעם איין־און־איינ־ציגען ג־ט, ער איז נישט אַוועק פון טאַטענ'ס היים אויף ג־ט'ס געהייס; ער פּריידיגט נישט און טוט נישט קיין חסד און צדקה צו דער וועלט; ער האָט קיין בונד, קיין ברית מיט ג־ט נישט געשלאָסען און צו קיין אמונה אין איין ג־ט רופט ער נישט; ער לעבט ווי אַלע און גלייך מיט אַלעמען.

פונדעסטוועגען — גיב נאָר אַ קוק ווי לייכט עס איז אים אָנגעקומען צו האָבען קינדער, ניט נאָר איינעם, אַ בן יחיד, נאָר גאַנצע אַכט בנים. פון אים וועט ג־ט נישט פאַרלאַנגען קיין עקדות. פון אים וועט זיין פרוי מלכה נישט פאָדערען ער זאָל אַוועקשיקען זיין פּלגש ראומה מיט אירע פיר בנים. עס לעבט זיך אים לייכט. אָן נסיונות, אָן ליידען. זע, — טענה'ט דער „זאָגער צו אברהמ'ען״, ויוגד לאברהם, וואָס דו האָסט אויסגעפירט מיט דיין עקשנות'דיגען גלויבען...

אָבער אברהם גייט ווייטער זיין וועג — און זיינע קינדער און קינדס־קינדער, כנסת ישראל זעצען פאָר דעם שווערען גאַנג. דאָס איז דער שיקזאַל פון אברהמ'ען. דאָס איז דער היסטאָרישער גורל פון אידישען פאָלק. קיין שום זאַך קומט אונז נישט אָן לייכט. אַלץ וואָס מיר דער־ווערבען איז געהייליגט דורך ליידען. דער „ויוגד לאברהם״ חזר'ט זיך איבער ניט איינמאָל אין אונזער געשיכטע.

אידען קומט גאַרנישט אָן לייכט, ביז היינטיגען טאָג. וויפיל פעלקער באַזיצען ריזיגע טעריטאָריעס, האָבען אייגענע מדינות — און קיינער לייקענט ניט זייער רעכט צו עקזיסטירען. קיינער פאַרמעסט זיך נישט אויף זייער קיום. און ישראל, אַ קליינע מדינה — און וואָסער האַס מצד די שכנים און — מצד ווייטע אויך!... וואָסער מורא׳דיג־אַכזריות׳דיגער פאַרמעסט געגען איר מצד די דייטשע וויסענשאַפטלער אין נאַסער׳ס דינסט!

אידען קומט גאַרנישט אָן לייכט. פון אייביג אָן, מיר מוזען אַלעס דערווערבען מיט מי און מאַטערניש. ביז היינטיגען טאָג!

קומט אויס אַזוי אַרום, אַז דער „ויוגד לאברהם” איז אַן אויסדרוק פון דער שיקזאַלהאַפטער טראַגישער השגחה־באַשטימונג פון מענשען, וועלכע זענען ווילינג אויסדערוויילטע און געהייליגטע צו השי״ת, פאַר דער שאַפונג פון מלכות שדי. סיי די לײדען זענען משונה׳דיגע, סיי די פראַכט און דערהויבונג זענען וואונדערליכע. דאָ ליגט די מיסטעריע פון דער באַשטי־מונג פון אידישען פאָלק!

דער לעבענס־גאַנג פון אברהם אבינו, און פון די אָבות בכלל, איז אונזער אַלעמענס לעבענס־גאַנג. „די פאַרקומענישען פון אונזערע על־טערן זענען אַ צייכען פאַר די זין”, מעשה אָבות סימן לבנים.

און די נסיונות פון אונזערע אָבות — ווי אין דער היינטיגער סדרה פון וירא דורך אבימלכ׳ן, דורך סדום ביז צו דער עקדה, און ביז ויוגד לאברהם, — ווייזען אונז, אַז צו זיין אַ נאָרמאַל פאָלק ישראל מוז מען זיין מער ווי אַ נאָרמאַל פאָלק.

וואָרים ווי קען געמאָלט זיין סאָלידאַרישקייט מיט אונזערע ברידער אָן סאָלידאַרישקייט מיט אונזערע פאָטערס?

ווי־זשע איז מעגליך אייניגקייט מיט כלל ישראל אָן אייניגקייט מיט די אָבות? אויב אַזוי זענען מיר — און דאַרפען זיין — אַנדערש, אַזוי אַנדערש ווי זיי זענען עס געווען פון זייערע אַרום־פעלקער.

אַנדערע זוכען אומשטערבליכקייט אין דער צוקונפט. מיר האָבען זי שוין אין אונזער פאַרגאַנגענהייט. וואָרים די בת־קול׳ן פון אלוני ממרא און הר המוריה, פון ויקרא אליו מלאך ה׳ — און פון ויוגד לאברהם, ציטערען אויף די סטרונעס פון אונזערע נשמות.

און וואָס פאַר אַ אידישע נשמה איז אַזוי טעמפּ נישט אָפּצו־ענטפערען — ווי אַזוי איינער זאָל ניט אָפּענטפערען?...

ווען זיך פאַרשליסען אין רשות היחיד און ווען אַרויס אין רשות הרבים?

(פון אַ שיעור פון הגאון ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק, שליט״א)

והוא יושב פתח האהל כחום היום, אברהם איז ניט באַהאַלטען אין געצעלט ווען ס׳ברענט דער טאָג, ווען די צייט ברענט, נאָר ער זיצט ביי דער טיר, מיט׳ן פנים צו דער גאַס. ער פאַרמאַכט זיך ניט אין זיין רשות היחיד, נאָר גייט אַרויס אין רשות הרבים.

אין דיאַלעקטישען פּראָצעס פון טעזע און אַנטי־טעזע טוען די דאָזיגע זיך אויסשליסען איינאַנדער. לויט אַריסטאָטעלעס׳עס פּרינציפּ פון ווידער־שפּרוך קענען נישט די טעזע און די אַנטי־טעזע ביידע זיין אמת. לויט יהדות אָבער קענען אַ טעזע און אַנטי־טעזע זיין ביידע אמת — געווענדעט ווען און וואו. דאָס הייסט: אָפּהענגיג פון צייט און באַדינגונגען. ס׳קענען זיין אמת דער דבר והיפוכו. מיר געפינען עס אין די י״ג מדות שהתורה נדרשת בהן: שני כתובים המכחישים זה את זה עד שבא הכתוב השלישי ומכריע ביניהם. ווען צוויי פסוקים ווידערשפּרעכען זיך איינאַנדער, קען מען דאָך נישט זאָגען, אַז בלויז איין פסוק איז חלילה, אמת: ס׳זענען דאָך אמת ביידע פסוקים, נאָר דער דריטער פסוק איז מכריע ווען און אין וואָסערע באַדינגונגען מ׳קען זיך באַנוצען מיט איין פסוק, און וואו און אין וואָסערע באַדינגונגען מ׳דאַרף אָנווענדען דעם צווייטען.

דאָס גילט אויך ביי די צוויי באַגריפען פון רשות היחיד און רשות הרבים — אַקעגען שבת, טומאה, קנינים. ס׳זענען דאָ פאַראַן צוויי שיטות, וואָס ווידערשפּרעכען זיך איינאַנדער. איין שיטה האַלט, אַז מ׳דאַרף בלייבען אין רשות היחיד. דער רשות הרבים, די גאַס, איז טמא, שמוציג. אין רשות הרבים שטויסט מען זיך אָן אויף תקלות, מכשולים, אויף בור ברשות הרבים.

אויב אַ מענטש וויל זיין פּערפעקט, אָפּגעהיטען, דאַרף ער פון זיין רשות היחיד נישט אַרויסגיין אין רשות הרבים — האַלט די שיטה.

אַ צווייטע שיטה זאָגט: אויב אַ מענטש פאַרמאָגט קדושה, טהרה, מסירת נפש, אהבה, און וויל אַז די דאָזיגע סגולות זאָלען בלייבען ביי אים אָן אַ פּסול, אָן אַ פּגם — דאַן מוז ער אַרויסגיין פון דער סביבה; אַנישט, קען, חלילה, די זוהמא פון רשות הרבים אַריינדרינגען אין זיין רשות היחיד, קען פאַרפלייצען, פאַרטרינקען.

צווישען די צוויי שיטות איז פאַראַן אַ ווידערשפּרוך. ביידע קענען נישט זיין אמת, לויט׳ן אַריסטאָטעלעס׳עס דעה וועגען ווידערשפּרוך. אָבער

ווײַבאַלד מיר האַלטען נישט אין זײַן פּרינציפּ פון ווידערשפּרוך, וואָס איז אין ווידערשפּרוך צו יהדות, זענען בײדע שיטות אמת.

די פראַגע איז נאָר — ווען גילט אײן שיטה און ווען די צווײטע? ווען דאַרף מען בלײַבען אין רשות היחיד און ווען מוז מען אַרויסגײן אין רשות הרבים? ווי פּסק׳ענט מען דאָ?

אין דער שאלה, צי ס׳איז שבו איש תחתיו, ווי אין שבת, ווען ס׳איז אסור מוציא צו זײַן מרשות היחיד לרשות הרבים, אָדער צי מעג מען, ווי אין די ימי החול, יאָ מוציא זײַן מרשות היחיד לרשות הרבים, — דאָס הײסט, מכריע צו זײַן אין וואָסער פּעריאָדע מיר לעבען הײַנט היסטאָריש — אָט די שאלה איז נישט לײַכט אָפּצו׳פסק׳ענען.

בײַם געבוירען פון מדינת ישראל, זענען אויך אויפגעקומען די בײדע שיטות: די ערשטע שיטה וועלכע האַלט אַז אַרויסגײענדיג פון רשות היחיד אין רשות הרבים קען מען, חלילה, נפגע און נפגם ווערען; און די צווײטע שיטה, לויט וועלכער מען מוז אַרויסגײן אין רשות הרבים און משפּיע זײַן אויף דער גאַס, אויף דער סביבה, אויף דער מדינה.

אַ מדינה, דאַרף מען געדענקען, איז נישט קײן חברה צי אַ קלײזעל. און קען נישט געפירט ווערען דורך אַ פּאָר גבאים. אַ שטאַט איז אַ גרויס ענין. אָט איז ישראל אַ קלײנע מדינה, קוים 2 מיליאָן מענשען, און דאָך שטײט זי אין סאַמע צענטער פון דער פאַראינטערעסירונג פון דער וועלט. ישראל געפינט זיך עפּעס ווי בטבורו של עולם. ס׳זענען פאַראַן גרעסערע מדינות, מעכטיגערע, פונדעסטוועגען גײט נישט אַוועק קײן טאָג אַז ישראל זאָל נישט זײַן „אין די נײַעס״, אין „ניו יאָרק טײַמס״, צי אין אַנדערע גרויסע צײַטונגען. יעדע נײַעס, יעדער דבר חידוש אין ישראל רופט אַרויס אינטערעס בײַ די אומות העולם, און אַ קל־וחומר בײַ אידען. אַמעריקאַנער אידען אינטערעסירען זיך מיט ישראל. אפילו די גלײַכגילטיגע, און אפילו די פאַרביסענסטע אַסימילאַנטען און געגנער, וואָס זײער שטעלונג זאָל נישט זײַן, אָבער אינטערעסירען אינטערעסירען זיך אַלע מיט מדינת ישראל. מדינת ישראל האָט געפּאַנגען דעם אינטערעס, די אימאַגינאַציע פון אַלע אידען.

דעריבער קען מען דאָ זיך נישט פאַרשליסען אין רשות היחיד — מ׳איז דאָ במילא אַרויסגעריסען אין רשות הרבים אַרײַן. הגם ס׳איז נישט לײַכט דאָס דאָזיגע אַרויסגײן. וואָרום מ׳האָט דאָ צו טאָן מיט אַ ביטערען געגנער, וועלכער שטעקט נאָך אין דער פאַראַלטערטער עפּאָכע פון 1905 פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, און, בײַ דער גאַנצער וועלטליכקײט האָט ער

נישט דורכגעמאַכט דעם פּראָצעס פון וועסטערניזאַציע, דורך וועלכן אינטע־לעקטועלע האָבן זיך באַפרייט פון די פאַרעלטערטע אַנטי־רעליגיעזע באַגריפן. אָפּט די זעלבע פאַרביסענקייט, ווי פון׳ם „בונד״ צי „פּועלי ציון״ אַמאָל געגען דת. קענען מיר מפקיר זיין דערצו די מדינה? דאָס וואָלט געגרעניצט מיט זעלבסטמאָרד! מוז מען אַרויס אין רשות הרבים.

„די „יוד״ איז אַ סימבאָל פון רשות היחיד. מיר זאָגען ביתי, קניני, שלי, דורך דער „י״ אין סוף פון׳ם וואָרט דריקען מיר אויס אונזער פּריוואַטען באַזיץ, מיינס, רשות היחיד. „הא״, ווידער, איז אַ סימבאָל פון רשות הרבים, ווי אין אלה תולדות השמים והארץ בהבראם, (בראשית ב, ד), ווי רש״י ברענגט: בהבראם ב„ה״ בראם.

השי״ת האָט געזאָגט צו אברהמ׳ן: לא תקרא את שמה שרי כי שרה שמה (בראשית י״ז, ט״ו). די „הא״ אַנשטאָט „יוד״ האָט סימבאָליזירט שרה׳ס אַרויסגיין פון רשות היחיד אין רשות הרבים, כדי צו פאַרשפּרייטען אמונה אין דער וועלט.

אויך אברהמ׳ן האָט השי״ת צוגעגעבען אַ „ה״: ולא יקרא עוד את שמך אברם, והיה שמך אברהם, כי אב המון גוים נתתיך (בראשית י״ז, ה׳). דערמיט האָט דער רבונו של עולם זיי געהייסען אַרויסגיין פון׳ם רשות היחיד אין רשות הרבים אַריין. געוויס איז לייכטער צו זיצען אין רשות היחיד, זיין מיט זיך, זיך אָפּטיילען פון דער גאַס, פון דער וועלט, און קריטיקירען, נעגירען. אָבער השי״ת האָט געבאָטען אברהמ׳ן און שרה׳ן זיי זאָלען אַרויס־קומען אין רשות הרבים. אַנישט קען דער רשות הרבים אַריינדרינגען אין זייער רשות היחיד און פאַרפלייצען, פאַרניכטען. וירא אליו ה׳ כחום היום, אין היץ פון קאַמף, אין אַ וועלט וואו ס׳האָט געהערשט אַ נמרוד איז געווען הוציא הקב״ה חמה מנרתיקה, און אברהם יושב פתח האהל. מעג עס זיין כחום היום, אין דער היץ, אין קאַמף, אָבער אברהם טרעט נישט אָפּ פון פתח האהל, פון משפיע זיין אויפ׳ן רשות הרבים — ווי שווער ס׳זאָל נישט זיין.

דאָ קומט דער פּסוק השלישי המכריע ביניהם. דאָ קומט די אַנטשיידונג ווען און וואו ס׳גילט די שיטה פון דרישה און ווען און וואו — די שיטה פון פּרישה. נעמליך, אין באַציאונג צו דער ישראל רעגירונג.

ווען די שיטה פון רשות היחיד, פון אַליינקייט, פון ה׳ בדד ינחנו, קומט און טענה׳ט: מוז מען דען שטענדיג האַלטען אין דרישה, און מאָנען, און פאָדערען, פאַרלאַנגען? פאַרוואָס נישט אָננעמען די שיטה פון פּרישה, פון אָפּשיידען זיך, אָפּטיילען, פון סעפּאַראַציע, פון בלייבען, אָדער צוריקגיין,

אין רשות היחיד? ווען מ׳פרעגט אַזוי, ענטפערן מיר: וואָרט, ס׳קומט אַ מאָמענט, ווען, לויט יהדות־השקפה פון ווידערשפרוך פרינציפּ, לויט וועלכן ביידע, די טעזע און אַנטי־טעזע זענען אמת, דאַרף מען אָננעמען די אַנטי־טעזע, די צווייטע שיטה.

ווען משה רבינו האָט מיט זיין רוח הקודש, און מיט׳ן אַרויספילען די מענטאַליטעט, די שטימונג פון די מרגלים, פאַראויס־געזעען די ריכטונג וועלכע ס׳גייט אָננעמען דאָס שליחות פון די מרגלים, האָט ער מורא געהאַט טאָמער וועט הושע ווערען מיטגעשלעפּט, מיטגעריסען מיט׳ן רוב; טאָמער וועט אים פאַרפעלען מוט זיך אָפּטיילען אין רשות היחיד געגען רשות הרבים פון די מרגלים, — האָט משה רבינו באַפוילען הושע׳ן דעם וועג פון רשות היחיד: ויקרא משה להושע בן נון יהושע, ווי מיר לייענען אין פרשת שלח. משה האָט צוגעזעצט די „יוד״ צו הושע׳ס נאָמען, וועלכע איז דער אויסדרוק פון רשות היחיד, ווי מיר האָבען פריער אַרויסגעבראַכט.

מ׳קען אָננעמען, אַז ווען משה האָט אים אַריינגערופען און אים צוגע־געבען אַ „יוד״ צו זיין נאָמען, האָט ער אים דערביי צוגעזאָגט עטליכע ווערטער.

משה רבינו האָט געזאָגט צו זיין טרייען תלמיד: דו ביזט איצט איינער פון 12 אין אַ שליחות פאַר דער דערפילונג פון דער געטליכער הבטחה וועגען אַ לאַנד פאַר׳ן פאָלק ישראל, וועגען ארץ הקדושה לעם קדוש — ווען ס׳רירט אָן אין יסוד, איז נישטאָ קיין פּשרות! דאָן איז נישט פאַראַן קיין מאַנעוורעס מיט פאַרלאַמענטאַרישע שטיק, דאָן טאָר מען נישט זיין אפילו בעצת מרגלים, אין זייערע באַראַטונגען, וועל איך דיר צולייגען די „יוד״, דעם אויסדרוק פון רשות היחיד, צו דער „הא״ אין דיין נאָמען, וועסט הייסען יהושע. איצט איז דער מאָמענט ווען דו דאַרפסט צוריקגיין אין רשות היחיד!

אַזוי פיל הרב סאָלאָווייטשיק.

### די „געזעצליכע״ אַכזריות ...

ויבואו שני המלאכים סדומה בערב, ולוט יושב בשער סדום — „און די צוויי מלאכים זיינען געקומען קיין סדום אין אָוונט, און לוט איז געזעסען אין טויער פון סדום״ (י״ט, א׳).

זאָגט רש״י: דעם דאָזיגען טאָג האָבען זיי אים אויפגענומען פאַר אַ ריכטער אויף זיך. אותו יום מינוהו שופט עליהם.

געוויינליך פלעגען די שופטים זיצען ביים טויער פון דער שטאָט, ווי עס שטייט: שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך — „זאָלסט אויפנעמען שופטים און שוטרים אין אַלע דיינע טויערן״. דערפון רש״י׳ס דיוק.

האָט דערויף געפרעגט רבי נפתלי צבי יהודה בערלין, דער נצי״ב, זצ״ל, פאַרוואָס פונקט דעמאָלט ווען זיי האָבן שוין אַמאָל געהאַט אַן ערליכען ריכטער, לוט׳ן, פאַרוואָס דווקא אין דעם טאָג, אותו יום האָט זיך סדום איבערגעקערט ?

האָט דערויף דער נצי״ב געענטפערט: דאָס רשעות פון סדום איז נישט געווען כאַאָטיש, נאָר אָרגאַניזירט, געזעצליך, באַגרינדעט אויף געזעצן. נאָר די געזעצן זיינען געווען סדום־געזעצן. דאָס הייסט, פול מיט רשעות און אכזריות. ווי דער מדרש דערציילט עס אין בראשית רבה. אָבער אויך די ריכטער זיינען געווען סדום־ריכטער, שווינדלער, ליגנער, ווי דער מדרש זאָגט: קץ־שקר ורב־שקר. דעריבער, היות די געזעץ־אויספירער זיינען אויך געווען פונקט אַזוי פאַרדאָרבען ווי די געזעצן, זיי זיינען געווען שקרנים און שווינדלער, און האָבן גענומען שוחד, האָט מען נאָך געקענט ווי נישט איז עקזיסטירען... די חסרונות פון די ריכטער זיינען אין דעם פאַל געווען אַ מעלה...

ווען אָבער ס׳איז געקומען אַן ערליכער שופט, לוט, און האָט ערליך אויסגעפירט די אומערליכע געזעצן, האָט סדום געמוזט איבערגעקערט ווערען...

מיר האָבן געזען דאָס זעלבע ביים גרויזאַמסטען סדום־פאָלק אין דער געשיכטע, ביי די דייטשען, ימ״ש. זייערע גרויליגע רציחות זיינען נישט געווען קיין ספּאָנטאַנישע, ווילדע אויסברוכען פון אַ ווילדען המון. זיי זיינען דאָך עפּעס „קולטור־טרעגער״, „ציוויליזירטע״ מערדער, — זיי האָבן דורכגעפירט די מערדערייען „לעגאַל״, יורידיש, מיט אַ געאָרדענטער יוריספּרודענץ, „געזעצליך״. זיי האָבן אויסגעאַרבעט אַ גרינטליכע „לעגאַלע״ באַזע פאַר די רציחות און גזילות. זייערע בעסטע יוריסטען, זייערע ריכטער און עקספּערטען פון רעכט, זייערע גרעסטע פּראָפעסאָרען, רעכט־געלערנטע, אויטאָרען און קאָמענטאַטאָרען, און געניטסטע לאַיערס האָבן געטאָן זייער „געזעצליכע״ מאָרד־אַרבעט:

זיי האָבן אויסגעאַרבעט די געזעצן אַזוי „גוט״ — אַז קיין איין איד זאָל זיך ניט קענען ראַטעווען פון זייער געדיכטער און אומעטום אויסגעש־פרייטער נעץ. דאָס איז געווען אַ מייסטערהאַפטער רציחה־קאָדעקס, אַ לעגאַלער סיסטעם פון רציחה, אויפגעבויט פון ספּעציאַליסטען. ווי למשל, אַ דר. ווילהעלם גרעווע, דער הויפּט פון די נאַצי־לאַיערס און פון זייערע רעכט־פּראָפעסאָרען און שפּעטער זייער אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן. אָדער דר. האַנס גלאָבקע, וואָס האָט נאָך צוגעגעבען זיין אייגען אכזריות צו היטלער׳ס באַפעלען, אַלס

אויסאַרבעטער פון זיינע פאַרניכטונגס־געזעצן, ווי עס איז ערשט באַוויזען געוואָרען אין בוך „דר. גלאָבקע, אַקטען־אויסצוגען און דאָקומענטען" פון ר. מ. שטרעקער (האַמבורג, 1961) און שפּעטער אַדענאַוער׳ס רעכטע האַנט, — וועלכער האָט פאַרמירט אויך די פּאָליטיק פון מערב...

היות די דייטשען זיינען „ערליכע" דייטשען, פּינקטליכע און גרינטליכע, פעאיגע דייטשען, פאַר וועלכען זיי ווערען איצט אַזוי גערימט — האָבען זיי גרינטליך און פּינקטליך דורכגעפירט זייערע רציחה־געזעצען און גרויל־פאַראָרדענונגען. ווי איכמאַן. זיינען זיי דאָך אַ פ אָ ל ק פון איכמאַנס!

דווקא זייער „געזעצליכקייט" און דיסציפּלין, זייער אָרגאַניזאַציע־פעאיגקייט און פלייס, זייער פעאיגקייט און „ערליכקייט" אין אויספירען די געזעצען, די סדום־געזעצען — דוקא אָט די אַלע „מעלות" פון די דייטשען ימ״ש, האָבען געבראַכט אָט די טאָטאַלע אויסמאָרדונג פון אידען — מענער, פרויען און קינדער — מיט׳ן ערגסטען סאַדיזם.

און לאָמיר צוגעבען, אַז אויך איצט זיינען עס זייערע „מעלות" — און זייער וואוילטאָג און רייכקייט (פון רויב פון איראָפּע און הילף פון אַמעריקע!) וואָס גיט זיי פּרעסטיזש און מאַכט, און — פעאיגקייט צו טרייבן די וועלט צו טאָטאַלער מלחמה און אומקום!

הכנסת אורחים פון אברהמ׳ן און פון לוט׳ן

עס ווערט דערציילט אין דער סדרה ווי לוט האָט גאַסטפריינטליך אויפגענומען די מלאכים. ווען מיר לייענען דאָס אויפמערקזאַם זעען מיר, אַז לוט׳ס הכנסת אורחים איז געווען ניט ווייניגער ווי אברהמ׳ס ווען ער האָט געזען די וואַנדערער. פונדעסטוועגען ווייסן מיר, אַז עס איז פאַרט אַן אונטער־שייד. פאַרוואָס?

ווייל, זאָגט רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער, זצ״ל, לוט האָט געוואוסט, אַז דאָס זיינען מלאכים, איז נישט קיין וואונדער, אַז ער האָט זיי פריינטליך אויפגענומען. ווער וואָלט נישט געווען פריינטליך לגבי מלאכים? אָבער אברהם האָט פאַר זיך געזען צוויי פּשוט׳ע מענשען, צוויי אומבאַקאַנטע מידע וואַנדערער — און דאָך האָט ער זיי אויפגענומען מיט׳ן גרעסטן הכנסת אורחים, דעריבער איז דאָס געווען אַ גרויסער זכות.

מיט'ן ערשטען אידישען קינד — דאָס געזעץ פון אידישען קיום

„און אברהם האָט גערופען דעם נאָמען פון זיין זון... יצחק". ויקרא אברהם את שם בנו... יצחק (כ"א, ג'). זאָגט דערויף דער מדרש: „יצחק" מיינט יצ־חק, יצא חק בעולם, „אַ געזעץ איז אַרויסגעקומען אויף דער וועלט".

מיט יצחק'ס געבוירען־ווערען, — און ווען דער ערשטער אידישער פאָטער האָט דערצויגען דאָס ערשטע אידישע קינד, און עס דערצויגען צו זיין גרייט אויסצושטרעקען דעם האַלז אויף דער עקדה, איז יצא חק בעולם, דעמאָלט הויבט זיך ערשט אָן דאָס געזעץ פון אידישען המשך.

כדי משיג צו זיין יצחק'ן דאַרף מען זען דעם אַרום, די סביבה. די וועלט אַרום איז אַ סדום־וועלט. און אפילו אין אברהמ'ס הויז לעבט אַ ישמעאל. זעען מיר דעם אונטערשייד. ווי רבי יצחק'ל וואָרקער, זצ"ל, האָט געטייטשט די תפילה „אל תבוא במשפט עמנו — השופט כל הארץ לא יעשה משפט", זאָלסט נישט משפט'ן בלויז אונז אַליין, אל תבוא במשפט עמנו, נאָר: השופט כל הארץ, ווען דו וועסט אונז משפט'ן צוזאַמען מיט די אומות העולם, וועסטו נישט פאַר'משפט'ן, חלילה, די אידען, לא יעשה משפט, ווייל וועסט זען, אַז אידען זענען נאָך פאָרט בעסער...

די עקדה, געזען אין דער וועלט־היסטאָרישער פערספעקטיוו, איז געווען אַן אַקט, וועלכער האָט געדאַרפט אויפטרייסלען די מענשהייט. די וועלט אַרום זינקט אין אכזריות, אין רשעות, ס'איז אַ סדום־וועלט — און דאָ אַזאַ גרייטקייט מקריב צו זיין אַ זון אויף דער עקדה — פאַר ג־ט'ס וואָרט!

„און ס'איז געווען נאָך די דאָזיגע זאַכען..." ויהי אחר הדברים האלה... הויבט זיך אָן די פרשה. דאָס מיינט נאָך דעם אכזריות פון סדום, נאָך דעם רשעות פון אבימלכ'ן, נאָך דעם אַלעמען — און אין דעם אַלעמען — די עקדה!

די עקדה האָט געדאַרפט אַריינברענגען אַן ערד־ציטערניש אפילו אין די פאַרשטיינערטסטע הערצער, האָט געדאַרפט אַריינשרייען אין חלל פון מאָראַ־לישער געפאַלענקייט און הפקר'דיגען רשעות: זייט וויסען, אַז ס'איז דאָ אַ ג־ט אויף דער וועלט!

„...און ג־ט האָט געפרואווט אברהמ'ען... והאלוקים נסה את אברהם, זאָגט דערויף דער מדרש רבה: „עס שטייט געשריבען: „דו האָסט געגעבען פאַר די וואָס האָבען מורא פאַר דיר אַ פאָן אויפצוהויבען!..." כתיב: נתת ליראך נס להתנוסס, מפני קושט סלה (תהילים ס', ו').

„נסה", זאָגט דער מדרש, איז פונ'ם לשון „נס", אַ פאָן. „כדי צו דערציען די אידען", זאָגט ווייטער דער מדרש, „ווי אַט די פאָן אויף אַ שיף". בשביל לגדלן בעולם כנס הזה של ספינה. „...מפני קושט סלה", בשביל שתתקשט מידת הדין בעולם. „פאַר דער באַצירונג מיט אייביגקייט" — כדי עס זאָל באַצירט ווערען די וועלט מיט דער מאָס פון דין"...

מיט דער עקדה זענען אידען געוואָרען די פאָן פון געטליכקייט.

די עקדה האָט געדאַרפט איינצוימען די מענשהייט אין ראַמען פון געטליכען געזעץ. האָט געדאַרפט באַצירען די וועלט מיט רעכט, בשביל שתתקשט העולם מידת הדין.

אידען זענען זינט דעמאָלט די פאָן־שיף, „פלאַג־שיף", כנס הזה של ספינה, אין אַ ים פון בלוט און טרערען, די שיף וואָס שנייד אַ וועג פאַר רעכט און מאָראַל.

האָט די וועלט באַגריפען דעם מיין פון עקדה? איז די וועלט דער־שיטערט געוואָרען דורך דער דערשיטערענדיגער געשעעניש?

פאַראַן נאָך אַ צווייטער „ויהי אחרי הדברים האלה", נאָכדעם ווי מיר לייענען אָפּ די פרשה וועגען דער עקדה, לייענען מיר: ויהי אחרי הדברים האלה... ביז — ופלגשו ושמה ראומה, ותלד גם היא את טבח ואת גחם ואת תחת ואת מעכה (כ"ב, כ"-כ"ד).

די תורה דערציילט אונז דאָ, אַז אָט איז געשען אַזאַ הימעל־גרייכענדיגע געשעעניש, אַ מענש האָט בייגעשטאַנען אַזאַ נסיון צו געהאָרכען ג־ט'ס געבאָט, גרייט געווען זיין זון מקריב צו זיין, — האָט עס דאָך געדאַרפט דערשיטערען די וועלט, אויפרודערען און אויפשטורעמען אפילו דעם פאַר־שטאַרצטסטען געוויסען! ניין, ס'איז גאָרנישט געשען. ויהי אחרי הדברים האלה, נאָך דער עקדה, איז ביי די אומות צוגעגאַנגען אַלץ ווי געוויינליך... ופלגשו ושמה ראומה... ואת תחת ואת מעכה — גלייך ווי גאָרנישט...

לייענען מיר צווייערליי „ויהי אחר הדברים האלה". צוערשט — נאָך סדום, נאָך אבימלכ'ן, דערהויבען זיך אברהם און יצחק צום העכסטען מסירת נפש, צו דער עקדה! און ווידעראַמאָל: ויהי אחרי הדברים האלה, נאָך דער עקדה, ופלגשו ושמה ראומה... ואת תחת ואת מעכה... די אומות העולם רירט עס ניט, זיי גייען זיך זייער וועג — גלייך ווי גאָרנישט געשען...

פונקט ווי די וועלט איז נישט דערציטערט געוואָרן פון אונזער עקדה אין היינטיגען דור! נישט בעת דער עקדה און נישט דערנאָך...

## די עקדה פון דבורה טורמיץ־האַלבערשטאַט

צו דער עקדה־סדרה וועלען מיר לייענען מיט הייליגען ציטער, און לערנען עס, און, ווען נויטיג, איבערזעצען עס פאַר קינדער, די וואָס אין די שולען און די וואָס זיינען דערוואַקסען, — די פרשה פון אַן עקדה וואָס אַ אידישע פרוי אין אַ שטאָט אין פוילען האָט געבראַכט פאַר אידישער אמונה און פאַר איד־זיין.

ויהי אחר הדברים האלה... און עס איז געווען נאָך די דאָזיגע שוידערליכסטע זאַכען, וואָס די דייטשע, אַלע דייטשען, ימח שמם, האָבען אָפּגעגרוילט אין פוילן, אויסגע׳הרג׳עט מיט מורא׳דיגסטע עינויים און מיט גרויזאַמער דערנידערונג די אידען אין פוילען, אין פינסטערן יאָר 1943, איז... אָבער לאָמיר עס איבערגעבען אַן „שילדערונג״ און אַן „באַשרייבונג״, נאָר אין דער טרוקענער, זאַכליכער שפּראַך פונ׳ם עדות־פּראָטאָקאָל, געדרוקט אין דעם ספר „שרידי חרב״ פון אפרים דקל, אַרויסגעגעבען פון ישראל׳ס פאַרטיידיגונגס־מיניסטעריום, אין ירושלים, תשכ״ג.

אויף זייט 27 פון ערשטען טייל לייענען מיר:

„בעת עס זיינען אויסגע׳הרג׳עט געוואָרען די אידען אין געטאָ פון שעדלעץ, פוילען, איז דבורה טורמיץ־האַלבערשטאַט געווען אין אירע לעצטע טעג פון טראָגען. כדי אָפּצוראַטעווען איר נאָך־ניט־געבוירען קינד, איז זי אַנטלאָפען אויסער דער שטאָט און האָט זיך באַהאַלטען אין פעלד צווישען דער תבואה, וואָס איז דעמאָלט געווען רייף און הויך געוואַקסען. די פויערים פון דאָרף האָבען געהערט אירע קרעכצען ווען עס האָבען זי אָנגעכאַפּט אירע געבורטווייען, און האָבען זי אַנטדעקט. מיינענדיג, אַז דאָס איז אַ היימלאָזע קריסטין, האָבען זיי זי געבראַכט אין שטאָטישען שפּיטאָל. דאָרט האָט זי געבוירען אַ זון.

„עטליכע טעג דערנאָך איז געקומען אַ גלח, כדי צו „טובל׳ען״ דאָס קינד, אָפּ׳שמד׳ן עס פאַר קריסטענטום. ווען דער גלח האָט זיך אָנגע־הויבען צו פאָרען ביי די צוגרייטונגען אָפּצו׳שמד׳ן דאָס קינד, האָט דבורה נישט געקענט זיך מער איינהאַלטען און האָט אויסגעשריגען פון איר בעט צום גלח:

„פאָטערל!... טו עס נישט!... איך בין אַ אידישע פרוי און מיין זון איז אַ אידיש קינד... און איך וויל ער זאָל בלייבען אַ איד...״

דער גלח איז אַוועק. אין עטליכע שעה אַרום איז געקומען די (פּוילישע) פּאָליציי און האָט ליקווידירט (דאָס הייסט, אַוועקגענומען צום הרג׳ענען) דאָס עופ׳עלע צוזאַמען מיט דער מוטער...״

אַזוי פיל דער אָפיציעלער פּראָטאָקאָל, אַרויסגעגעבן דורך ישראל׳ס פּאַרטיידיגונגס־מיניסטעריום. אפרים דקל (דעקעל) איז געווען איינער פון די אָנפירער פון דער קינדער־רעטונג אין פּוילען און אַ קעמפער פון דער הגנה.

דאָס אויביגע האָט אַן אייגנאַרטיגע באַדייטונג. ווייל אין אַלגעמיין איז נישט געגעבן געוואָרען די אידען די ב ר י ר ה פון קידוש השם. די דייטשען, ימ״ש, האָבען גע׳הרג׳עט אויך משומדים. די אַלערליי צוגע־טראַכטע פיקציעס פון די „חורבן־ליטעראַטען״, וואָס פּאַראַזיטעווען מיט קרענקליכער פאַנטאַזיע אויפ׳ן אומגליק און פאַבריצירען אַלע מאָל נייע „אויפשטאַנדען״ — זיינען טאַקע ניט מער ווי פיקציעס.

אָבער דאָ האָבען מיר אַ פאַל פון קידוש השם, בעת עס איז יאָ געווען אַ ברירה. דבורה טורמיק־האַלבערשטאַט איז שוין געווען אַ געראַ־טעוועטע. וואָלט זי נאָר געווען זיך פאַרהאַלטען פּאַסיוו בעת דער גלח האָט זיך געגרייט אָפּצו׳שמד׳ן איר ניי־געבוירען עופ׳עלע, וואָלט זי און איר זונדעלע געווען געראַטעוועטע. אָבער די אידישע מאַמע מיט איר שטאַרקען ווילען צו לעבען און מיט איר הייסער מוטערליכער ליבע צו איר קינד, האָט, ווען זי איז געשטאַנען פאַר דער ברירה, אויסגעקליבען ט ו י ט אַנשטאַט ש מ ד!

לאָמיר־זשע לערנען אָט־די הייליגע עקדה פון דבורה׳ס זון.

און לאָמיר לערנען פ ו ן דער דאָזיגער עקדה, מיר, וואָס מיר זיינען אַפּט אָפּהענדיג לגבי די מיסיאָנערישע פּרוּווען אָפּצו׳שמד׳ן אידישע קינדער אין ישראל און — אומעטום.

(נאָכ׳ן אָפּדרוקען דאָס אויביגע האָבען זיך אָפּגערופען אידען פון שעדליץ, ווי משה ריבאק איצט אין טאָראָנטאָ, און קרובים פון דער פרוי טורמיק־האַלבערשטאַט, אין האָבען באַשטעטיגט אָט דעם פאַקט, צוגעבענדיג געוויסע פּרטים וועגען אָט דער אידישער פרוי.)

# חיי שרה

אברהם קלאַמערט זיך אין לאַנד

אייגנטליך וואָלט דאַך די היינטיגע סדרה געדאַרפט הייסען „מיתת שרה" און נישט „חיי שרה", ווערט דאַך גערעדט דאָ נישט וועגען שרה'ס לעבען, נאָר וועגען איר טויט. נאָר וויזט אויס, אַז אַ לעבען, אַ לעבען מיט טאָן גוטס, מיט אמונה, מיט חסד־פאַרשפּרייטען, אַ לעבען פון דערציִען אַ זון צו עקדה־געטריישאַפט און צו זיין אַ פאָטער פון אידישען פאָלק, אַזאַ לעבען ענדיגט זיך נישט מיט טויט. איבער דעם אַוועקגיין פון שרה'ן פון דער וועלט שאַטענט נישט דעריבער בלויז דער אומעט פון טויט, נאָר ס'ברויזט דער אימפּעטיגער הויך פון לעבען. (פּונקט ווי די סדרה וועגען יעקב אבינו'ס פטירה הייסט נישט „וימת" נאָר „ויחי".)

אַפילו דאָס איינקויפען אַ קבר פאַר שרה'ן איז ניט קיין „טויטע ביזנעס". אברהם וויל נישט איינהאַנדלען סתם קיין קבר, נאָר אַן „א ח ו ז ת קבר". תנו לי אחוזת קבר (כ"ג ד'), „גיט מיר אַן אַ נ ה אַ ל ט פון אַ קבר". דאָס איז נישט בלויז אַ רו־אָרט פאַר שרה'ן, — דאָס איז אַן איינקלאַמערן זיך אין לאַנד, אַן איינוואָרצלען זיך אין ארץ ישראל, אחוזה מיינט: אַנהאַלט, אַנשפּאַר, באַפעסטיגונג, איינגעפונדעוועטקייט!

דעריבער וויל אברהם אבינו נישט אָננעמען דאָס שטיקעל לאַנד אַלס מתנה — ער ווייסט אַפנים, אַז „לאַנד באַקומט מען נישט צוגעטראָגען אויף אַ זילבערנער טאַץ", ער גלויבט נישט אין כנעני'ישע מתנות, ער וויל גוט באַצאָלען „בכסף מלא". (און עפרון איז אַ גלענצענדער „סעילסמאַן"...) און אויך גוט זיך באַוואָרענען — שוין אפילו נאָכ'ן גוטען באַצאָלען...

די דאָזיגע „ריעל־עסטייט טראַנזאַקציע" (די ערשטע אין דער געשיכטע!) קומט פאָר לויט אַלע לעגאַלע פאַראַגראַפען, און מיט גרויס „פּובליסיטי": וידבר אל עפרון באזני עם הארץ... אברהם למקנה לעיני בני חת בכל באי שער עירו... „און ער האָט גערעדט צו עפרונ'ען אין די אויערען

פונ׳ם פאָלק פונ׳ם לאַנד... דער איינקויף פון אברהמ׳ען פאַר די אויגען פון די קינדער פון חת, פאַר אַלע איינוואוינער אין טויער פון זיין שטאָט״. (כ״ג, י״ג, י״ח).

ס׳איז אָפּגעמאָסטען און אָפּגעצייכענט געוואָרען דער שטח, וועלכען אברהם האָט אָפּגעקויפט מיט אַלע אָביעקטען, וועלכע האָבען זיך געפונען אויף אים, כדי ס׳זאָלען נישט זיין קיין טענות. ויקם שדה עפרון, אשר במכפלה, אשר לפני ממרא, השדה והמערה, אשר בו, וכל עץ בשדה, ואשר בכל גבולו סביב. הערט זיך גוט איין אין דעם בפרטיות׳דיגען אָפּצייכענען אַ שטיקעל „לאַט״, ריעל־עסטייט: „אַזוי איז געבליבען (פאַר אברהמ׳ען) 1) דאָס פעלד פון עפרונ׳ען, 2) וואָס אין מכפלה, 3) וואָס פאַר ממרא, 4) דאָס פעלד מיט דעם הייל וואָס אין דעם, 5) און אַלעביימער וואָס אויפ׳ן פעלד, 6) וואָס אין זיין גאַנצער גרעניץ אַרום״ (כ״ג, י״ז).

אַזויפיל אַלץ כדי צו באַוואָרענען, אַז די קינדער און קינדס־קינדער אברהמ׳ס זאָלען האָבען דעם באַזיץ פון, און צוגאַנג צו, דעם קבר־אבות, און נאָך דעם אַלעמען האָט ער דאָך נישט באַוואָרענט!... די מערת המכפלה געפינט זיך נאָך אין פרעמדע הענט...

די ערשטע אחוזה פונ׳ם ערשטען אידען אין ארץ־ישראל איז אַן אחוזת קבר. און אויך שפּעטער, ביז אין אונזער צייט, איז דאָס איינקלאַמערען זיך אין לאַנד, דאָס באַזיץ־נעמען פונ׳ם לאַנד אָנגעקומען מיט קברים, מיט קרבנות פון אידישע העלדען, וועלכע זענען געפאַלען אין קאַמף פאַר מדינת ישראל.

### אברהמ׳ס המשך אין אמונה און חסד

נאָכ׳ן באַקומען אַן אַחוזה אין לאַנד האָט אברהם זיך גענומען זאָרגען וועגען המשך. וועגען פאַרזעצען ווייטערדיגע דורות. און וועגען פאַרזעצען די ווערטען און די מידות, וועלכע האָבען געבילדעט דאָס וועזען פון אברהמ׳ען.

די הויפּט־מידה זיינע איז געווען חסד, גוטס־טאָן מענשען. און דאָס האָט ער געשטרעבט צו פאַרזיכערען פאַר זיין קינד און פאַר זיינע קינדס־קינדער. לאָמיר זען ווי אַזוי.

ויאמר אברהם אל עבדו זקן ביתו המושל בכל אשר לו (כ״ד, ב׳) „האָט אברהם געזאָגט צו זיין קנעכט, דעם עלטסטען אין זיין הויז, וואָס האָט געוועלטיגט איבער אַלעמען, וואָס ער האָט געהאַט״. אָט דאָ זעט מען די באַציאונג אברהמ׳ס צו זיינס אַ קנעכט: אַן עבד — אַ מושל, אַ דינער — אַ הערשער.

איצט לאָמיר זען, וואָס האָט אברהם געזוכט פאַר זיין זון און וואָס ער האָט געפונען. פון דעם שלל פון די ליכטיגע פאַרבען אין דעם דאָזיגען דראַמאַטישען בילד וועלען מיר אָנווייזען דאָ בלויז אויף איניגע שטריכן:

ערשטענס, כאַראַקטער. אויף „ותרד העינה ותמלא כדה ותעל" (כ"ד, ט"ז), זאָגט דער מדרש רבה: כיון שראו אותה המים מיד עלו, „ווי נאָר דאָס וואַסער האָט דערזען רבקה'ן איז עס באַלד אויפגעגאַנגען". דער רד"ק גיט צו פאַרשטיין פון וואַנען דער מדרש נעמט עס, ווייל ס'שטייט נישט „ותשאב", זי האָט אָנגעשעפּט, נאָר „ותמלא", ס'איז פון זיך אַליין פול געוואָרען.

פרעגט זיך:

אליעזר שטייט ביים ברונעם און זעט פאַר זיך אַ גרויס וואונדער, אַן איבערנאַטירליכע דערשיינונג: וואַסער גייט אַרויף! אַזאַ מופת! זעט ער דאָך שוין מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן. פונדעסטוועגען — איצט דאַרפען מיר זיך וואונדערען — הויבט ער ערשט אָן צו פאָרשען רבקה'ן, נעמט זיך ערשט אויספּרוואוען זי מיט פאַרשידענע עקזאַמענס, „טעסטס", צי וועט זי אים געבען אַ טרונק וואַסער... ווי געשיקט זיך דאָס?

נאָר אליעזר זאָגט זיך: מופתים זענען נישט גענוג — איך וויל זען מידות!

ניסים זענען פאַר אים ווייניג — ער וויל זען מעשים!

אליעזר באַנוגענט זיך נישט מיט דעם, וואָס עס געשעט מיט רבקה'ן, ער וויל זען, וואָס טוט זי אַליין. ער וויל זען כאַראַקטער.

און ער זעט. צוויי זאַכען זעט ער: ערשטענס, טעמפּאָ, צווייטענס, גוטס־טאָן אין אַלע אומשטאַנדען.

מיר האָבען ערשט אין דער פריערדיגער סדרה אָנגעוויזען, ווי דער אַלטער, קראַנקער און שטילער, געלאַסענער אברהם ווערט פלוצים פלינק און גיך, ווען ס'קומט יענעם אַ טובה צו טאָן. גענוי דאָס זעלבע זעען מיר איצט ביי רבקה'ן.

די אַטמאָספערע איז אַן אידילישע, אַ שטילע, דער גאַנג אַ פּאַמעליכער. דאָרף, שאָף, פּאַסטוכער, די זון פאַרנויגט זיך אין מערב, און רבקה שפּאַנט זיך גראַציעז צום ברונעם מיט קריג אויף איר אַקסעל. אָבער אין דעם מאָמענט, ווען דער וואַנדערער ווענדט זיך צו איר נאָך אַ טרונק וואַסער — ענדערט זיך מיטאַמאָל דאָס גאַנצע בילד: ס'ברויזט מיט אימפּעט, מיט דינאַמיק, עס יאָגט אַ שנעלער טעמפּאָ, גיך, געאיילעניש, — וואָס איז

געשען פלוצים? מ׳קען אַ מענשען אַ טובה טאָן! קוקט זיך צו צו דעם דאָזיגען געלויפעניש:

ותמהר ותורד כדה... ותמהר ותער כדה על השוקת ותרץ עוד אל הבאר... (כ״ד, י״ח־כ׳). „זי האָט זיך געאײַלט און אַראָפּגענומען דעם קרוג... און זי האָט זיך געאײַלט און אויסגעליידיגט דעם קרוג אין דער קאָרעטע און איז ווידער געלאָפען צום ברונעם...״

איר זעט אַן אײַלעניש און אַ לויפעניש.

און איצט לאָמיר פאַרלאָזען אויף אַ ווײַל רבקה׳ן און זען, וואָס טוט אליעזר. אליעזר טוט — גאָרנישט... רבקה לויפט, שלעפּט די קריגן וואַסער, נישט ווייניגע, אַנצוטרינקען אַזויפיל קנעכט, אַזויפיל קעמלען — האָט זי דאָך געדאַרפט קלערען: זיי שטייען מיט פאַרלייגטע הענט און איך וועל גיין האָרעווען און שלעפען פאַר זיי די שווערע קריגן וואַסער?

אָבער רבקה פרעגט נישט קיין קשיות, זי טוט אירס אַפילו ווען דער, וועמען זי העלפט, העלפט זיך נישט אַליין. דאָס איז נאָך אַ לימוד, אַ באַזונדערער לימוד אין הטבה. און אויך דערמיט האָט אליעזר זי אויסגעפּרואווט צי זי פּאַסט זיך אַרײַן אין אברהמ׳ס הויז.

און ערשט דעמאָלט גיט אליעזר אָפּ אַ דאַנק צום רבונו של עולם, וואָס האָט באַגליקט זײַן וועג: אשר לא עזב חסדו ואמתו מעם אדוני (כ״ד, כ״ז), „וועלכער האָט נישט פאַרלאָזט זײַן חסד און זײַן אמת פון מײַן האַר״. צוויי ווערטער זענען דאָ נישט פאַרשטענדליך, וואָס מיינט „אמתו״, ווי קומט דאָ אַרײַן אמת? צווייטענס, ס׳דאַרף דאָך שטיין „מאת אדוני״ און נישט „מעם אדוני״?

נאָר ווען אליעזר האָט געזען, אַז רבקה׳ס חסד איז נישט קיין אָנשטעל, נישט קיין קורטואַזיע בלויז, אַ מין „פּאַרמעלע״ לפנים׳דיגע העפליכקייט, נאָר „חסדו ואמתו״ אַן אויפריכטיג, האַרציג גוטס־טאָן, — האָט ער געדאַנקט ג־ט פאַר דעם חסד, וועלכער איז „מעם אדוני״, וועלכער איז מיט אברהמ׳ען, פון אברהמ׳ס סאָרט: עכט, נישט געפעלשט.

אליעזר׳ס נגיעה און די האַנט פון השגחה

דאַן דערציילט אליעזר ביי בתואל׳ן אין הויז וועגען דעם צוועק פון זײַן שליחות, דערביי חזר׳ט ער איבער, ווי ער האָט געזאָגט אברהמ׳ען: אולי לא תלך האישה אחרי (כ״ד, ל״ט), אויף וואָס רש״י זאָגט: אלי כתיב, בת היתה לאליעזר. דאָס הייסט, אַז אליעזר האָט געהאַט אַ נגיעה.

פרעגען טייל מפרשים: פאַרוואָס שטייט „אלי״, לויט רש״י׳ס דרש

ערשט ביים איבערדערציילען פאַר בתואל'ן און נישט ביים ערשטען מאָל, ווען ער האָט גערעדט צו אברהמ'ען?

איז דער ענטפער:

מילא, אַז אליעזר האָט גערעדט מיט אברהמ'ען האָט ער אים געמוזט איבערפרעגען, וואָס צו טאָן אין פאַל ווען זיין קרובה וועט נישט וועלען גיין; אָבער צו־וואָס האָט ער געדאַרפט דערציילען בתואל'ן, אַז ס'איז מעגליך, אַז ער, בתואל, זאָל גאָרנישט באַשטיין אויף דעם שידוך? צו־וואָס אַזאַ מין הוה אַמינאַ און אָנצוהערעניש? איז דערפון קלאָר, אַז אליעזר האָט געהאָט אַ נגיעה, אלי כתיב...

אָבער די השגחה האָט געפירט און זיי זענען יאָ באַשטאַנען.

ויען לבן ובתואל ויאמרו, אם מה' יצא הדבר... (כ"ד, ב'), „און לבן און בתואל האָבן געענטפערט און געזאָגט, אויב פון ג־ט איז די זאַך אַרויסגעגאַנגען..."

ווי זיי האָבען געזען ווי אַזוי רבקה האָט זיך פיין אויפגעפירט אין הטבה, וואָס נישט ביי זיי האָט זי דאָס געלערנט, האָבען זיי געזען, אַז זי געהער נישט צו זיי און זייערסגלייכען... אַז זי געהער צו אברהמ'ס הויזגעזינט.

די וועלט זאָגט, אַז „מען ווערט געבוירען לויט אין וואָסער הויז. משפחה, מ'דאַרף אַריינקומען, מיט וועמען מ'דאַרף זיך משדך זיין"... האָבען בתואל און לבן געזען, אַז רבקה געהערט אין אברהמ'ס הויז.

האָבען זיי געזאָגט אליעזר'ן: ותהי אישה לבן אדונך כאשר דבר ה' (כ"ד, נ"א), „זאָל זי זיין אַ פרוי צו דיין האַר'ס זון ווי ג־ט האָט גערעדט", ווי געפינען מיר, אַז ג־ט זאָל האָבען אַזוי געזאָגט?

נאָר דאָ האָבען מיר אַ לימוד אין גלויבען אין השי"ת'ס השגחה, אין דערזען ג־ט'ס הנהגה, אין פאַסירונגען פון מענשען: „כאשר דבר ה'" מיינט דאָ „ווי ג־ט האָט געפירט", ווי אין „ידבר עמים תחתינו" (תהלים, מ"ז) ידבר — ער וועט פירען", ווי „דבר (מיט אַ פתח) אחד לדור", איין פירער צום דור".

דער „ספורנו" טייטש: שחר נתן אותי על רצונו בזה, השי"ת האָט געגעבען אַ סימן דערויף. דער רמב"ם זאָגט דערויף, אַז אין צופאַלען דאַרף מען זען די השגחה עליונה (מורה נבוכים, ב', פרק מ"ח), ווי השי"ת האָט אַנטפלעקט זיין ווילען דורך אָט דער פאַסירונג.

אַזוי האָבען זיי אין די אַלע געשעענישען אַרום דעם ענין געזען ג־ט'ס האַנט, וועלכע פירט דעם מענשען צו זיין באַשטימונג.

## די ראָלע פון דער אידישער פרוי

ויהיו חיי שרה... „און ס'איז געווען דאָס לעבען פון שרה'ן..." אַזוי פאַרענדיגט זיך אַ לעבען, און ס'שליסט זיך אַ קרייז פון אַ משפחה, שליסט זיך און — הויבט זיך אָן.

ביז אברהמ'ען זעען מיר אַ פאָרמלאָזע מאַסע פון מענשען געטריבענע פון אינסטינקטען, אויסגעוואָרצעלטע און שווימענדיגע מיט'ן אָפּשוים אויף אַ שטראָם פון רציחות און רשעות — קין הרג'עט הבל'ן, דור המבול און זיין פאַרדאָרבענקייט, דור הפלגה און זיין צעפאַרענקייט... מענשען שווימען אָן אַ קאָמפּאַס, אָן אַ וואוהין. מענשען אָן אַן א י נ ה אַ ל ט און אָן אַ נ ה אַ ל ט.

ערשט מיט אברהמ'ען באַווייזט זיך די אייגנטליכע פאָרם פון נאָרמאַלער, ווירדיגער, מענשליכער עקזיסטענץ — מ ש פ ח ה. ערשט מיט אברהמ'ען באַקומט דער תנ"ך־מענש אַן א י נ ה אַ ל ט און אַן אַ נ ה אַ ל ט, רעדענדיג אין לשון קודש'דיגען אידיש: אַ ת ו כ ן און אַן א ח ו ז ה. אַ תוכן: אין אמונה, אין משפחה, אין אויפשטעלען אַ דור צו אמונה. אַן אחוזה: אין אַ היים, אין אַ היימלאַנד.

און אינמיטען פון דעם געבוי שטייט די פרוי. און די צוגעבונדענקייט צו פרוי, צו משפחה די זאָרג פאַר פרוי און קינד. פון די אַלע פונדאַמענטען־לייגען שיילט זיך אַרויס דער פאָרטרעט פון דער אידישער פרוי אין דעם פּראָטאָטיפּ, שרה!

אָט זענען די שטריכען פון אָט דעם פּאָרטרעט, וואָס די תורה אַליין צייכענט אָן, און וואָס די חז"ל צייכענען ווייטער: „אַלץ וואָס שרה זאָגט דיר הער זיך צו צו איר קול", כל אשר תאמר שרה אליך שמע בקולה (כ"א, י"ב). דאָן זאָגט דער מדרש רבה: אַז פאַר אַ פרוי איז געגעבען געוואָרען פאַרשטאַנד מער ווי צו אַ מאַן... אשה ניתן בה בינה יותר מאיש (בראשית רבה).

וואָס דאַרפט איר מער? אברהם איז דאָך געווען דער סימבאָל פון חסד, פון גוטס־טאָן, פון הכנסת אורחים, פון מסירת נפש, כדי צו העלפען מענשען; יאָ, — אָבער דאָס אַלץ כל זמן שרה האָט געלעבט. אַ דאַנק איר, און מיט איר מיטהילף, האָט אברהם געקענט באַווייזן וואונדער אין הטבה, אין טאָן גוטס. ווי נאָר שרה איז געשטאָרבען, — אָבער לאָמיר לאָזען זאָגען דעם מדרש אַליין:

„אַלע טעג וואָס שרה האָט געלעבט זענען די טירען פון איר

הויז געווען ברייט אָפֿען, ווי נאָר זי איז געשטאָרבען האָט זיך אויפגעהערט די דאָזיגע ברייטקייט" (בראשית רבה, חיי שרה).

די חז"ל זאָגען, אַז די גאַנצע ברכה קומט פון דער פרוי (בבא מציעא), נאָך מער: אַ מענשענ'ס היים איז בלויז די פרוי, ביתו זו אשתו (יומא, ב'). דאָס ליכט פון אַ אידיש היים איז די פרוי: „אַזוי לאַנג ווי שרה האָט געלעבט האָט אַ ליכט געברענט פון איין ערב שבת צום אַנדערען, ווען שרה איז געשטאָרבען איז אויסגעלאָשען געוואָרען דאָס ליכט" (בראשית רבה, דאָרט).

די חז"ל גייען אַזוי ווייט און זאָגען, אַז „אברהם איז געווען אַ טפל צו שרה'ן אין נביאות", אברהם טפל לשרה בנביאות (דאָרט). אַזוי האָבען די חכמים אונזערע געזען און געריסט די אידישע פרוי, וועמענס פּראָטאָטיפּ, ד. ה. די ערשטע, די אור־מוטער, איז געווען שרה.

האָט אברהם געהאַט אויף וואָס צו קלאָגען.

אָבער איצט דאַרף ער טאָן איר דעם לעצטען חסד. און די סדרה דערציילט אויספירליך, מיט אַלע פּרטים, ווי אַזוי אברהם אָבינו האָט מיט גרויס מי און דינגעניש און באַוואָרעניש אָפּגעקויפט אַ פּאַר שפּאַן ערד פאַר זיין ווייב שרה'ן. ס'וואָלט זיך געקענט דאַכטען, צו וואָס די אַלע פּרטים וועגען די האַנדלענישען אַרום דעם קבר? די תורה דער־ציילט דאָך נישט סתם קיין מעשיות — וואָס לערנט מען דערפון?

איז דער ענטפער: מ'לערענט אַ סך.

ערשטענס, זע — אברהם אָבינו, דער וועלכער האָט פאַרשפּרייט ג־ט־וויסען און ג־ט־באַוואוסטזיין אויף דער וועלט; אברהם, וועלכער האָט זיך מוסר נפש געווען אַריינצוברענגען אמונה אין מענשליכע הערצער, וועלכער האָט פאַרשפּרייט חסד, גוטסקייט און גוטס־טאָן מענשען, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט הכנסת אורחים; אברהם, וועלכער האָט געזאָרגט און מתפלל געווען פאַר דער גאַנצער וועלט, אָפילו פאַר די זינדיגע, — בעט ער דאָך רחמים פאַר סדום — ער אַליין, ווען ס'קומט אויף אים אַן אומגליק און זיין ווייב שטאַרבט, האָט ער נישט זיין אייגענס קיין עטליכע שפּאַן ערד, וואו זי קובר צו זיין.

דאָס זעט מען, ווי פאַר די אָבות איז קיין שום זאַך נישט אָנגעקומען לייכט. אָפילו אַ קבר איז אברהמ'ען נישט אָנגעקומען אָן שוועריג־קייטען. אָפילו אַ קבר האָט ער געמוזט זיך באַוואָרענען מיט אַלערליי פאָראויסדיגע אויסנעמעכצען און לעגאַלע גאַראַנטיעס, ווי דער „אור החיים" הק' ברענגט עס אַרויס.

## אַ שטיק ערד ווערט דערהויבען

**אויף** ויבוא אברהם לספוד לשרה, זאָגט רש״י: מבאר שבע — „ער איז געקומען פון באר שבע״. אָבער אין אַנדערע שטעלען ווערט געזאָגט, אַז ער איז געקומען פון הר המוריה. מהיכן בא? מהר המוריה בא.

ויבוא אברהם מיינט, לויט מפרשים, אַז אברהם איז אַרויס־געגאַנגען פון אַ געוויסען שטאַנדפונקט, פון אַ געוויסער באַזע, פון וועל־כער ער האָט מספיד געווען שרה׳ן.

ליגט אין רש״י׳ס פירוש „מבאר שבע״ פאָלגענדער געדאַנק: ווען אברהם האָט געוואָלט מספיד זיין שרה׳ן, ויבוא אברהם לספוד לשרה, איז ער אַרויסגעגאַנגען פון באר שבע, פון אירע מעשים אין באר שבע. וואָס זיינען געווען שרה׳ס מעשים אין באר שבע? חסד. דאָרט האָט זי מכניס אורחים געווען. דאָרט האָט זי גוטס געטאָן פאַר מענשען. דאָרט האָט זי געהאָלפען באַדערפטיגע. וואָלט דען אברהם געקענט אַזוי מקיים זיין די מצוה פון הכנסת אורחים, פון חסד — ווען זיין ווייב וואָלט אים נישט געהאָלפען?

איז ווען אברהם האָט געדאַרפט מספיד זיין שרה׳ן, האָט ער נישט אָנגעהויבען פון הר המוריה, ד. ה. וואו זי האָט דערצויגען אַ זון צו דער עקדה, נאָר פון באר שבע, וואו זי האָט געטאָן חסד.

ויקם שדה עפרון אשר בכפלה... לאברהם למקנה... — „איז געבליבען דאָס פעלד פון עפרון׳ען, וואָס אין מכפלה... דער איינקויף פון אברהמ׳ען״... (בראשית כ״ג, י״ז).

דערנאָך שטייט ווייטער: ויקם השדה והמערה אשר בו, לאברהם, לאחוזת קבר מאת בני חת — „אַזוי איז געבליבען דאָס פעלד, און די הייל וואָס דרינען, ביי אברהמ׳ען פאַר אַ קבר־אייגענטום, פון די קינדער פון חת״ (כ״ג, כ׳).

פאַרוואָס דאָ דער אויסדרוק „ויקם״, אין ויקם שדה עפרון? און דאַן נאָך אַמאָל אין ויקם השדה והמערה?

ענטפערט רש״י: „דאָס פעלד האָט געהאַט אַן אויפשטייג, עס איז אַרויס פון אַ הדיוט צו אַ מלך״. תקומה היתה לו, שיצא מידי הדיוט לידי מלך.

פרעגט דערויף דער טעלזער ראש ישיבה און רב, רבי יוסף לייב בלאָך זצ״ל (אין „שיעורי דעת״, חלק א׳, זייט 44): וואָס איז שייך צו זאָגען ביי אַ פעלד, ביי אַ דומם, תקומה, אויפשטייג, התרוממות? איז דאָך

דער דאָזיגער באַגריף שייך בלויז צו בעלי שכל און בעלי הרגשה, צו מענטשן, וועלכע פאַרשטייען און וועלכע פילען? אַפילו ביי אַנדערע בעלי חיים גייט נישט אָן דער ענין תקומה, און אַוודאי נישט ביי אַ דומם.

ענטפערט דער טעלזער ראש ישיבה:

לויט די באַגריפען פון פשוט׳ע מענטשען איז דער בעל חי, דער צומח און דער דומם אַ זאַך פאַר זיך, אָן שייכות מיט אַנדערע. ביי זיי איז די התחלה און אין זיי איז דער תכלית.

לויט תורה׳דיגער השקפה, אָבער, איז יעדער נברא, בעל חי, און אַפילו אַ צומח און אַ דומם, אַ טייל פון באַשאַפונגס־פּלאַן, פאַרוואָרצעלט און באַהעפט אין אַ העכערער מדרגה, אין אַ העכערער וועלט. ווי מיר געפינען אין מדרש:

„עס איז ניטאָ קיין גרעזעל, וואָס זאָל נישט האָבען קיין מזל אין הימעל, וואָס קלאַפּט אויף אים און זאָגט אים: וואַקס!״ ואומר לו גדל (בראשית רבה, י׳).

דעריבער טוט דאָס קונה־זיין אַ חפץ, אַ פעלד, באַווירקען אַן ענדערונג אין וועזען פון דעם געגענשטאַנד. זיין מציאות ווערט אַן אַנדערע דורך דעם שייכות מיט אַן אַנדערן מענטשען.

ווי עס ווערט געבראַכט אין ספרים, אַז זאַכען, פעלדער און הייזער, וואָס אַ מענטש באַזיצט, האָבען אַ שייכות צו זיין שורש נשמה, זענען אַ טייל פון אים.

און, מען קען צוגעבען, ס׳איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי די „נשמה פון זאַכען״.

דעריבער ווען דאָס פעלד איז איבערגעגאַנגען פון עפרון׳ען צו אברהמ׳ען — און דאָס לויט דער הלכה פון דער תורה, לויט די דינים פון קנין — איז פאָרגעקומען ניט בלויז אַן ענדערונג אין אייגענטימער, נאָר אויך אַ שינוי אין מהות פונ׳ם פעלד. דאָס פעלד, דער דומם, האָט דערגרייכט דערהויבונג, ווי רש״י זאָגט: תקומה היתה לו.

באמת, קען נאָך זיין אַ העכערע דערהויבונג פאַר אַ פשוט׳ער הייל, פאַר אַ לאָך אין אַ פעלד, ווי צו ווערען דאָס רו־אָרט פון די אָבות? קען נאָך זיין אַ גרעסערע תקומה פאַר אַ שטיק ערד ווי צו ווערען די מערת המכפלה?

נאָך אויפשטייג אויפ׳ן שפיץ באַרג — אַן אָנהאַלט אין באָדען

**נישט** קיין קבר האָט אברהם געבעטען פאַר שרה׳ן, נאָר אַן אחוזת קבר, אַן „אָנהאַלט פון אַ קבר״. נאָך הר המוריה איז געקומען מערת המכפלה. נאָך העכסטער דערהויבונג איז געקומען דאָס איינקלאַמערן זיך אין דער ערד. כדי נישט צו ווערען קיין אותיות פורחות; כדי נישט צו בלייבען הענגען אין דער לופט — אַפילו ווען דאָס איז אין די העכסטע ספערען פון דערהויבונג.

פונקט ווי פריער זיינען זיינע קינדער פאַרגליכען געוואָרען סיי צו די שטערן פונ׳ם הימעל, ככוכבי השמים, און סיי צו ערד, כעפר הארץ, און פונקט ווי שפעטער האָט יעקב געזען די הימעל־גרייכענדיגע לייטער, ווי זי שטייט אויף אַ פעסטען באָדען, דעם סולם מוצב ארצה, און וראשו מגיע השמימה, און גרייכט צו די הימלען.

יהדות האָלט נישט פון אַבסטראַקציעס. יהדות איז נישט קיין טעאָריע אַן פראַקטיק. יהדות מיינט מצוות מעשיות און — מעשים. די אידישע אמונה איז פאַרוואָרצעלט אין פעסטען באָדען פון ווירקליכקייט — ווי הויך מיר זאָלען נישט גרייכען. ווען עס איז צוגעזאָגט געוואָרען וזכרתי את בריתי אברהם גו׳, דער בונד פון ג־ט מיט אברהמ׳ען, וואָס איז בלויז רוחניות, איז אויך צוגעזאָגט געוואָרען: ואת הארץ אזכור — „און דאָס לאַנד וועל איך געדענקען״. דער זכות פונ׳ם לאַנד ווערט געדענקט אין איין אָטעם מיט זכות אָבות.

איז אברהם אַראָפּגעקומען פון די העכסטע שפּיצען פון רוחניות, פון דער עקדה, צום ממשות׳דיגען באָדען פונ׳ם לאַנד, צו דער אחוזה אין ארץ ישראל. „גיט מיר אַן אַחוזה אין לאַנד״, תנו לי אחוזה — האָט ער זיך געבעטען.

דורך צוויי פאַקטאָרען קלאַמערט זיך איין אַ מענש אין לאַנד, דורך קשר אָבות און דורך קשר בנים; דורך תנו לי אחוזת קבר, דאָס רו־אָרט פון די אָבות, ווי מיר לייענען אין דער סדרה, איז דורך כי תוליד בנים ובני בנים ונושנתם בארץ, „ווען דו וועסט געבוירען זין און אייניקלעך, וועט איר זיך עלטערן אין לאַנד״.

דעריבער ווערט וועגען שרה׳ס שטאַרבען דערציילט אין פיר ווערטער: ותמת שרה בקרית ארבע — אָבער וועגען קבר פאַר איר ווערט דער־ציילט גאָר באריכות אין אַ לאַנגער פרשה. ווייל דאָס קבר איז אַן

אָנהאַלט אין באָדען, אַן איינקלאַמערן זיך אין דער ערד, אַן איינוואָרצלען זיך אין לאַנד.

דאָס איז דער אידישער „וועג פון שטאַרבען", דער אידישער „ווער און דעד"; איינוואָרצלען זיך דורך קרבנות.

לעצטענס, האָט דאָס נייע בוך „דער אַמעריקאַנער וועג פון שטאַר־בען" („דהי אַמעריקען וועי אָוו דעד") אַרויסגערופען אַ גרויסן אינטערעס. דער מוסר השכל פאַר אונז פון אָט־די שילדערונגען דאָרט איז דער:

פאַראַן אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען באמת טויט — אָבער זייער לויה גייט אָן יאָרען, און קאָסט אָפּ מיליאָנען פון קהל'שע אידישע געלטער. די אָפּיסעס פירען אָן פּאַקטיש נישט מיט אַ לעבעדיגער באַוועגונג, נאָר מיט אַ קאָסטשפּיליגער לויה. זיי פאַרציען זי אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, אַז עס האַלט נאָך וויט נישט ביי דער קבורה, — וואָרים דעמאָלט וואָלט מען דאָך אויך מקבר געווען די עקזיסטענץ־באַרעכטיגונג פונ'ם אָפּיס. און עס איז דאָך אַ כלל גדול אין אידישען לעבן, אַז אַן אָפּיס שליסט מען ניט...

כאָטש, אויף וועמען וואַרט מען דאָ? ווער פעלט עס ביי דער פאַרשלעפּטער לויה? מספּידים? זיי זיינען פאַראַן איבערגענוג. הספּדים? זיי גייען אָן יאָרען — אין דעם זעלבען רוטין־נוסח: „שוואַרצע וואָלקענס אויפ'ן אידישען האָריזאָנט"... אָדער: „נאָך נישט געווען אַזאַ שווערע צייט אויף אידען"... (וואָס עס הייבט זיך נישט אָן...), און דעריבער דאַרף מען זיי, די פּאָליטישע מתים, וואָס ווילען נישט גיין אין זייער רו אַריין און שרעקען קינדערשע אַלטע אידען — ווייל קיין יונגע קומען נישט צו — שליידערן דעם אמת אין פנים אַריין.

פעלען פעלט דער חברה־קדישא־מאַן, וואָס, ווי עס איז געווען דער מנהג אין ליטע, פלעגט אַריינשעפּטשען דעם בר־מינן דעם „סוד" אין אויער אַריין: פלוני בן פלוני, זיי וויסען, אַז ביזט געשטאָרבען...

אַז עס איז נישטאָ דער „אַנאָנסער", וואָס זאָל אַריינזאָגען דעם פּאָליטישען צי אָרגאַניזאַציאָנעלען בר־מינן דעם דאָזיגען „סוד" — פון וואַנען זאָל ער עס וויסען? דרייען זיך אַרום פּאָליטישע מתים אויף אייגענע, לאַנג־דויערענדיגע לויות, און אַפּעלירען, פּאָדערן, רופען אסיפות, טומלען — אין נאָמען פון שוין מקוים־געוואָרענע אָדער אויסגערונענע חלומות, צי שאַבלאָנישע טויטע מליצות...

לערנען מיר דאָ, אין דער היינטיגער סדרה, דעם אידישען וועג פון שטאַרבען און דעם אידישען וועג פון לעבען: ויקם אברהם מעל פני

מתו — „אברהם איז אויפגעשטאַנען פון זיין מת". פאַראַן מענשען, וואָס ווערען געבראָכען פון אומגליק — אברהם איז דערהויבען געוואָרען פון אומגליק, איז געלייטערט געוואָרען פון ליידען.

ס'וואַינט צווישען זיי אברהם אָבינו און — זיי בלייבען זיי...

אָבער איצט טראַכט אבוהם וועגען אויפשטעלען אַ דור. וועלכער זאָל איבערנעמען זיין גייסטיגע ירושה, זיין אמונה, זיין חסד. זאָגט ער צו אליעזר'ן זיין קנעכט.

„און איך וועל דיך באַשווערען ביי ה', דעם ג־ט פון הימעל און דעם ג־ט פון דער ערד, אַז דו זאָלסט נישט נעמען קיין ווייב פאַר מיין זון פון די טעכטער פון דעם כנעני וואָס איך זיץ צווישען אים", ואשביעך בה' אלוקי השמים ואלוקי הארץ, אשר לא תקח אשה לבני מבנות הכנעני, אשר אני יושב בקרבו (כ"ד, ג').

דער סוף פונ'ם פסוק „וואָס איך זיץ צווישען אים", אשר אָני יושב בקרבו, זעט אויס ווי איבעריג. צו וואָס האָט אברהם דאָס געדאַרפט דערמאָנען?

נאָר דער אַשר אָני יושב בקרבו איז ווי אַ טעם, ווי אַ מאָטיוו. נעמליך, אברהם זאָגט צו אליעזר'ן צוויי זאַכען: ערשטענס, איך וואוין דאָך צווישען זיי — קען איך זיי גוט, און ווייס, אַז מיין זון פאַסט זיך נישט אַריין צו זיי, און נישט זיי צו אים...

צווייטענס, אברהם זאָגט: זע איך זיץ צווישען זיי, אָני יושב בקרבו, איך בין צווישען זיי — און דאָס ווירקט גאָרנישט, ס'האָט נישט אויף זיי קיין שום השפעה; זיי לערנען גאָרנישט. זיי ווערען פון גאָרנישט נתפעל. קאַלטע גזלנים. נישט דער חסד און די הכנסת אורחים האָט זיי באַווירקט, און נישט אַפילו די עקדה האָט זיי אויפגעטרייסעלט. הייַנט ווי קומט מיין זון צו זיי?...

ווי די גמרא ברענגט: „רבי אשי האָט געזאָגט: די שטאָט־מענשען פון מחסיא זענען פאַרשטאַרצטע הערצער, זיי זעען דעם כבוד התורה צוויי מאָל אין יאָר און קיינער פון זיי איז זיך נישט מגייר". אָמער רב אַשי בני מתא מחסיא וכו' (ברכות, י"ז).

איז געווען אברהמ'ס וואונש, אַז זיין זון זאָל נישט אַריינפאַלען צו אַזעלכע מענשען.

דאָס איז געווען זיין לעצטער וואונש — הגם אברהם האָט נאָך

געלעבט לאַנג, און די תורה דערציילט נאָך אַ סך וועגען אים, אָבער פון אים אַליין הערען מיר נישט מער. דאָס זענען אברהמ׳ס לעצטע רייד אין דער תורה.

## אַ שידוך פון ערד און הימעל

האָט אברהם געזאָגט צו אליעזר׳ן:

ואשביעך בה׳ אלוקי השמים ואלוקי הארץ... — „און איך וועל דיך באַשווערען ביי ג־ט פון הימעל און ג־ט פון דער ערד... (כ״ד, ג׳).

אברהם האָט געזאָגט צו אליעזר׳ן: מיין נישט, אַז דאָ גייט עפּעס סתם וועגען אַ שידוך — דאָ גייט וועגען אַ שידוך צווישען הימעל און ערד. דאָ גייט וועגען התקשרות פון ערדישען מיט הימלישען. דעריבער באַשווער איך דיך באלוקי השמים ואלוקי הארץ... (דער סטריקאָווער רבי, האדמו״ר ר׳ זאב לאַנדוי, זצ״ל).

אויף „אולי לא תלך האשה״ — „טאָמער וועט די פרוי נישט וועלען גיין״, זאָגט רש״י: אברהם האָט געזאָגט: „אין אָרור מדבק בברוך״. פרעגט מען: עס האָט דאָך געדאַרפט שטיין: „אין ברוך מדבק בארור״?

איז דער ענטפער: ווען דער ברוך זוכט זיך צו פאַרבינדען מיט׳ן אָרור, ווערט ער אַזוי געפאַלען ביי דעם אָרור, אַז ער, דער פאַרשאָלטענער, וויל גאַרנישט זיך חבר׳ן מיט אים; אים שטייט נישט אָן די פריינטשאַפט.

אַ קל־וחומר ווען אַ מערדער זעט ווי זיין קרבן, אָדער זיין קרבנ׳ס ברודער, דער גואל הדם, וויל זיך גאָר מיט אים באַפריינדען — וואָסער רעספעקט קען ער האָבען פאַר אים? שטייט דעמאָלט נישט אָן דעם פאַרשאָלטענעם, דעם אָרור, דעם רוצח, זיך צו פאַרבינדען מיט דעם קרבן, צי גואל הדם...

מען דאַרף נישט ערשט צעלייגען אויף טעלערלעך דעם „נמשל״, וואָס וואַרפט זיך פון זיך אַליין — די באַמיאונגען פון אידען, אַז דער דייטש, ימ״ש, זאָל באַווילליגען אָנצוקניפּען דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען מיט ישראל, „דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען״ פונ׳ם תליין מיט׳ן קרבן...

אָבער דער אָרור וויל זיך נישט פאַרבינדען מיט׳ן ברוך, אים, דעם תליין, שטייט נישט אָן... ער וויל נישט...

איז — גם זו לטובה...

איך אַ טראָפן וואַסער קען זיך אָפּשפּיגלען חסד־גרויסקייט

אין צענטער פון דער היינטיגער סדרה שטייט דער סיפור ווי אַזוי ס׳איז צושטאַנד געקומען דער שידוך פון יצחק׳ן מיט רבקה׳ן.

מפרשים וואונדערן זיך אויף דעם איבער׳חזר׳ען דאָס דערציילען ווי אַזוי אליעזר האָט געטראָפען רבקה׳ן. איין מאָל דערציילט די תורה ווי אַזוי אברהם האָט גערעדט צו אליעזר׳ן, ווי אַזוי אליעזר איז געקומען צום ברונעם און געטראָפען רבקה׳ן. דאָס צווייטע מאָל ווערט איבערגע׳חזר׳ט דער זעלבער סיפור ווי אליעזר האָט אים דערציילט בתואל׳ן און לבנ׳ען. פרעגט מען: צו וואָס צוויי מאָל דאָס זעלבע?

אָבער, צוריקגעשמועסט, איז עס טאַקע גענוי דאָס זעלבע?

ניין. ס׳זענען פאַראַן ענדערונגען, שנויים, פאַרשידענקייטען צווישען דעם וואָס די תורה דערציילט פון זיך און צווישען דעם וואָס די תורה גיט איבער ווי אליעזר דערציילט רבקה׳ס משפחה. און דידאָזיגע ענדערונגען זענען גאָר באַלערענד, — ווי אַלץ אין דער תורה.

אליעזר האָט געהאַט פאַר זיך אַ שליחות:

אויסצופירען אַ שידוך פאַר יצחק׳ן. האָט ער אַלץ געטאָן דער שידוך זאָל צושטאַנדקומען, און גאָרנישט געטאָן וואָס קען דעם שידוך שטערען.

און דערפון נעמען זיך די פאַרשידענקייטען.. מאַכט אויף דאָס חומש׳ל און לאָמיר גיין כסדר:

אין ספור פונ׳ם פסוק לייענען מיר: וה׳ ברך את אברהם בכל" „און ג־ט האָט געבענשט אברהמ׳ען מיט אַלעמען" (כ"ד, א׳). אליעזר דערציילט: „וה׳ ברך את אַדוני מאוד ויגדל ויתן לו צאן ובקר וכסף וזהב ועבדים ושפחות וגמלים וחמורים" „און ג־ט האָט זעהר געבענטשט מיין האַר, און ער איז געוואָרען רייך; און ער האָט אים געגעבען שאָף און רינדער, און זילבער און גאָלד, און קנעכט און דינסטען, און קעמלען און אייזלען" (כ"ד, ל"ה).

דער אונטערשייד איז דער: „בכל" „מיט אַלעמען" קען אויך מיינען: אַלץ וואָס אַ מענש דאַרף האָבען צום לעבען. דאָס קען זיין באַשיידען אויך. אליעזר האָט אָבער געוואוסט מיט וועמען ער האָט צו טאָן, מיט דעם געלד־גייציגען און רייכטום־גיריגען לבן, האָט ער אויסגערעכענט און אויסגערימט בפרטיות אברהמ׳ס רייכטום, כדי צו אימפּאָנירען. און כדי „דער שידוך זאָל ווערען".

ווייטער דערציילט דער פסוק ווי אברהם האָט געזאָגט צו אליעזר׳ן „ואשביעך בה׳ אלוקי השמים ואלוקי הארץ״. „און איך וועל דיך באַשווערען ביי ג־ט, דעם ג־ט פונ׳ם הימעל און דעם ג־ט פון דער ערד״ (כ״ד, ג׳).

ווי אַזוי דערציילט עס אָבער אליעזר בתואל׳ען און לבנ׳ען? דאָ מאַכט ער עס בקיצור: „וישבעיני אדוני לאמור״, „און מיין האר האָט מיך באַש־וואוירען אַזוי צו זאָגען״ (כ״ד, ל״ז).

דאָ איז שוין פונקט פאַרקערט — אליעזר ווייסט, אַז ער דאַרף דאָ נישט רעדען צופיל מיט ג־ט, דאָס וועט לבנ׳ען נישט „געמען״... דערמאָנט ער נישט ג־ט׳ס נאָמען.

דאָס זעלבע ווייטער. אברהם זאָגט צו אליעזר׳ן: „ה׳ אלוקי השמים אשר לקחני מבית אָבי ומארץ מולדתי ואשר דבר לי ואשר נשבע לי״... ג־ט דער ג־ט פון הימעל, וואָס האָט מיך אַרויסגענומען פון דעם הויז פון מיין פאָטער און פון דעם לאַנד פון מיין געבורט און וואָס האָט צו מיר גערעדט און וואָס האָט מיר געשוואוירען״... (כ״ד, ז׳).

ווי אַזוי זאָגט עס אין נאָמען פון אברהמ׳ען אליעזר צו לבנ׳ען? „ה׳ אשר התהלכתי לפניו״. „ג־ט, וואָס איך בין געגאַנגען פאַר אים״. נישט מער. אליעזר ווייס אַז דאָ דאַרף ער נישט מאריך זיין. דאָס וועט בתואל׳ן און לבנ׳ען נישט באַאיינדרוקען. מאַכט ער עס בקיצור...

אויף אַן אַנדער אָרט, אברהם זאָגט: „כי אל ארצי ואל מולדתי תלך״. „נאָר צו מיין לאַנד און מיין אָפשטאַם זאָלסטו גיין״. אליעזר דערציילט: „אם לא אל בית אָבי תלך״, „נישט אַנדערש נאָר צו מיין פאָטער׳ס הויז זאָלסטו גיין״ (כ״ד, ל״ח), ער וויל חנפ׳ענען בתואל׳ס הויזגעזינד, אַז אברהם האָט אים געהייסען גיין ספּעציעל צו אים און נישט סתם אין פאָטער־לאַנד אַריין, (ווי אברהם זאָגט עס).

אַזוי ווייטער. אברהם זאָגט צו אליעזר׳ן: „ולקחת אשה לבני משם״, „זאָלסט נעמען אַ פרוי פאַר מיין זון פון דאָרט״ (כ״ד, ז׳). אליעזר זאָגט צו בתואל׳ס הויזגעזינט: „ולקחת אשה לבני ממשפחתי ומבית אבי״ — „און זאָלסט נעמען אַ פרוי פאַר מיין זון פון מיין משפחה און פון מיין פאָטער׳ס הויזגעזינט״ (כ״ד, מ׳).

ווידער אַמאָל — אליעזר גייט אים חנפה׳נען, אימפּאָנירען, און „פוצט״ צו אַביסעל אברהמ׳ס ווערטער...

רש״י דערקלערט די אַנדערע ענדערונגען.

יעדער מינדעסטער שנוי האָט אַ באַזונדערע באַדייטונג, — ווי יעדעס וואָרט אין דער תורה.

אזוי אויך זעען מיר אין דעם אונטערשייד: אברהם צו אליעזר'ן: „ולקחת אשה לבני ליצחק", „זאלסט נעמען א פרוי פאר מיין זון, פאר יצחק'ן" (כ"ד, ד'). אליעזר צו בתואל'ן: „ולקחת אשה לבני" — „זאלסט נעמען א פרוי פאר מיין זון" (כ"ד, ל'). פארוואס האט אברהם יא דערמאנט דעם נאמען יצחק און אליעזר נישט, נאר האט נאכגעזאגט סתם „פאר מיין זון"?

דער טעם איז: אברהם האט דערמאנט לבני ליצחק, ווייל ער האט דאך געהאט נאך א זון, ישמעאל'ן. אליעזר האט נישט געדארפט דערמאנען דעם נאמען, ווייל ער האט דאך גערעדט די גאנצע צייט וועגען איין זון, יצחק'ן.

נאך אן אויפקלערונג. אליעזר האט נישט געוואלט, אז מ'זאל ארויס־דרינגען, אז אברהם האט נאך א זון, א חוץ יצחק'ן, כדי בתואל און לבן זאלען זיין איבערצייגט, אז בלויז איין יורש איז פאראן פאר אברהם'ס רייכטום, ווי ס'איז באמת געווען; ווייל דאס פארמעגען איז געווען „פארשריבען" אויף יצחק'ן, „כי ביצחק יקרא לך זרע"...

נאך אן אנדערער טעם: אליעזר האט געוואוסט מיט וועמען ער האט צו טאן. האט ער נאר גערעדט וועגען מחותן און זיין רייכטום, און נישט וועגען חתן און זיינע מעלות. נישט דערמאנט יצחק'ן. דאס איז נישט געווען אזוי וויכטיג... אברהם אבער האט געזארגט וועגען א כלה וואס זאל זיין צוגעפאסט צו יצחק'ן, האט ער אונטערגעשטראכען „לבני ליצחק", א פרוי צוגעפאסט צו יצחק'ן, וועלכער האט אויסגעשטרעקט זיין האלז אויף דער עקדה...

אויב אזוי, לאמיר־זשע טאקע פרואווען זיך אביסעל פארטיפען אין דעם „טעסט", אויף וועלכען אליעזר האט גענומען רבקה'ן. אין וואס האט אליעזר געפרואווט רבקה'ן? צי זי וועט אים געבען אביסעל וואסער. איז ד א ס די מאס פון א פרוי פאר יצחק'ן? האט דאך יצחק באוויזען מסירת נפש אויפ'ן העכסטען גראד, געווען גרייט זיין לעבען מקריב צו זיין אויף דער עקדה; און דא — א פרוי וואס גיט אביסעל וואסער א פרעמדען וואנדע־רער. מילא, איז וואס? איז דאס גענוג צוצוגלייכען צו יצחק'ס טאט? צו „מעטשען" יצחק'ס מסירת נפש? צו מאכען זי פאר א גלייכען שידוך מיט יצחק'ן?

נאר דא ליגט א טיפער מיין. רבקה איז אויסגעפרואווט געווארען אין מידות, באזונדער אין דער מידה פון ח ס ד, און חסד קען זיך פארגלייכען אפילו מיט עקדה! די תורה הויבט אויף חסד צו דער הויך פון עקדה.

ס'קומען נאך צו דערצו צוויי באטראכטונגען, צוויי ראיות:

ערשטענס, חסידישע רביים האבען געהאלטען, אז ס'איז לייכטער צו האבען איין מאל מסירת נפש, איידער צו לעבען א גאנץ לעבען אין מעשים

טובים, אין קליינע טאַטען אָבער ערליכע. און דאָס איז דער זין פון דעם מאמר חז״ל: „בכה רבי, יש קונה עולמו בשעה אחת״. „רבי האָט געוויינט, איינער קען געווינען זיין וועלט אין איין מאָמענט.״ פאַרוואָס־זשע האָט רבי דאַרויף געוויינט? ווייל ס׳איז לייכטער קונה זיין עולם הבא אין איין מינוט איידער קונה זיין עולם הבא מיט אַ גאַנץ לעבען־לאַנג קליינע, אָבער גוטע טאַטען.

צווייטענס, מיר זעען אין דער פריערדיגער סדרה, וירא, אַ מין דער־קלערונג וואָס עס מיינט יראת שמים. אין איין און דערזעלבער סדרה געפינען מיר צוויי מאָל „יראת אלוקים״; איין מאָל: „רק אין יראת אלוקים במקום הזה״, „נאָר קיין פורכט פאַר ג־ט איז נישטאָ אין דאָזיגען אָרט״ (כ׳, י״א). גיט רש״י אַ דעפיניציע וואָס דאָס מיינט יראת אלוקים; „אַז ס׳קומט אַ גאַסט אין אַ שטאָט פרעגט מען אים וועגען עסען און טרינקען.״ הייסט עס, אַז ווען מ׳פרעגט יאָ אַ פרעמדען וועגען עסען און טרינקען, איז שוין יאָ דאָ יראת אלוקים.

דאָס צווייטע מאָל געפינען מיר יראת אלוקים ביי דעם ענין פון דער עקדה: „כי עתה ידעתי כי ירא אלוקים אתה״. „וואָרים איצט ווייס איך, אַז דו ביזט גאָטספורכטיג״ (כ״ב, י״ב).

וואָס־זשע זעען מיר? אַז ווען דו גיסט אַ שטיקעל ברויט אַ פרעמדען, ווען דו טוסט חסד מיט עמיצען, ביזטו שוין אַ ירא אלוקים; און ווען איינער ברענגט דעם גרעסטען קרבן וואָס איז נאָר מעגליך, ווען איינער ווייזט אַרויס דאָס העכסטע מסירת נפש — ווי אברהם, וואָס איז געגאַנגען מקריב זיין זיין איינציגען זון אויף דער עקדה — איז עס אויך — „כי ירא אלוקים אתה״!...

הייסט עס, אַז מיר קענען נישט מעסטען מיט אונזער מאָס יראת שמים. קיין שום זאַך איז נישט צו אומוויכטיג ס׳זאָל נישט קענען אויסדריקען יראת שמים. (ווי די חז״ל האָבען געזאָגט: „אַל תפליג לכל דבר. — אָבות, פרק ד׳). דאָס קאָן זיך אויסדריקען אין קלענסטען ווי אין גרעסטען!

ווי דער וועלט־אַל שפּיגעלט זיך אָפּ אין אַ טראָפּען וואַסער...

און אין דעם דאָזיגען טראָפּען וואַסער וואָס רבקה האָט אָנגעטרונקען אליעזר׳ן און די זייניגע, און ווי אַזוי זי האָט עס געטאָן, האָט זיך אויס־געדריקט די גאַנצע גרויסקייט פון חסד. אַזוי ווייט, אַז דאָס האָט זי דער־הויבען צו זיין פּאַסיג פאַר אַ פרוי פאַר יצחק׳ן, פאַר אַ פרוי פאַר דעם, וועלכער איז געווען גרייט זיך מקריב צו זיין אויף דער עקדה!

און פאַר אַ מוטער פונ׳ם אידישען פאָלק.

### שפּאָרזאַמקייט איז אויך אַ מעלה צו אַ שידוך ...

צווישען די פאַרשידענע פּרטים פון רבקה׳ס חסד־טאָן דערציילט די תורה: ותער כדה אל השוקת, „און זי האָט אויסגעליידיגט איר קרוג אין דער קאָרעטע״ (כ״ד, כ׳). „שוקת״ מיינט די שטיינערנע אָדער הילצערנע קאָרעטע פון וואַנען די בהמות טרינקען. און דאָ ווערט דערציילט, אַז נאָכ׳ן אָנטרינקען אליעזר׳ן און זיינע מענשען האָט זי דאָס איבעריגע וואַסער אַריינגעגאָסען אין דער קאָרעטע. צו־וואָס ווערט דערציילט דער דאָזיגער פּרט?

ווייל אין די מזרח־לענדער האָט וואַסער אַ גרויסען ווערט, צוליב׳ן וואַסער־מאַנגעל; האָט רבקה דאָס איבערגעבליבענע וואַסער נישט אויסגעגאָסען אויף דער ערד, נאָר עס אַריינגעגאָסען אין דער קאָרעטע, כדי אַנדערע זאָלען עס קענען נוצען. דאָס באַווייזט, ערשטענס, אַ שפּאָרזאַמקייט, זי האָט געזאָרגט, אַז גאָרנישט זאָל גיין לאיבוד. צווייטענס, זי האָט געטראַכט, זאָלען אויך אַנדערע קעמלען געניסען. דאָס זענען אויך שטריכען פון כאַראַקטער.

### אברהם און זיינע טעג

ואברהם זקן בא בימים — „און אברהם איז אַלט געוואָרען און געקומען אין טעג״ (כ״ד, א׳).

וואָס מיינט „געקומען אין טעג״, בא בימים?

וועלען מיר ברענגען 4 פאַרשידענע טייטשען.

טייטש נומער איינס:

זאָגט דער פּאָנעוועזשער רב, הגאון רבי יוסף כהנמאַן, שליט״א:

געוויינליך ווען אַ מענש קומט אין די עלטערע יאָרען ווערט זיין גאַנג פאַמעליכער, זיין טעמפּאָ שלאַבריגער, ער טוט אַלץ פּאַוואָליע — ניטאָ מער די יונגע כוחות, ניטאָ מער דער יוגענטליכער אימפּעט.

ביי אברהמ׳ען איז עס געווען פּונקט פאַרקערט.

— כל זמן אברהם איז געווען יונג האָט ער געפּלאַנט אויף יאָרען. וואָס ער האָט געדאַרפט טאָן, האָט ער געטאָן פּאַמעליך, איינגעטיילט אויף י א ר ע ן. וואָס איז דאָס איילעניש? — ער האָט דאָך געהאַט צייט.

— ווען אָבער אברהם איז אַלט געוואָרען, ווען עס איז געווען ואברהם זקן, האָט ער מער ניט ניט געפּלאַנט און איינגעטיילט אויף יאָרען, נאָר אויף — ט ע ג. עס איז געווען בא ב י מ י ם. ער האָט געטאָן גיך, שנעל, נישט אָפּגעלייגט, היינט! ער האָט זיך געאיילט און געיאָגט

— ער האָט געטראַכט ביי זיך: מען איז ניט מער קיין יונגערמאַן, ווער ווייסט צי ס׳איז נאָך געבליבען אַ סך יאָרען, צי טעג — איז ער בא בימים, האָט ער געמאָסטען זיינע מעשים מיט טעג, האָט געטאָן מיט מער אימפעט, שנעלער, האַסטיגער, האָט געטאָן מיט אַ נייעם, גיכערען טעמפאָ...

אַ צווייטען טייטש האָב איך געהערט פון פראָפעסאָר דר. יהודה קאופמאַן איבן שמואל, דעם גרויסען רמב״ם־קענער, אין ירושלים. ער האָט נאָכגעזאָגט פון זיין טאַטער אין איר יוגענט: בא בימים איז ווי בא השמש — זון־אונטערגאַנג.

טייטש נומער דריי:

הגאון רבי יעקב משה חרל״פ, זצ״ל, טייטשט:

— דאָס גאַנצע לעבען פון אברהם אָבינו איז געווען טעג. נישט געווען קיין נאַכט אין זיין לעבען. בלויז ליכט. בלויז ימים. בלויז טעג.

ווי דער מדרש זאָגט אויף „ויקרא אלוקים לאור יום״: „דאָס זיינען די מעשים פון די צדיקים, וואָס זיי זיינען לייכטענדיגע ווי דער טאָג״.

דאָס מיינט בא בימים — זיין גאַנץ לעבען איז געווען בלויז טעג.

טייטש נומער פיר:

בא בימים, ער איז געקומען מיט אַלע זיינע טעג: קיין טאָג אין זיין לעבען איז נישט געגאַנגען לאיבוד. קיין טאָג איז נישט פאַרלוירען געגאַנגען מיט גאָרנישט. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַלע טעג פון זיין לעבען.

## קלאָר זאָל זיין!

צום סוף פון דער סדרה לייענען מיר: ולבני הפלגשים אשר לאברהם נתן אברהם מתנות, „און צו די קינדער פון די פלגשים פון אברהם׳ען האָט אברהם געגעבען מתנות״ (כ״ד, ו׳). זאָגט דערויף רש״י פון דער גמרא (סנהדרין, צ״א): שם טומאה מסר להם, „ער האָט זיי איבער־געגעבען דעם נאָמען פון טומאה״.

איז עס אומפאַרשטענדליך, וואָסער מין „מתנה״ איז שם טומאה?

האָט דער לובלינער רב, הרב מאיר שפּירא, זצ״ל, געזאָגט דערויף אַזוי: אברהם האָט מורא געהאַט, אַז די בני הפלגשים וועלען זיך דערנאָך פאַררופען אויף אים, אברהמ׳ען, זיי וועלען פאַרשפּרייטען עבודה זרה און זיך מאַסקירען מיט אברהמ׳ס נאָמען; וועלען זיי דאָך פאַרפירען די וועלט

און גורם זיין אַ צעמישונג. האָט אברהם זיי איבערגעגעבן דעם שם טומאה, האָט אַרויפגעלייגט אויף זיי דעם שטעמפּעל פון טומאה, כדי ס׳זאָל זיין קלאָר פאַר דער וועלט ווער און וואָס זיי זענען, און מ׳זאָל זיך נים נאַרען.

אברהם אָבינו, דער ג־ט־אָנזאָגער אין דער וועלט, האָט געוואָלט פאַרמיידען פאַרנעפּלונג — ער האָט געבראַכט דער וועלט די קלאָרקייט פון אמונה, און האָט געזאָרגט, אַז קלאָר זאָל זיין!

### דער סוף איז אָנהויב

און ווען ס׳איז געקומען דער סוף צו אברהמ׳ס וועג, „ויגוע וימת אברהם... ויאסף אל עמיו״ (כ״ה, ה׳) „אברהם איז אויסגעגאַנגען און געשטאָרבען... און איז איינגעזאַמעלט געוואָרען צו זיין פאָלק:

אַלע זיינע טאַטען און לערען, אַלע זיינע וואַנדערונגען און פּאַסירונגען זיינען אין לעצטען סך הכל „איינגעזאַמעלט געוואָרען צו זיין פאָלק״, זיינען געווען איין לאַנגע טרייע דינסט פאַר זיין פאָלק.

און די וועלט האָט געזען דאָס דאָזיגע ליכטיגע לעבען, ווען ס׳איז אויסגעלאָשען געוואָרען:

„ויגוע וימת אברהם״, זאָגט דערויף די גמרא: אמר רב אותו יום שנפטר אַברהם אָבינו מן העולם עמדו כל גדולי הדור ואמרו, אוי לו לעולם שאבד מנהיגו, אוי לה לספינה שאבדה קברניטה (בבא בתרא צ״א, ב׳). „האָט רב געזאָגט: דעם טאָג ווען אַברהם אָבינו איז נפטר געוואָרען, זענען אויפגעשטאַנען די אַלע גרויסע פון דער דאָזיגער גענעראַציע, און האָבען געזאָגט: וויי צו דער וועלט וואָס האָט פאַרלוירען איר פירער, וויי צו דער שיף וואָס האָט פאַרלוירען איר קאַפּיטאַן״.

אָבער נאָך דעם ווי מיר לערנען וועגען אברהמ׳ס אַוועקגיין, נאָך דעם ווי מיר זאַפּען אין זיך איין דעם אומעט פון שקיעה — שפּירען מיר אָבער דאָך נישט דעם שאָטען פון טויט, נאָר דעם הויך פון לעבען; און מיר ענדיגען די הפטרה צו דער היינטיגער סדרה, מיט דעם אויסרוף:

„יחי אדוני המלך דוד לעולם!״

# תוֹלְדוֹת

די וועלט באַווייזט זיך צום איד

אין „וירא" האָבען מיר אַנגעוויזען ווי דער איד באַווייזט זיך צו דער וועלט. „תולדות" איז די סדרה, וואו די וועלט באַווייזט זיך צום איד. געגויער, די סדרה, וואו די וועלט הויבט זיך אָן באַווייזען צום איד.

דער „ויתרוצצו", וואָס האָט זיך אָנגעהויבען דעמאָלט, פילט אויס די אידישע געשיכטע — ביז היינט. דאָס „שטויסעניש" האָט זיך נישט אָנגעהויבען מיט'ן אָנהויב פון דער אידישער מלוכה — עס האָט גע־דויערט נאָך פון לאַנג — און עס האָט זיך נישט געענדיגט מיט'ן חורבן פון דער אידישער מלוכה, און — אויך נישט מיט'ן היינטיגען ווידער־אויפקום פון דער אידישער מדינה... ישראל איז צווישען די פעלקער, וואָס ר' ישראל איז צווישען גוים...

איין עפיזאָד אין דער היינטיגער סדרה וועט אונז אָפּשפּיגלען דעם וועזען פונ'ם דורות־לאַנגען געראַנגעל:

„און יצחק האָט געזייט אין יענעם לאַנד און האָט געקראָגען אין יענעם יאָר הונדערט מאָל אַזוי פיל, און ג־ט האָט אים געבענשט". ויזרע יצחק וגו' (בראשית כ"ו, י"ב).

יצחק האָט געאַרבעט. ער איז געווען פּראָדוקטיוו אין דער עקאָנאָמיע פון אבימלכ'ס לאַנד. יצחק איז געווען רייך (זבל בהמותיו של יצחק ולא כספו וזהבו של אבימלך. — מדרש רבה). פונדעסטוועגען האָט ער נישט געוואָלט געניסען בלויז פון זיין רייכטום; ער האָט געאַקערט און געזייט. ער האָט געהאַלטען, אַז די ברכה קען קומען בלויז פון אַרבעט (וברכתיך, דרש יצחק הואיל ואין ברכה שורה אלא במעשה ידיו, עמד וזרע, שנאמר ויזרע יצחק. — תוספתא פרק ט', ברכות). און אַזוי איז עס געשען. ער האָט געש־ניטען „הונדערט מאָל אַזוי פיל" — אָן די היינטיגע וויסענשאַפטליכע אַגרי־קולטור מעטאָדען און כעמישען באַמיסטיגען, פערטילייזערס...

און וואָס איז געווען דער רעזולטאַט? ווי אַזוי האָבען די שכנים אויפגענומען אָט דעם רייכען שניט פון תבואה, וואָס יצחק האָט פּראָדוצירט מיט אייגענער אַרבעט?

ויאמר אבימלך אל יצחק, לך מעמנו — „און אבימלך האָט געזאָגט צו יצחק'ן: גיי אַוועק פון אונז!" (כ"ו, ט"ז).

דער ענטפער אויף יצחק'ס גרויסען בייטראַג צו דער עקאָנאָמיע פון'ם לאַנד איז געווען — ג י ר ו ש!

דאָס איז געווען דער ע ר ש ט ע ר גירוש. די ערשטע פאַרטרייבונג פון אידען אין דער אידישער געשיכטע — וועלכע איז געווען אַ קייט פון גירושים.

ווי נאָר אידען האָבען ערגעץ־וואו אויפגעשלאָגען אַ געצעלט, זיינען באַלד געקומען בייזע ווינטען פון האַס און האָבען עס אויסגעריסען, אָפּט — צוזאַמען מיט די איינוואוינער, די אידען.

„אַוועק פון אונז!" איז געווען די לאָזונג פון דער וועלט צו אידען. „לך מעמנו" איז געווען דער ענטפער פון די פעלקער אויף אידישער פלייס און ענערגיע — וואָס האָט אויפגעבויט אינדוסטריען און האַנדעל, שטעט און לענדער.

נאָר אבימלך איז כאָטש געווען אָפענהאַרציג. ער האָט געזאָגט קלאָר דעם טעם פון זיין גירוש־באַפעל: כי עצמת ממנו מאוד — „ווארים דו ביזט פיל מעכטיגער פון אונז". די „זינד" איז געווען דעם איד'ס טאַלאַנט און ענערגיע. דער אומפאַרגעבליכער „חטא" איז געווען דער אידישער זשעני און זיינע דערגרייכונגען — הגם זיי זיינען געווען אַ ברכה פאַר'ן גאַנצען לאַנד!

ווארים האָט דען יצחק אַליין אויפגעגעסען די „הונדערט־פאַכיגע" פּראָדוקציע פון זיין אַרבעט? ווייסען מיר דאָך, אַז יצחק האָט חתונה געהאַט מיט רבקה'ן ערשט נאָך דעם ווי ער האָט געמאַכט זיכער, אַז זי טוט גוטס, אַז זי גיט צדקה און העלפט יעדען — פונקט ווי זיין מוטער שרה.

דאָס האָט אָבער נישט אויפגעהאַלטען דעם גירוש. דאָס האָט נישט פאַרמיטען דעם לך מעמנו.

צוזאַמען מיט'ן גירוש איז — אויך ווי שפּעטער אין דער געשיכטע — געקומען דער ר י ב:

„און די קנעכט פון יצחק'ן האָבען געגראָבען אין טאָל און האָבען דאָרט געפונען אַ ברונעם לעבעדיג וואַסער. האָבען זיך געקריגט די פּאַסטוכער פון גרר מיט די פאַסטוכער פון יצחק'ן, זאָגענדיג: אונז געהערט דאָס וואַסער!"

ויחפרו עבדי יצחק בנחל, וימצאו שם באר מים חיים, ויריבו רועי גרר עם רועי יצחק, לאמר, לנו המים. — כ״ו, י״ט.

דער קאַמף וועגן וואַסער צווישן ירדן און ישראל, פאַרדאַן, צווישן גרר און יצחק'ן — איז נישט וועגן באַנוצען דאָס לעבענס־געבענדיגע וואַסער. האָבען דען ירדן און סיריע — אָדער די פלישתים און גרר — געגראָבען פריער, איידער יצחק איז געקומען מיט זיינע לאַפּעטעס, צי איידער ישראל איז געקומען מיט די בולדאָזערס און פייפּליינס? ווער האָט זיי געשטערט פריער צו גראָבען נאָך וואַסער און באַפרוכפּערן דאָס לאַנד, איידער יצחק — צי היינט ישראל — האָבען זיך גענומען דערצו?

איר ווייסט ווער עס האָט זיי געשטערט? דער פרא אָדם אין זיי!

„פרא אָדם" איז אַ „אידיש" וואָרט, אָבער רש״י גיט אַ קלאָרען אַפּטייטש וואָס דאָס מיינט באמת: „ער האָט ליב וויסטענישען", אוהב מדבריות — טייטשט רש״י אויף והוא יהיה פרא אדם (לך לך, ט״ז, י״ב).

דאָס איז זיין וועזען. וואָרים עס וואָלט דאָך געדאַרפט שטיין „אָדם פרא" אַנשטאָט „פרא אָדם", נאָר דער „פרא" איז דאָ ניט קיין אייגנשאַפט־וואָרט, נאָר אַ שם העצם, דאָס איז זיין מהות!

אַלץ איינס צי דאָס זיינען די פרימיטיווע פלישתים, צי די נישט ווייניגער פרימיטיווע היינטיגע אַראַבישע דיפּלאָמאַטען, וועלכע פאַרטויבען די יו־ען מיט זייער „פידזשין" ענגליש. אונטער דער מאַסקע פון דער דינער שיכט פון אויפגעכאַפּטער אין לעוואַנטינישע „אוניווערזיטעטען" האַלב־און־פערטעל־אינטעליגענץ, בושעוועט דער זעלבער שוקעירי, דער זעלבער פרא אָדם, וואָס זיין „פּאָליסי" איז אוהב מדבריות, ער האָט ליב עס זאָל זיין וויסט:

„געוועזן מדבר, זאָל בלייבען מדבר! געוועזן וויסט, זאָל בלייבען וויסט!"

אַ סימן האָט איר:

„און די אַלע ברונעמער, וואָס געגראָבען האָבען די קנעכט פון זיין פאָטער אין די טעג פון פאָטער אברהם, האָבען די פלישתים זיי פאַרשטאָפּט און אָנגעפילט מיט ערד".

וכל הבארות אשר חפרו עבדי אביו בימי אברהם אָביו, סתמום פלישתים וימלאום עפר. — כ״ו, ט״ו.

דאָס איז שוין נישט קיין רויב — דאָס איז וואַנדאַליזם. די פלישתים דעמאָלט, און די שוקעיריס היינט — צי ווי זיי הייסען היינט די דיפּלאָמאַטען פון דער דיפּלאָמאַטישער אונטערוועלט — נוצען נישט די וואַסער־קוואַלען, נאָר זיי — פאַרשטאָפּען זיי, כדי עס זאָל בלייבען וויסט!

מיר לייענען אין דער סדרה נישט בלויז דעם פאַקט פון דעם סכסוך צווישען ירדן, סיריע און ישראל, פאַרדאַן, צווישען יצחק׳ן און די שכנים — נאָר אויך וועגען זיין מיין. דאָס האָבען די אָבות אונז געלערנט דורכ׳ן געבען די ברונעמס נעמען:

ווען גרר׳ס קנעכט האָבען דאָס ערשטע מאָל צוגענומען די ברונעמס „האָט יצחק גערופען דעם ברונעם „רויב", ויקרא שם הבאר עשק, כי התעשקו עמו. ווען אָבער זיי האָבען אויך דאָס צווייטע מאָל צוגענומען דעם קוואַל האָט יצחק שוין געזען, אַז דאָס איז נישט קיין רויב, כדי צו געניסען יענעמ׳ס האַרעוואַניע, נאָר —

„און ער האָט גערופען דעם נאָמען פונ׳ם קוואַל שטנה" — ויקרא שמה שטנה. (כ"ו, כ"ב).

ניט מער קיין קוואַל האָט זיך געעפענט — און פאַרשלאָסען — פאַר יצחק׳ן, נאָר א— תהום! אַן אָפּגרונט פון שטנה, פון שנאָה, פון האָס — וואָס ברויזט ביז׳ן היינטיגען טאָג... ויקרא שמה שטנה, דאָס איז דעם שטנ׳ס אַרבעט, פון צעשטערן און פאַרניכטען, פון זייען חורבן און וויסטעניש.

### די שטנה פונ׳ם דייטשען שטן־פאָלק

נאָר אויב בנוגע גרר, פלישתים, סיריע, צי ירדן איז פאָרט געווען עפּעס אַ סיבה, איז אָבער צווישען דעם קלאַסישען שטן־פאָלק, די דייטשען, ימח שמם, און אידען נישט געווען קיין שום אינטערעסען־קאָנפליקט. פאַרקערט, דאָרט, האָט יצחק געזייט, און „געשניטן הונדערט־פאַכיג" פאַר׳ן וואוין־לאַנד: די דייטשע אידישע וויסענשאַפטלער און שרייבער, די אידישע אינדוסטריאַליסטען און „פרינצען פון האַנדעל" האָבען געמאַכט דייטשלאַנד רייך, מעכטיג און — קולטורעל. דאָס פאַרטרייבען און הרג׳ענען אידען האָט זיי נישט בלויז נישט געבראַכט קיין נוצען, נאָר פאַרקערט, האָט זיי געבראַכט שאָדן. שטעלט אייך פאָר ווען איינשטיין גייט אָן מיט זיין אַרבעט ביי זיי, און פ אַ ר זיי!...

זיי האָבען פאַרשטאָפּט זייערע אייגענע קוואַלען, אין זייער שטנה־אַרבעט, אין טייוולאַנישען גרויל, אין אויסמאָרדען אידישע מענער, פרויען און קינדער.

דאָ איז נישט געווען דער מאָטיוו עפּעס אַ געגענזאַץ פון אינטערעסען, ווי געזאָגט, נאָר חיה׳שע בלוט־דורשטיגקייט. שטנה, ווערט געזאָגט, מיינט המנ׳ען. ווייל המן האָט אויך נישט געזוכט קיין פּראָפיטען — „דער רשע

טראַכט נישט וועגען שאָדען פונ׳ם קעניג״ (אין הצר שוה בנזק המלך), האָט אסתר געזאָגט. אַדרבה, ער האָט גאָר זיך געוואָלט לאָזען קאָסטען געלט פאַר׳ן „רעכט״ צו מאָרדען אידען (עשרת אלפים ככר כסף וכו׳).

אָבער המן האָט דאָך נישט אויסגעפירט זיין פּלאַן; — דאָס שטנה־פאָלק, דער טייוולאָנישער מערדער־גענג, בלייבען די דייטשען, וואָס אויך היינט, נאָכ׳ן אויס׳הרג׳נען די אידען אין איראָפּע, שיקען זיי זייערע ראַקעטס־מומחים און משחיתים־עקספּערטן קיין קאַירא מיט פאַרניכטונגס־גרייטונגען געגען דער איינציגער טרייסט אונזערער — מדינת ישראל (די דייטשע „קובאַ״ אין עגיפּטען — וואָס איז נענטער צו תל אביב איידער האַוואַנאַ צו וואַשינגטאָן — פאַרשוויגט מען...).

אומזיסט וועלען פאַרשער זיך גריבלען אין די „אורזאַכען פון אַנטי־סעמיטיזם״, אומזיסט וועלען „קאָמיסיעס״ פליען אין פאַרשאָלטענעם לאַנד, כדי צו פאַרשען צי דער דייטשער רוצח איז נאָך דערצו אַן אַנטיסעמיט אויך... די איינציגע שאַנד־און־פאַרדאַמונג־באַצייכענונג פאַר זיי איז: ויקרא שמה שטנה!

און געגען אָט דער פאַרקערפּערונג פון גאָטלאָזיגקייט און אוממענשליכ־קייט — האָבען אידען זיך מקריב געווען אויפ׳ן מזבח פון פאָלקס־רעטונג און ישראל־אויפקום. ווי מיר לייענען, ווי נאָכ׳ן צורייבען און נאָכ׳ן פאַרשטאָפּען די ברונעמער —

„האָט ער (יצחק) געבויט דאָרט אַ מזבח, און ער האָט גערופען אין ג־ט׳ס נאָמען, און ער האָט דאָרט אויפגעשטעלט זיין געצעלט, און די קנעכט פון יצחק׳ן האָבען דאָרט געגראָבען אַ ברונעם״.

ויבן שם מזבח, ויקרא בשם ה׳, ויט שם אהלו, ויכרו שם עבדי יצחק באר. (כ״ו, כ״ה״.

און יצחק׳ס „עקשנות״ פון גראָבען און ווידער אַמאָל גראָבען, האָט סוף־סוף געבראַכט אָט דעם רעזולטאַט:

„און אבימלך איז געקומען צו אים (צו יצחק׳ן) פון גרר... און האָט געזאָגט: זען האָבען מיר געזען, אַז ג־ט איז מיט דיר, און מיר האָבען געזאָגט: זאָל־זשע זיין אַ שבועה צווישען אונז און צווישען דיר, און לאָמיר שליסען אַ בונד מיט דיר״.

ראו ראינו כי היה ה׳ עמך, ונאמר, תהי נא אָלה בינותינו, בינינו ובינך, ונכרתה ברית עמך.

און די פּרשה לאָזט זיך אויס: „דעריבער איז דער נאָמען פון דער שטאָט באר שבע ביז׳ן היינטיגען טאָג״ (על כן שם העיר באר שבע עד היום הזה).

„ביז'ן היינטיגען טאָג" מיינט נישט בלויז יענעם, אַמאָליגען היינט — פון נעכטען, נאָר טאַקע היינט ממש — ווען אידען גראָבען ווידער אין נגב און מאַכען אויפבליען די וויסטעניש מיט וואַסערן פונ'ם ירדן צו באר שבע.

דער מאמין אַקעגען די ציניקער

**ואלה** תולדות יצחק בן אברהם, אברהם הוליד את יצחק — „און דאָס זיינען די קינדער פון יצחק'ן דעם זון פון אברהמ'ען, אברהם האָט געבוירען יצחק'ן". צו וואָס חוזר'ט איבער דער פסוק „אברהם הוליד את יצחק" נאָך דעם ווי ער זאָגט שוין פריער „יצחק בן אברהם"?

זאָגט דערויף רש"י: „ווייל די ליצנים פונ'ם דור האָבען געזאָגט, אַז פון אַבימלכ'ן איז שרה טראָגענדיג געוואָרען, וואָס האָט געטאָן ג־ט ברוך הוא? האָט ער אויסגעמאָלט דעם אויסזען פון יצחק'ס פנים עס זאָל זיין גלייך צו אברהמ'ען, און אַלע האָבען עדות געזאָגט, אַז אברהם האָט געבוירען יצחק'ן.

האָט געפרעגט הגאון הצדיק ר' וועלוועלע סאָלאָווייטשיק זצ"ל, דער בריסקער רב: סיי ווי האָבען זיי דאָך מודה געווען, אַז אַ נס איז דאָ פאָרט געשען, וואָרים שרה האָט דאָך געבוירען יצחק'ן ווען זי איז אַלט געווען 90 יאָר, וואָס־זשע האָבען זיי אויפגעטאָן מיט זייער ליצנות?

נאָר, האָט געענטפערט דער בריסקער רב, די ליצני הדור האָבען געזאָגט, אַז טאַקע אמת אַ נס, אָבער נישט פון קדושה, נאָר פאַרקערט...

אַזוי פיל דער בריסקער רב. מיר זעען עס אויך היינט, ווען די ליצנים לאַכען־אָפּ און שפּעטען פונ'ם נס פון מדינת ישראל, און, נישט קענענדיג אָפּלייקענען דעם נס, דרש'ענען זיי, אַז, אַז — מאבימלך נתעברה...

איצט לאָמיר פאַרשטיין, ערשטענס, פאַרוואָס עפּעס דער אויסדרוק „ליצנים", וואָס פאַר אַ ליצנות איז עס? דאָס איז דאָך רשעות אָפּצושפּעטען פון אַזאַ צדקת.

צווייטענס, וואָס מיינט „ליצני הדור"? ווי קומט עפּעס דאָ אַריין דער דור?

דריטענס, וואָס שטייט: מה עשה הקדוש ברוך הוא — „וואָס האָט געטאָן ג־ט ברוך הוא?" און וואָס האָט אברהם געטאָן געגען אָט די באַשמוצער און פאַרלוימדער?

ווען מיר קוקען זיך צו צו געוויסע דערשיינונגען אין אונזער עפענטליכען לעבען היינט, פאַרשטייען מיר אָט די פּאַסירונגען פון אַמאָל.

די ערגסטע זיינען די צ י נ י ק ע ר, די לצני הדור. זיי זיינען שעדליכער איידער די ר ש ע י ם. ווייל זיי שפעטען־אָפּ פון יעדען הייליגען. זיי עקספּלו־אַטירען יעדעס דערהויבענע. זיי נוצען אויס יעדעס אידעלע און — וויי־טאָגליכע. וויפיל מאָל הערען מיר ביי אַלערליי פּסול׳ע כוונות „6 מיליאָן קדושים״? ווער נוצט עס נישט די 6 מיליאָן קדושים פאַר זיינע גראָשענדיגע אינטערעסען, פאַר אַלערליי פאַרשוועכערישע סלאָגאַנס? איז עס דאָך שוין דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז מען פאַרקויפט „סליחה״ צו די דייטשען, ימח שמם! „ח״י גראָשען פאַר אַ דער׳הרג׳עטען טאַטען״, האָט געקלאָגט דער דיכטער פון צער און צאָרן. נאָר דעמאָלט האָט מען נישט פאַרקויפט דעם הייליגען אָנדענק טאָקע צו די מערדער גופא.

דאָס מיינט „ליצני הדור״ דאָס זיינען נישט קיין סתם לצים, נאָר דאָס זיינען ציניקער, וואָס ווילען פירען דעם ד ו ר.

איצט איז שוין רעכט פאַרוואָס אברהם אָבינו האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבען מיט די ליצני הדור, און האָט געמוזט אָנקומען צו הילף פון השי״ת.

אברהם האָט זיך געקענט אַקעגענשטעלען נמרוד׳ן, האָט געקעמפט געגען פינף מעכטיגע מלכים, און האָט זיי באַזיגט; אָבער ווען אברהם האָט זיך אָנגעשטויסען אין ציניקער — איז ער געבליבען אָפּהענדיג. געגען די ליצני הדור, די ליצנים, וואָס גייען־אָן אַלס „מנהיגים״ פונ׳ם דור, איז ער געווען מאַכטלאָז.

האָט ער געמוזט אָנקומען צו „מה עשה הקדוש ברוך הוא״. נאָר ג־ט אַליין האָט אים געקענט ראַטעווען פון אָט די פאַרשוינען, די ליצני הדור.

און ווי אַזוי האָט אים ג־ט געהאָלפען?

דורך — צר קלסתר פניו של יצחק דומה לאברהם. ער האָט אויס־געמאָלען דעם גייסטיגען פּרצוף פון זיין זון, אַז ער איז געווען פונקט ווי זיינער. מיט אַנדערע ווערטער: מען האָט אים געהאָלפען אין ח י נ ו ך.

דער פאָטער פונ׳ם ערשטען אידישען קינד האָט אָנגעפאַנגען אַ וועג פון חינוך, וואָס איז אָנגעצייכענט געווען ער זאָל זיך ציען אויף דורות. דאָס איז געווען די ליניע פון: למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו, ושמרו דרך ה׳ לעשות צדקה ומשפט — „ווייל ער וועט געביטען זיינע קינדער און זיין הויזגעזינד נאָך אים, זיי זאָלען אָפּהיטען ג־ט׳ס וועג צו טאָן גערעכטיגקייט און משפט״ (בראשית י״ח, י״ט).

דאָס מיינט די גמרא, זאָגענדיג: „ווער עס האָט געוואָלט שמועסען

מיט אברהמ׳ען, האָט געשמועסט מיט יצחק׳ן; און ווער עס האָט געוואָלט שמועסען מיט יצחק׳ן, האָט געשמועסט מיט אברהמ׳ען״ (בבא מציעא דף ע״ה). עלטערן און קינדער האָבען גערעדט מיט איין שפּראַך. וואָרים אויב אימיצער האָט געוואָלט רעדען מיט אברהמ׳ען, האָט ער גערעדט מיט יצחק׳ן, און עס איז געווען דאָס זעלבע — איז דאָך אַ סימן, אַז אברהם און יצחק האָבען זיך אַוודאַי געקענט צונויפרעדען צווישען זיך, אַזביידע האָבען געהאַט א י י ן שפּראַך. עס איז געווען המשך פון פאָטער צו זון.

דאָס לערנען מיר אויך פון אַ וויטערדיגען פּסוק, אין דער פּרשה פון די ברונעמס: ויקרא להן שמות כשמות אשר קרא להן אָביו — „ער האָט זיי (די ברונעמס) גערופען מיט נעמען, אַזוי ווי די נעמען, וואָס זיין פאָטער האָט זיי גערופען״ (כ״ו, י״ח).

וואָס לערנט אונז דאָס? מיר זעען ווי די נעמען שפּילען דאָ אַ וויכטיגע ראָלע. זיי דריקען אויס דעם תמצית פון די געשעענישען. אַזעלכע נעמען ווי „עשק״, „שטנה״, „רחובות״ סימבאָליזירען דעם מיין און זין פון די פּאַסירונגען. דעמאָלט און — היינט.

האָט דעריבער די תורה דאָ געלערנט, אַז אין גאַנצען קאַמף און בויען האָט יצחק אָנגעהאַלטען דעם קשר מיט אברהמ׳ס מעשים און פּאַסירונגען. „מעשה אָבות סימן לבנים״ מיינט נישט בלויז, אַז די טאַטען פון די דריי אָבות, אברהם, יצחק און יעקב, זיינען אַ סימן פאַר די וויטערדיגען דורות, נאָר אויך, אַז די מעשים פון איינעם פון די אָבות, פון אברהמ׳ען דאָ, זיינען געווען אַ „סימן״ אַן אָנווייזונג, פאַר יצחק׳ן, ווי מיר זעען דאָ.

די מסקנה פאַר אונז איז, אַז אין קאַמף און אויפבוי אין מדינת ישראל דאַרף אָנגעהאַלטען ווערען דער הייליגער קשר מיט דעם אַלטען, וואָס עס שטעלען מיט זיך פאַר די אָבות. און נישט בלויז אברהם, יצחק און יעקב, נאָר אויך אונזערע אָבות בכלל, ביז חכמי ישראל אין די לעצטע דורות.

דאָס איז אויך איינער פון די פאַקטאָרען בייצושטיין אין שווערען געראַנגעל. וואָרים אויב נישט דער תורה׳דיגער קשר — וועלכער ווירקט אַפילו אין אונטערבאַוואוסטזיין פון די, וואָס ווילען זיך באַפרייען פון אים — פאַרוואָס זיך מוסר נפש זיין דווקא פאַר ארץ ישראל? צו וואָס ברענגען קרבנות דווקא פאַר דעם באַלאַגערטען לאַנד? מוז דאָך אפילו אין אויס־געלאָשענע נשמות טליען דער „סימן״ פון מעשה אָבות.

## דער איד און אַרום־וועלט

אין דער הייַנטיגער סדרה הויבען זיך אָן אַרויסצושיילען די קאָנטורען פון אַ פּראָבלעם, וועלכעס שטייט פאַר אונז ביז׳ן הייַנטיגען טאָג: דער איד און די אַרום־וועלט.

מיר זייַנען שטענדיג געווען אַליין און צוגלייך צווישען אַנדערע. אָפּגעזונדערט און אויסגעמישט. איזאָלירט און פאַרקניפּט. אַן „עם לבדד ישכון" און „מפוזר ומפורד בין העמים". אין אַ זייט און צוגלייך „מעורב בין הבריות" — אָדער „בין האומות" („גריגעריוס").

און דאָס ממש „פון דער מוטער׳ס בויך" אָן: יעקב איז שוין דאָרט געווען צוזאַמען מיט עשו׳ן. אַן אַנדערער, ס׳האָט אים שוין געריסען צום בית־המדרש, און פאַרט צוזאַמען: שני גוים בבטנך.

שוין דאָרט האָט זיך יעקב געריסען צו זייַן וועלט. נישט געוואָלט זייַן אינאיינעם מיט עשו׳ן. ס׳ווערט נאָכגעזאָגט פון אַ גדול: ס׳ווערט דאָך געבראַכט, אַז אויך אין דער מוטער׳ס בויך לערענט אַ מלאך תורה מיט אַ אידיש קינד, פאַרוואָס־זשע האָט יעקב זיך געריסען צום בית־המדרש? איז דער ענטפער: אַפילו לערנען תורה פון אַ מלאך — אויב נאָר צוזאַמען מיט עשו׳ן, האָט יעקב נישט געוואָלט, האָט יעקב זיך געריסען אַרויס...

אָבער ווי נאָר יעקב איז אַרויס פון עשו׳ס „געזעלשאַפט", איז שוין „וידו אוחזת בעקב עשו" — און זייַן האַנט האַלט זיך אָן אין עשו׳ס טריט, גייט נאָך עשו׳ן, מאַכט אים נאָך, פאָלגט אים נאָך...

אַזוי קעמפט יעקב מיט אַסימילאַציע זייַן גאַנץ לעבען.

## מ׳דאַרף ניט אויסמיידען קיין קאַמף

„און דאָס איז די געשיכטע פון יצחק׳ן..." ואלה תולדות יצחק...

פון ישמעאל׳ן און שפּעטער פון עשו׳ן און זייַנע קינדער ווערט דערציילט אין דער תורה בלויז איינצעלנע עפּיזאָדען, ס׳רוב די וואָס האָבען אַ שייכות צו די אבות, דאַגעגען בנוגע די אבות ווערען איבערגעגעבען אויספירליכע פּרטים. דאָס איז דערפאַר, ווייל געשיכטע איז נישט קיין „רעפּאָרטאַזש", און אַוודאי נישט אידישע געשיכטע, וועלכע איז דאָך — תורה, אַ לערע, אַ וועג־ווייזער.

די אידישע געשיכטע איז נישט קיין קייט פון צופאַלען, און נישט

סתם קיין דערציילען געשעענישען. דאָס איז אַ ל מ ו ד. דאָס איז, ווי געזאָגט, תורה. די חז״ל האָבען אַוועקגעלייגט אַ יסוד, פאַר דעם באַגרייפען די אידישע היסטאָריע: „די טאַטען פון די אבות זיינען אַ צייכען פאַר די קינדער״. מעשי אבות סימן לבנים.

לאָמיר־זשע לערנען.

דער קאָנפליקט צווישען יעקב׳ן און עשו׳ן איז פון־געבוירען־אָן און — נאָך פריער. דער ויתרוצצו הויבט זיך אָן נאָך אין דער מוטער׳ס בויך. און ער לייגט אַרויף דעם סטעמפעל אויפ׳ן לעבענס־גאַנג פון די ביידע. אַזוי ווייט, אַז דער נאָמען יעקב׳ס איז אים געגעבען געוואָרען, כדי צו פאַראייביגען דעם דאָזיגען געראַנגען, (וידו אוחזת בעקב עשו, ויקרא שמו יעקב), כדי מ׳זאָל נישט פאַרגעסען אין אים אויף קיין מינוט. אויך דערנאָך ווען השי״ת האָט געביטען יעקב׳ס נאָמען, האָט ער אים ווידער אַ נאָמען געגעבען נאָכ׳ן געראַנגעל, דאָס מאָל מיט׳ן שר של עשו. (ישראל, כי שרית עם אלוקים ועם אנשים).

זעט מען, אַז מ׳דאַרף נישט אויסמיידען קיין געראַנגעל, אַז מ׳טאָר נישט אַנטלויפען פון קאַמף — ווען ער איז נויטיג, דער קאַמף מיט עשו׳ן איז איינגעקריצט אין יעקב׳ס נאָמען, אין ביידע נעמען. אויך אין דעם וועלכען ס׳טראָגט היינט די אידישע מדינה, ישראל.

וואָרים אין קאָן שטייען פונדאַמענטאַלע ענינים: דער עצם פון איד־זיין, טאָר מען נישט אויסמיידען קיין קאָנפליקט צוליב שלום, און מ׳טאָר נישט זיך צופאַסען צוליב אחדות.

זעט, וואָס קען זיין נענטער? צוויי ברידער, צווילינג־ברידער, געבוירען צוזאַמען, און — זעט ווי ווייט זיי זיינען, און דאַרפען זיין, פון איינאַנדער!

ווי ווייט און פאַרשיידען זיי זיינען אין יעדער טאַט, אין יעדען וואָרט, אין יעדען כאַראַקטער־שטריך!

מיר האָבען דאָ אַ דאָפּעלטען לימוד. ערשטענס, די אינדיווידואַליטעט פון מענשען, די אַנדערשקייט פון מענשענ׳ס כאַראַקטער. יהדות האַלט נישט פון „קאָלעקטיווען דענקען״. אַט אפילו צוויי ברידער, אַ צווילינג, און — ווי אַנדערש זיי זיינען. די גמרא ברייגנט אַרויס חלוקי דעות, אפילו ווען ס׳איז נישט קיין נפקא מינה אין דין. די חז״ל מיען זיך גוט צו פאַרשטיין אַ סברה, אפילו פון אַ תנא, וואָס די הלכה בלייבט נישט ווי ער.

צווייטענס, אין יסודות׳דיגע ענינים מ ו ז ע ן זיין, און מ׳מוזען ב ל י י־ב ע ן חלוקי דעות, און ווען נויטיג פאַר יהדות, מוזען אויסגעקעמפט ווערען אַט די חלוקי דעות — אין לעבען.

די תורה האָט געשילדערט עשו׳ן אינגאַנצען, האָט נישט פאַרהוילען זיינע גוטע אייגענשאַפטען, זיינע מידות טובות, נעמליך, זיין מקיים זיין כיבוד אב.

דער מדרש תנחומא זאָגט: „ג־ט האָט געגעבען עשו׳ן דעם גאַנצען כבוד צוליב כיבוד אב״. (קדושים). דער רשב״ם טייטשט אויף ותקח רבקה את בגדי עשו בנה הגדול החמודות, „און רבקה האָט גענומען די שענסטע בגדים פון עשו׳ן, איר עלטסטען זון״, (כ״ז, ט״ו), אַז דערפאַר ווערען די בגדים אַנגערופען חמודות, ווייל עשו האָט אין זיי באַדינט יצחק׳ן. זעט מען, אַז ס׳ווערען דאָ אויך דערמאָנט סימפּאַטישע שטריכען עשו׳ס. אויך אויף דעם פּסוק: ויחבקהו ויפול על צוארו, „ער האָט אים אַרומגעאַרעמט און איז געפאַלען אויף זיין האַלז״ (ל״ג, ד׳) זאָגט רש״י: „ס׳איז ביי אים אויפגע־וועקט געוואָרן, ביי עשו׳ן, זיין רחמנות אין דער שעה״, נכמרו רחמיו באותה שעה.

אָבער ווען דער קאָנפליקט צווישען יעקב׳ן און עשו׳ן גייט אַרויס, אַזוי צו זאָגען, פונ׳ם משפחה־קרייז, ווען דער סכסוך קומט אַרויס פונ׳ם פּערזענליכען אויפ׳ן נאַציאָנאַלען שטח — ווי ער ווערט געזען פון אַ סימ־באָלישען קוק און פון אַ היסטאָרישער פּערספּעקטיוו דורך די נביאים, — דאַן פלאַקערט אויף דער קאַמף און ס׳צייכענט זיך קלאָר און אָפּגרונט־טיף די שייד־ליניע. ווי מיר לייענען אין דער הפטרה צו דער היינטיגער סדרה:

הלוא אח עשו ליעקב נאום ה׳, ואוהב את יעקב. ואת עשו שנאתי... וקראו להם גבול רשעה...

„איז נישט עשו׳ס יעקב׳ס ברודער? זאָגט ג־ט. און עשו׳ן האָב איך פיינט געהאַט... און מ׳וועט זיי רופען די טעריטאָריע פון שלעכטיגקייט״. (מלאכי א׳, ג׳־ד׳).

זעען מיר ווי אויף דער היסטאָרישער אַרענע איז פאַראַן אַן אַבסאָלוטע אָפּגרעניצונג און אַן אַבסאָלוטע פאַרדאַמונג. אַ פאַרדאַמונג נישט פון עשו׳ן בלויז, נאָר פון „עשו׳טום״, פון סימבאָל פון רשעות, וקראו להם גבול רשעה.

דאָ איז שוין די ליניע קלאָר אָנגעצייכענט, און דער קאַמף איז אַן אָפענער.

ווייל דאָ גייט דאָך נישט אין נזיד עדשים, און נישט אפילו אין דער בכורה, דאָ גייט דאָך נישט מער און נישט ווייניגער ווי אין דער נשמה פונ׳ם פאָלק, וועגען גייסט פון יהדות. דאַרף די ליניע זיין קלאָר און דער קאָנפליקט איז אַ באַרעכטיגטער און אַן אָפענער.

וואָרים ווער זאָגט עס, אַז שלום איז נויטיג און גוט אונטער אַלע

באַדינגונגען? אין גייסטיגע פאַרמעסטען, און ערליכע חלוקי דעות ווערט דער געדאַנק געלייטערט, און דער מענש געהויבען; בעת אין קאָלעקטיווען דענקען ווערט די מחשבה פאַרשקלאַפט און דער מענש פאַרפלאַכט.

רבי נחמן בראַסלאַווער זצ"ל זאָגט:

דע בני, אם יש שלום בעיר סימן שאין בר־דעת בעיר, משום שאם יש בר־דעת ישנם אנשים שעומדים לצידו וישנם אנשים שחולקים עליו, אבל אם אין בר־דעת יש שלום ואין דעת.

„זיי וויסען, מיין קינד, אויב פרידען איז אין שטאָט איז עס אַ סימן, אַז ס'איז נישטאָ קיין מענש מיט דעת אין שטאָט. ווייל ווען ס'איז יאָ דאָ אַ בר־דעת זיינען פאַראַן מענשען וואָס האַלטען ווי ער, און ס'זיינען פאַראַן אַנדערע וואָס קריגען אויף אים, אָבער ווען ס'איז נישטאָ קיין בר־דעת איז דאָ שלום, אָבער נישט קיין דעת".

דאָ האָט איר די שאַרפסטע קריטיק אויף דיקטאַטור אין דענקען, אויף דער פאַרקנעכטונג פונ'ם געדאַנק, אויף עבדות פון דער מחשבה, וועלכעס איז געווען, לויט'ן „שפת אמת", די ערגסטע עבדות אין גלות מצרים, און לאָמיר צוגעבען, אין יעדען גלות, און אויך נישט אין גלות.

רבי נחמן אַליין, זיינע רעיונות און זיין לעבען, איז געווען איין בונטעווען זיך געגען „קאָנפאָרמיזם", ד. ה. געגען רגילות, שאַבלאָן, רוטין; געגען צופאַסען זיך צו יענעם, צו יענעמס טראַכטען און טאָן.

דאָס דאָזיגע צופאַסען איז די מחלה פון אונזער אידישען צבור לעבען דאָ אין אַמעריקע. קיינער וויל נישט שפאַנען „אויסער דעם מאַרש" — און נישט קיין נפקא מינה וואוהין דער פאַראַד גייט און ווער ס'פירט אים. אַלע גייען אין שפאַן. אפילו די וואָס פירען כלומר'שט, ווערען אויך געפירט, דורך געוואוינהייט, דורך דער רוטין, דורך דער פאַרטיי־מאַשין, וועלכע איז געוואָרען נישט קיין אינסטרומענט פאַר עפעס נאָר אַן אויטאָמאַט, אַ ראָבאָט, וואָס באַהערשט אַלעמען און איז אַ צוועק פאַר זיך אַליין. דער אייגענטליכער צוועק צוליב וועלכען די „מאַשין" איז באַשאַפען געוואָרען איז אָפט שוין לאַנג ערפילט אָדער פאַרגעסען; אָבער ס'איז נישטאָ קיינער וואָס זאָל דעם גולם זאָגען: גיי צוריק אין דיין רו אַריין...

יעקב אבינו איז געווען דער איש תם יושב אוהלים, דער שטילער מענש וואָס זיצט אין די געצעלטען; ער איז נישט געווען קיין פראָפעסיאָנעלער „קעמפער", אָבער ווען ער איז געווען געצוואונגען אַרויסצוגיין אין גאַס, צו וואַנדערן אין דער גרויסער וועלט, איז ער, זיין דענקען און לעבען, געווען איין בונטאַרישקייט געגען דער „גאַס", געגען דער פרעמדער סביבה, געגען

פרעמדער השפעה: ויעקב הלך לדרכו, יעקב איז זיך געגאנגען זיין וועג, נישט צוגעפּאַסט זיך קיינמאָל צו אַלגעמיינע וועגן, צו פרעמדע וועגן. פון ויתרוצצו אין דער מוטער׳ס בויך, דעם ערשטען צוזאַמענשטויס מיט עשו׳ן, ביז די ראַנגלענישען מיט לבן ארמי — אפילו ווען יעקב האָט באַדאַרפט באַנוצען זיינע, לבנ׳ס מיטלען (אחיו אני ברמאות) — ביז זיינע סוף־יאָרען אין מצרים איז יעקב געווען — יעקב. זיין גאַנץ לעבען איז ער געווען עם לבן גרתי, (צי מיט עשו׳ן, צי אין מצרים), ותרי״ג מצוות שמרתי.

אָט אַזוי דערהויבט זיך פאַר אונז די אינדיווידואַליטעט פון יעקב אבינו, די פערזענליכקייט פונ׳ם מענשען וואָס פורעמט אויס די נשמה פון אַ פאָלק.

צום סוף אייניגע ווערטער פון מפרשים. אויף „ויאהב יצחק את עשו״, גיט די תורה אַ טעם: „כי ציד בפיו״, אָבער אויף „ורבקה אוהבת את יעקב״ איז נישטאָ קיין טעם. פאַרוואָס,

ווייל ליב האָבען עשו׳ן — דאָס פאַרלאַנגט אַ טעם, אַ מאָטיוו, מיר וואָלטען געזאָגט: אַ פאַרענטפערונג, אָבער אויף ליב האָבען יעקב׳ן איז נישט נויטיג קיין באַגרינדונג. ווי אַזוי קען מען יעקב׳ן נישט ליב האָבען?

יצחק׳ן האָט עשו געקענט אָפּנאַרען, כי ציד בפיו, ווייל ער איז דערצויגען געוואָרען ביי אברהמ׳ען, ווי אַזוי האָט אים געקענט איינפאַלען, אַז מ׳קען אָפּנאַרען, אָבער רבקה איז דאָך געווען בתואל׳ס טאָכטער, לבנ׳ס שוועסטער, איז זי געווען אַ מבין אויף אָפּנאַרעריי.

מאָכט ברענגט פרידען

„און יצחק האָט געזייט אין דאָזיגען לאַנד״. זאָגט דערויף דער מדרש רבה: „ער האָט געזייט צדקה, ווייל ס׳ווערט געזאָגט „פאַרזייט אייך צדקה״ (אין זריעה אלא צדקה, שנאמר זרעו לכם צדקה). הייסט עס, אַז ער האָט געלעבט נישט בלויז פאַר זיך. אַנדערע האָבען אויך געניאָסען פון זיין אַרבעט.

צדקה ווערט פאַרגליכען צו זייען, ווייל אַזוי ווי ווען מ׳זייט טרעפט זיך אַז אַ טייל פון די זאָמען גייען לאיבוד, אָבער דערפאַר וואַקסען אַרויס פירות, צוליב וועלכע ס׳האָט זיך געלוינט אַפילו דער פאַרלוסט, אַזוי איז מיט צדקה: אויך ווען מ׳פאַלט אַמאָל דורך מיט צדקה־געבען, דאָרט וואו ס׳איז נישט כדאי, איז אָבער דאָרט וואו ס׳איז יאָ כדאי — צאָלט זיך שוין אָפּ פאַר אַלעמען...

אַזוי איז יצחק געוואַקסען צוזאַמען מיט זיין פאַרמעגן. „ויגדל האיש וילך הלך וגדול״. אָפט ווען איינער ווערט רייך, ווערט ער אָרימער,

קלענער אַלס מענש. דערציילט אונז די תורה, אַז ביי יצחק'ן איז טראַץ דעם וואָס „הלך וגדול", וואָס ער האָט געוואָקסען אין פאַרמעגען, איז אויך געווען „ויגדל האיש", איז ער געשטיגען אַלס מענש!

פונדעסטוועגען, ווי נאָר די פלישתים האָבען דערזען זיין דערפּאָלג, האָבען זיי אים געזאָגט: גיי! „גיי פון אונז, ווייל דו ביזט אַ סך גרעסער פון אונז" (לך מעמנו, כי עצמת ממנו מאד — כ"ו, ט"ז).

פאַרוואָס? בלויז צוליב דיין מי און אַרבעט. צוליב דיין הצלחה. אַמאָל איז „גלתה יהודה מעוני", זענען אידען פאַרטריבען געוואָרען צוליב זייער אָרימקייט, צוליב דער נויט פון די מאַסען, און אַמאָל ווידער צוליב „מרוב עבודה", צוליב דעם וואָס זיי האָבען אַ סך געאַרבעט, און אַ סך פאַרמעגען אָנגעזאַמעלט. דאָס איז דער גורל פון אידען אין גלות.

דאָ באַוויזט זיך ג־ט צו יצחק'ן און זאָגט אים פאַראויס אי אַ הבטחה, אי אַ געבאָט:

קלאַמער דיך אין דיין לאַנד, אין דיין לאַנד אַפילו אין נויט! גור בארץ הזאת. „איך וועל געבען צו דיינע קינדער די דאָזיגע לענדער" (ונתתי לזרעך את כל הארצות האל), און דאַן, ווען זיי וועלען זיין אין זייער לאַנד, וועט זיין „והתברכו בזרעך כל גויי הארץ", דאַן וועלען די פעלקער פון דער וועלט באַקומען אַכטונג, רעספּעקט פאַר זיי. וועלען זיין פריינט פון ישראל.

„ה' ע ו ז לעמו יתן, ה' יברך את עמו ב ש ל ו ם", צוערשט זאָל ג־ט געבען זיין פאָלק מ אַ כ ט (עוז), דאַן ערשט וועט ער עס בענשען מיט ש ל ו ם...

„רחמנות" אויף בעלי חיים און אכזריות לגבי מענשען...

„ויהי עשו איש יודע ציד", אויך דאָס איז אַ נישט־אידישע זאַך. יאָגן זיך נאָך חיות, נאָך פייגעל, הרג'ענען, פאַרוואונדען, פייניגען — דער „ספּאָרט", וועלכן ס'טרייבט די גוי'אישע אַריסטאָקראַטיע און אויך די רעגירונגסלייט, — דאָס איז אַ נישט־אידישער מנהג.

ווען עס איז אין פוילען אויפגעקומען די פראַגע פון פאַרביטען די כשר'ע שחיטה און גלייכצייטיג האָבען די פּאָליאַקן פאַרבעטען געררינג'ן אויף יאַגד אין זייערע ביאַלאָוויעזשער וועלדער, האָב איך אין מיין בוך קעגען די אַנטיסעמיטען גלח טשעטשיאַק און פריסטעראַוואַ (אַרויסגעגעבען אין וואַרשע, 1936) אָנגעוויזען אויף דעם צער־בעלי־חיים ביי די דאָזיגע יאַגדען (זיי האָבען זיך נישט באַנוגענט אָבער מיט אויסלאָדען דייערע

חיה'שע אינסטינקטען אין יאַגדען אויף חיות — באַלד האָט זיך אָנגעהויבען די מאַסן־רציחה אויף אידען!).

„ולא תעלה במעלות על מזבחי", — זאָלסט דיך נישט דערהייבען איבער דער אידישער שחיטה, — „אשר לא תגלה ערוותך עליו", — כדי דיין שאַנד זאָל נישט אויפגעדעקט ווערען, ווי אַזוי דו באַציסט זיך צו בעלי־חיים — האָב איך דעמאָלט אָנגעוויזען.

וועגען דעם, צי לויט'ן אידישען דין איז מותר יאַגד אויף חיות, איז דאָ די באַקאַנטע תשובה פון דעם „נודע ביהודה", אין וועלכער ער פסק'נט לאיסור. און ער שטיצט זיך אויף דעם פסוק אין דער היינטיגער סדרה, „הנה אנכי הולך למות". ער גיט אָן דעם טעם, ווייל עס איז אַ סכנה, און ער ברענגט דעם רמב"ם, אַז מ'טאָר זיך נישט שטעלען אין אַ סכנה (אסרו לעבור תחת קיר נטוי מחשש סכנה — רמב"ם, פרק י"ב, הלכות רוצח).

אויך דער מהר"ם מרוטענבערג אסר'ט יאַגד אין זיין שאלות ותשובות (חלק א', סי' כ"ז).

דער ריישער רב, הרב אהרן לעווין, הי"ד, וואונדערט זיך אויפ'ן „נודע ביהודה", פאַרוואָס ער ברענגט נישט די בפירוש'ע גמרא: „דרש ר"ש בן פזי, ,ובדרך חטאים לא עמד', זה שלא עמד ב ק נ ג י ו ן" (עבודה זרה, י"ח, ב'), און רש"י טייטשט: צידת חיות על ידי כלבים, „כאַפּען חיות דורך הינט". „קנגיון" איז, אגב, אַ גריכיש וואָרט און באַדייט יאַגד.

אָבער אויך דער „נודע ביהודה" (חלק יורה דעה, סימן י') ברענגט אַרויס דעם ע ט י ש ע ן פּרינציפּ, וועלכער איז באַגרינדעט אויף דער מסורה: „ווי אַזוי קען אַן אייניקעל פון אברהם, יצחק און יעקב געפינען פאַרגעניגען אין די טאַטען פון נמרוד'ן און עשו'ן?"

### די שוואַרצע אַסימילאַציע און די רויטע

דער געראַנגעל פון יצחק'ן מיט דער אַרום־וועלט ווערט פאַרגע־זעצט דורך יעקב'ן. און ווען יצחק קוקט זיך צו צו יעקב'ס קאַמף מיט עשו'ן, כאַפּט אים אָן אַ „גרויסער ציטער" (ויחרד יצחק חרדה גדולה). זאָגט דערויף דער מדרש רבה: „צוויי מאָל האָט יצחק געציטערט, איין מאָל אויפ'ן מזבח, ביי דער עקדה, און דאָס צווייטע מאָל ווען עשו איז אַריינגעקומען. וועלכער ציטער איז גרעסער? ווען עס ווערט דאָ געזאָגט „חרדה גדולה" ווייזט אויס, אַז דאָ, ביי עשו'ן, איז געווען דער גרעסערער

ציטער" (שתי חרדות חרד יצחק, אחת על גבי מזבח, ואחת כשנכנס עשו וכו').

צווייערליי סכנות האָט יצחק געזען פאַר זיינע קינדער: איינע „על גבי מזבח", פון פיזישער פאַרניכטונג, די צווייטע — „כשנכנס עשו", ווען עשו, די גוי'אישקייט גייט אַריין אין אַ אידיש הויז, ווען אַסימילאַציע דראָעט. ווען „ציד בפיו", ווען עשו מאַכט פאַנגען מיט זיין מויל, מיט זיין געשליפען צינגעל, ווען די פרעמדע קולטור לאָקערט, פאַרבלענדט, ציט־צו... דאָ האָט יצחק נאָך מער געציטערט...

וואָרים די סכנה פון אַסימילאַציע איז גרויס: „שרפת הנשמה והגוף קיים".

און עס זיינען פאַראַן צווייערליי אַסימילאַציעס: איינע, וועלכע איך וואָלט אָנגערופען די „שוואַרצע", וועלכע נעמט אַרום די רייכע, די „אויבערשטע צען טויזענט", די אינטעליגענץ און פרייע באַרופען. די צווייטע — „די רויטע", די אדום־אדמוני־רויטע אַסימילאַציע פון דער יעווסעקציע, פון גאָטלאָזיגקייט, וועלכע מאַכט אָן חורבות אין המון־עם, אין די ברייטע מאַסען, אין די פאָלקס־שיכטען. ווי דער חורבן פון רוסישען אידענטום נישט פאַר וואוילטאָג, נאָר צוליב נויט און צוואַנג. אָט דאָ — „ויחרד יצחק חרדה גדולה", האָט יצחק'ן אַרומגעכאַפּט אַ גרויסער ציטער.

# וַיֵּצֵא

דער חלום פון האַרמאָניע פון ערדישען און הימלישען

באלד ביים ערשטען שריט אין גלות איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען דער חלום פון שלימות, פון האַרמאָניע צווישען אידעאַל און ווירקליכקייט. די דאָזיגע שלימות ווערט אויסגעדריקט אין יעקב׳ס חלום:

ויחלום והנה סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה... — „און ער האָט גע׳חלומ׳ט, אַ לייטער שטייט אויף דער ערד און זיין שפיץ דערגרייכט צום הימעל״...

שפּעטער, אין די גלות־עפּאָכען, האָט מען צעשטערט די דאָזיגע גלייכגעוויכט. מען האָט געוואָלט האָבען צו טאָן בלויז מיט הימלען. אָבער נישט יעדער קען פליען אין די הימלען — איז אויסגעקומען „לופט־מענשען״.

אַנדערע, ווידער, האָבען זיך אַוועקגעשטעלט בלויז אויפ׳ן האַרטען באָדען — אויף נישט־זייערן, אויף פרעמדען באָדען: מאַרקסיזם, סאָציאַ־ליזם, דאָ־זיין, „אויטאָנאָמיע״ אין דער פרעמד.

ביידע סאָרטען האָבען געזינדיגט געגען דער היסטאָרישער סינטעזע פון שלימות, וועלכע איז אָנגעצייכענט געוואָרען אָט דאָ ביים סאַמע אָנהויב פון אַלע גלות׳ן, ווען יעקב, דער לעצטער פון די אָבות, האָט געשטעלט דעם ערשטען שריט אין גלות־וואַנדערונג: די סינטעזע פון סולם מוצב ארצה, פון שטיין אויף פעסטען, רעאַלען און — אייגענעם באָדען, מיט ראשו מגיע השמימה, מיט אַרויסרייסען זיך פון די צוואַנגען פונ׳ם ערדישען, און דערהויבען זיך צו די הויכקייטען פון געטליכע אידעאַלען.

דאָס שלימות פון יהדות פאַרלאַנגט פונקט אַזוי דעם מוצב ארצה, דאָס שטיין אויף רעאַלען באָדען, ווי דעם מגיע השמימה, ווי די הימלישע דערהויבונג.

אונזערע עלטערן האָבען זיך געהאַלטען אין איין אַרויסרייסען פון דער טאָג־טעגליכער גרויער ווירקליכקייט, פון דערנידעריגונג, צו העכערע, הימ־לישע מדרגות.

דאָס איז נישט קיין איינמאָליגע געשעעניש, נאָר אַ שטענדיגער פּראָצעס. נעמליך: דאָס איינוואָרצלען און באַפעסטיגען זיך אויף אייגענער ערד, און דאָס התרוממות צו הויכקייטען.

דער „שפת אמת" שטעלט זיך אָפּ אויף דעם, וואָס עס שטייט „מוצב" און נישט „נצב". נצב מיינט, לויט אים, אַ זאַך, וואָס שטייט פון תמיד אָן, „מוצב" איז די טייטש, אַז מען האָט אָקאָרשט אַוועקגעשטעלט, און — מען האַלט עס אין איין אַוועקשטעלען. דאָס ווייזט, ווי דער „שפת אמת" זאָגט, אויף דער טאָג־טעגליכער באַנייאונג אין דער נאַטור — און, לאָמיר צוגעבען, אין דער נאַטור פונ'ם מענשען. ווי עס שטייט: המחדש בכל יום תמיד מעשה בראשית — „ג־ט באַנייט יעדען טאָג די באַשאַפונג פון בראשית".

אין לעבען פון אַ אידען גייט אָן אַ שטענדיגער קאַמף צווישען די טאָג־טעגליכע מאַטערנישען און צווישען די נצחיות'דיגע שטרעבונגען.

אַזוי איז אויך דער ענין פון דער לייטער אין יעקב'ס חלום. אין לעבען פון יעדען מענשען ווערט טאָג־איין, טאָג־אויס אַוועקגעשטעלט אַ לייטער. און „די מלאכים פון ג־ט האַלטען אין איין אַרויפגיין און אַראָפּגיין אויף אים" — והנה מלאכי אלוקים ע ו ל י ם ו י ו ר ד י ם בו. נישט זיי ה אָ ב ע ן אויפגעשטיגען, נישט ע ל ו, נאָר זיי ש ט י י ג ע ן, ע ו ל י ם.

דאָס איז אַ פּערמאַנענטע התחדשות, אַ טאָג־טעגליכע באַנייאונג.

פונקט ווי ס'איז „אין כל חדש תחת השמש", נישטאָ קיין שום נייע זאַך אונטער דער זון אַזוי איז אויך אמת, אַז „אין כל י ש ן תחת השמש", נישטאָ קיין אַלטס אונטער דער זון.

דאָס איז דער סוד פון התחדשות, פון אייביגען באַנייאונג־פּראָצעס.

### די שלאָפענדיגע בפרהסיא

וייקץ יעקב משנתו ויאמר, אכן יש אלוקים במקום הזה ואנכי לא ידעתי — „האָט יעקב זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף און ער האָט געזאָגט, פאַרוואָר, ג־ט איז דאָ אויף דעם דאָזיגען אָרט און איך האָב נישט געוואוסט" (כ"ח, ט"ז).

זאָגט רש"י: ואנכי לא ידעתי — „וואָלט איך יאָ געוואוסט, וואָלט איך נישט געשלאָפען אין אַזאַ הייליג אָרט".

פרעגט זיך: וואָלט יעקב נישט געשלאָפען, וואָלט ער דאָך נישט גע'חלום'ט דעם געטליכען חלום?

קען מען זאָגען, אַז יעקב אבינו האָט געקענט חלום'ען דעם זעלבען חלום אויף דער וואַך, בהקיץ.

לאָמיר אָבער לערנען פון רש״י׳ס טייטש פאָלגענדען לימוד:
ווען איינער געפינט זיך אויף אַן עפענטליכער פּאָזיציע, אַלס מנהיג פון אידען, אַלס טוער פאַר׳ן ציבור, געפינט ער זיך אין אַ הייליג אָרט, און טאָר נישט שלאָפען!

ער מוז זיין שטענדיג וואַכזאַם. ער מוז זיין שטענדיג געשפּאַנט, אַקטיוו און פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיין אַמט און פאַר דעם פאָלק, וואָס ער דאַרף פירען. מעג אַ קאַפּיטאַן פון אַ שיף אינמיטען ים איינשלאָפען? מעג ער אָפּלאָזען דעם רודער און לאָזען די שיף אויף הפקר? בפרט נאָך ווען די שיף געפינט זיך אויף ברויזענדע כוואַליעס, אין סכנה?

פאַראַן מענשען און מענשעלעך, וואָס פאַרנעמען הויכע אַמטען — צו שלאָפען אין זיי. זיי באַקליידען פאַראַנטוואָרטליכע פּאָסטענס — אומ־פאַראַנטוואָרטליך. זייערע אַלע כיטרע געדאַנקעלעך און פלינקע רירעוודיגקייט מאָבּיליזירען זיי פאַר איינגעמען דעם כבוד — און היטען אים. אַזוי, אַז קיין שום כוח אין דער וועלט זאָל זיי נישט אָוועקרירען פונ׳ם רודער, און זאָל זיי — נישט אויפוועקען.

די דאָזיגע שלאָפענדיגע בפרהסיה דערמאָנען אין יענעם אַלטען מאַן, וואָס זעצט זיך אַוועק אויף אַ באַנק אין סאַמע צענטער פון אַ פּאַרק כדי צו כאַפּען אַ געשמאַקען דרימעל אין דער פולער עפענטליכקייט, פאַר די אויגען פון אַלע פאַרבייגייער: עס שלאָפט זיך אים נישט אין זיין שלאָף־צימער — ער מוז עס טאָן בציבור...

די דאָזיגע פאַרזונקענע אין הינערפלעט־שלאָף אין עפענטליכע אַמטען, אין הייליגע ערטער, די ישנים בפרהסיה, זיינען אַ מחלה, וואָס קען זיין געפערליך אין צייטען פון געפאַר.

און זיי זיינען עס געווען אין די חורבן־יאָרען.

וואַסער־געוואונען פאַרלאַנגט פאַראייניגטע אָנשטרענגונג

איצט לאָמיר ברענגען איניגע טייטשען פון גרויסען מפרשים.

והאבן גדולה על־פי הבאר — „און דער שטיין אויף דעם ברונעם איז געווען גרויס״ (כ״ט, ב׳).

אַט דער פּסוק דעקט אויף עטוואָס פון דעם מצב אין יענע צייטען אין יענער געגענט, וואָס מיר רופען היינט מיטעל־מזרח. די מענשען (און מיר קענען צוגעבען, אין אַנבליק פון אונזערע דערפאַרונגען — די פעלקער) האָבען נישט געטרויט דאָס וואַסער איינער דעם אַנדערן. וואַסער איז דעמאָלט — און היינט — געווען, אַ טייערע זאַך. האָבען זיי אַרויפגעלייגט אויף דעם

ברונעם אַזאַ גרויסען שטיין, אַז קיינער אַליין זאָל אים נישט קענען אַראָפּנעמען, נאָר מען זאָל מוזען האָבען די כוחות פון אַלע אינאיינעם דעריבער, והאבן גדולה על־פי הבאר.

ויאמר להם יעקב, אחי, מאין אתם — „האָט יעקב צו זיי געזאָגט: מיינע ברידער, פון וואַנען קומט איר?" (כ"ט, ד'). זאָגט רבי נפתלי צבי בערלין, דער נצי"ב, זצ"ל, אַז יעקב האָט גערעדט צו זיי מיט אַ ברידערליך לשון, ער האָט זיי קיינמאָל פריער נישט געזען, און דאָך האָט ער זיי אָנגערופען מיינע ברידער.

ויגל את האבן מעל פי הבאר, „און ער האָט אַראָפּגעקאַטשעט דעם שטיין פון דעם ברונעם" (כ"ט, י"א). האָט געזאָגט אַ צדיק: נאָך דעם ווי אברהם האָט געגראָבען, ויחפור אברהם, נאָך דעם ווי יצחק האָט געגראָבען, ויחפור יצחק, איז יעקב צוגעקומען גלייך צום מקור...

גייט'זשע דעם וועג ביז'ן סוף!

די הפטרה איז אין הושע י"א.

(די ספרדים זאָגען „חזון עובדי'").

מיר געפינען אין דער הפטרה דעם פסוק: „שובה ישראל עד ה' אלוקיך, כי כשלת בעוונך" („קום צוריק, ישראל, ביז צו דיין ג־ט, ווייל דו ביזט דורכגעפאַלען מיט דיינע זינד").

באמת וואָלט געדאַרפט שטיין: שובה ישראל אל ה' אלוקיך, און נישט עד ה' אלוקיך.

נאָר אין דעם וואָרט „עד" ליגט אַ באַזונדערער מיין. דער נביא האָט געזען ווי דאָס אידישע פאָלק קערט זיך און ווענדעט זיך אין פאַרשיידענע ריכטונגען, אין פאַרשיידענע זייטען, זוכט, קוקט אויס אַן אידעאַל, בענקט נאָך אַן אידעאישען אָנשפּאַר, אַ וועג־ווייזער. היינטיגע אידען זיינען אומרואיג; ס'פייניגט זיי אַ בענקעניש; עס מאַטערט זיי דער הייליגער אומרו. זאָגט דער נביא: אויב איר קערט זיך און ווענדט זיך, אויב איר זעט שוין כי כשלת בעוונך, אַז אייערע זינד זיינען נישט געווען קיין סאַקצעס, אַז איר האָט נישט געהאַט קיין דערפאָלג מיט אייערע חטאים, אַז אייערע פאַלשע אידעאָלאָגיעס האָבען באַנקראָטירט, און איר זוכט נייע וועגען, נייע אידייען — אויב אַזוי: שובה ישראל עד ה' אלוקיך, קומט שוין ביז ג־ט, גייט־זשע דעם גאַנצען און גלייכען וועג, וואָס פירט צו ג־ט.

וואָרים דער וועג צו ג־ט, דער וועג פון ג־ט, איז גלייך.

כי ישרים דרכי ה׳ — ווי מיר לייענען ווייטער אין דער זעלבער הפטרה, „ווייל גלייכע זיינען די וועגען פון ג־ט״.

און דאָס וואונדערט זיך דער נביא: „מי חכם ויבן אלה״ — ווער קאָן זיין אַזוי קלוג און דאָס פאַרשטיין? נבון, ווער קען זיין אַזוי פאַרשטענדיג, וידעם, און דאָס וויסען? כי ישרים דרכי ה׳ — די געטליכע וועגען זיינען דאָך גלייך; זיי זיינען גלאַט און גראַדליניק, ווי אַ „האַיוועי״, וואו מען קען נישט בלאָנדזשען! און מיר זעען דאָך טאַקע צדיקים ילכו בם, צדיקים גייען אין דאָזיגען וועג; ווי אַזוי־זשע איז מעגליך, אַז רשעים יכשלו בם, ווי אַזוי קענען רשעים בלאָנדזשען אין די זעלבע גראַדע וועגען?...

ס׳איז געווענדעט דורך וואָסער טויער מ׳קומט אַריין...

אָבער ס׳איז פאַראַן אַן ענטפער אויף דער פראַגע פון עובדיה הנביא. דעם ענטפער גיט אונז רבי מענדעלע קאָצקער, זצ״ל:

יעקב אבינו האָט געזאָגט, ווי מיר האָבען ערשט געלערנט אין פרשת ויצא: „מה נורא המקום הזה, אין זה כי אם בית אלוקים, וזה שער השמים״ „ווי מורא׳דיג איז דאָס דאָזיגע אָרט! דאָס איז ניט אַנדערש ווי דאָס הויז פון ג־ט, און דאָס איז דער טויער צום הימעל״ (כ״ח, י״ז).

זאָגט דער קאָצקער רבי:

די גאַנצע וועלט איז בית אלוקים, איז ג־ט׳ס הויז, נאָר ס׳איז געווענדעט וואו דו קומסט אַריין, דורך וואָסער טויער דו גייסט אַריין. גייסטו דורכ׳ן שער השמים, דורכ׳ן הימלישען טויער, דאַן קומסטו אַריין אין בית־אלוקים — וואו דו זאָלסט נישט זיין, ווייל מלוא כל העולם כבודו. טאָמער פאַרסטו אָבער אַריין, חלילה, דורך אַן אַנדער׳ן טויער, דאַן מעג זיין ישרים דרכי ה׳, אָבער דו בלאָנדזשעסט פאָרט, ווייל דו ביזט נישט אַריין דורכ׳ן ריכטיגען שער...

אַט דעריבער, קענען מיר צוגעבען, איז מען אַזוי מתפלל אויף עפענען דעם שער, פתח לנו שער, ווייל דער עיקר איז דער טויער וואו מ׳קומט אַריין.

דער ערשטער איד גייט אין גלות מיט אַ חלום און אַ ספר

**ויצא** יעקב מבאר שבע וילך חרנה — ווידעראַמאָל וואַנדערונגען, גלות, נע־ונד...

אברהם האָט געוואַנדערט, יצחק האָט געוואַנדערט, אָבער צווישען זייער וואַנדערן און יעקב׳ס איז אַ גרויסער אונטערשיד. אברהם האָט זיך

געלאָזט אין וועג אַריין מיט זיין משפחה, מיט זיינע קנעכט, מיט זיינע קעמלען, אַפילו מיט אַן אייגענער אַרמיי (וירק את חניכיו ילידי ביתו, שמונה עשר ושלש מאות. — לך לך, י״ד, י״ד). יצחק — אויך דאָס זעלבע, אַרויסגעפאָרען אין וועג מיט זיין הויזגעזינד, מיט זיינע באַדינער, מיט זיין גרויס פאַרמעגען.

אַנדערש אָבער יעקב. יעקב איז ערשט געווען דער ריכטיגער נע־ ונד׳ניק, דער אמת׳ער גלות־איד. אַזוי ווי מיר האָבען עס געזען און זעען עס אין אונזער צייט.

יעקב פאַרלאָזט זיין היים אין טויט־שרעק. געיאָגט פונ׳ם פחד פאַר עשו׳ן. אַוועק אין וועג „בעירום וחוסר כל״, גאַרנישט געהאַט מיט זיך. אַנידערגעלייגט דעם מידען קאָפּ אויף אַ שטיין, „און ער האָט גענומען פון די שטיינער פונ׳ם אָרט און געמאַכט זיין צוקאָפּענס״ (ויקח מאבני המקום וישם מראשותיו); געשלאָפען אונטער׳ן פרייען הימל, אין דער פינסטערער נאַכט, פאַרלאָזן, פאַראיינזאַמט, פאַרוואָגעלט...

וואו זיינען אַהינגעקומען דעם זיידען אברהמ׳ס רייכטימער? וואו איז אַוועק דעם פאָטער יצחק׳ס שווערע האָרעוואַניע, די פרוכט פון זיין זייען און שניידען הונדערטפאַך? (ויזרע ויקצור מאה שערים). וואו איז דאָס גאַנצע אָנגעזאַמעלטע עשירות?

נישטאָ קיין סימן פון דעם אַלעמען! יעקב בעט אויף דעם עלעמענ־ טאַרסטען וואָס אַ מענש ברויך, אויף „ברויט צו עסן און אַ קלייד אָנצוטאָן״ (לחם לאכול ובגד ללבוש). קיין שום זאַך פאַרמאָגט ניט יעקב פון אברהמ׳ס עשירות און יצחק׳ס פאַרמעגען. אַלץ האָבען צוגענומען עשו און אליפז, צוגע־ רויבט, „אָנטאייגענט״, „נאַציאָנאַליזירט״...

בלויז איין זאַך האָבען זיי ביי אים נישט געקענט צורויבען, בלויז איין זאַך איז אים געבליבען — דער חלום...

לאַכט נישט, פּראַקטישע מענשען, פּראַזאאישע נשמות, פון אַ חלום! שפּאָט נישט פון דעם אָרימען וואָגלער, וואָס פאַרמאָגט נישט מער ווי זיין — טרוים!

זעט:

די זון איז פאַר אים אונטערגעגאַנגען אין זיין גלות־וועג, אַ שוואַרצע נאַכט האָט זיך אויף אים אַראָפּגעלאָזט (וילן שם כי באָ השמש — כ״ח, י״א). און דאָך, און דאָך — דער דאָזיגער טרוימער, וועלכער פאַרמאָגט נישט קיין היים, קיין הויז, געפינט זיך פלוצים אין ג־ט׳ס הויז: אין זה כי אם בית אלוקים. אין זה — דאָס איז נישט קיין מדבר, נישט קיין היימלאָזיגקייט, נישט

קיין פאַרלאָזנקייט, נאָר — נישט מער און נישט ווייניגער ווי ג־ט׳ס הויז!

און די ערד, אויף וועלכער ער האָט זיך אַ מידער אוועגעלייגט, איז נישט סתם קיין ערד, אין איר איז צונויפגעוויקעלט דאָס ספר. „רבי שמעון זאָגט נאָך פון בר קפראַ׳ן: ג־ט האָט צוזאַמענגעוויקעלט דאָס לאַנד אין אַ בוך און עס אַוועקגעלייגט צוקאָפּענס פון יעקב אָבינו״ (רבי שמעון משום בר קפרא אומר, קפלה הקב״ה כפנקס ונתנה תחת ראשו — מדרש). יעקב האָט זיין היים, זיין לאַנד נישט פאַרלוירען! אַלץ וואָס באַדייט לאַנד, טעריטאָריע, מדינה, שטאָט, איז איינגעוויקעלט געוואָרען, איז קאָנצענטרירט געוואָרען אין ספר: און דאָס ספר האָט שוין באַגלייט יעקב׳ן און פאַרטראָטען ארץ אין זיין גאַנצען גלות־וועג. פאַר אים און זיינע קינדער און קינדס־קינדער און די צוקינפטיגע דורות, און אַלע דורות, ביז... ביז דאָס ספר איז ווידער אויפגעוויקעלט געוואָרען אין לאַנד, און מדינה.

דאָס ספר, וועלכעס איז געלייגט געוואָרען צוקאָפּענס פון יעקב׳ן אין יענער ערשטער גלות־נאַכט, און ליגענדיג אויף אַזאַ ערד־בוך, און געפינענ־דיג זיך אין „ג־ט׳ס הויז״, חלומ׳ט יעקב דעם וואונדערליכען טרוים פון „סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה״. דער חלום איז געקומען ניט עפּעס פון אַ חלל, נאָר פון לערנען ביי שם ועבר, נאָך דעם ווי ער האָט דאָס ערשטע מאָל צוגעמאַכט די אויגען. „די 14 יאָר ווען ער האָט געלערענט איז ער נישט געשלאָפען ביינאַכט, ווייל ער האָט עוסק געווען אין תורה״ (אבל י״ד שנים ששמש בבית עבר לא שכב בלילה, שהיה עוסק בתורה — מדרש רבה, רש״י). די תורה באַגלייט אים אין גלות.

און דאַן האָט יעקב גע׳חלומ׳ט וועגען אויפשטייג. דעם חלום וועגען הימלגרייכענדיגען אויפשטייג, אַפילו ווען „עולים ויורדים בו״, אַפילו ווען עס קומט צייטוויייליג אַ ירידה. און אויך דער דאָזיגער טרוים פון דערהויבען דעם מענשען צום הימעל באַגלייט שוין יעקב׳ן און זיינע קינדער און קינדס־קינדער.

וויפיל ליידען, וויפיל מאַרטירערטום, וויפיל צרות און רדיפות עס זענען געקומען אויף יעקב׳ס קינדער — דער דאָזיגער חלום פאַרלאָזט זיי נישט.

און עס פעלען נישט קיין ליידען יעקב׳ן און זיינע קינדער. נאָך דע־מאָלט, אין אונזער אורפאָטער׳ס צייטן, ווען די וועלט איז געווען יונג, נישט באַזעצט און נישט באַפעלקערט, איז זי שוין געווען צו־ענג פאַר יעקב׳ן און עשו׳ן צוזאַמען. נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר זיי בײדע אינאיינעם... „ווען יעקב האָט געוואָלט צוריקגיין צו זיין עלטערן־הויז, האָט ער דערזען, אַז

דאָס לאַנד איז צו־ענג פאַר אים" (כד יתיב דעתיה למיהדר קפצה לו ארעה — ווערט געטייטשט: נקצרה ונתקמצה לו האָרץ — חולין, צ"ב, ב').

אָבער יעקב באַקומט דעמאָלט דעם צוזאָג, אַז פאַר אים און פאַר זיינע קינדער איז דאָ איין לאַנד, וועלכעס איז זיינס, זייערס: „דאָס לאַנד, אויף וועלכען דו ליגסט וועל איך געבען צו דיר און צו דיינע קינדער" (האָרץ אשר אתה שוכב עליה לך אתננה ולזרעך).

און מעג אומעטום זיין ענג פאַר דיינע קינדער, דאָס לאַנד וועט נישט זיין ענג פאַר דיר; דאָס לאַנד, דיין אייגענס, וועט אַרייננעמען אַלע דיינע קינדער.

האָרץ אשר שוכב עליה — אפילו ווען „דיינע קינדער וועלען זיין פיל ווי די ערד פון דער וועלט" (והיה זרעך כעפר הארץ) — וועט זיין פלאַץ פאַר זיי אין דעם דאָזיגען לאַנד.

אָבער יעקב שטויסט זיך אָן אין שוועריגקייטען נישט בלויז אין לאַנד גופא, נאָר אויך ווען ער וויל אַרויס פון זיין גלות און צוריקקומען אין זיין היים. לבן אַרמי וויל צונעמען נישט בלויז זיין פאַרמעגען, נאָר וויל אויך נישט אַרויסלאָזען די נפשות: „הבנות בנותי והבנים בני, והצאן צאני, וכל אשר אתה רואה לי הוא" (ויצא ל"א, מ"ג). אַלץ איז זיינס. לבן וויל אַראָפּלאָזען אַן „אייזערנעם פאַרהאַנג" אויף „זיינע" אידען; זיי זיינען „זיינע"; פאַרמאַכט די גרעניצען, פאַרמאַכט די טויערן, ער לאָזט נישט אַרויס. פריער האָט מען נישט אַריינגעלאָזט קיין ארץ־ישראל, איצט לאָזט מען נישט אַרויס פון דעם גלות־לאַנד. יעקב אָבינו מוז אַנטלויפען. מוז זיך אַרויסרייסען מיט פאַרשידענע המצאות, אויפטועכצן, מוז „שמוגלען" לבנ'ס גרעניץ: „בריחה"...

ביז, נאָך לאַנגע „דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען" און אויפקלערונגען און דערקלערונגען, און ביי אַ גרויסער סיעתא דשמיא, גיט זיך איין יעקב'ן אַרויסצובאַקומען זיך פון לבנ'ס אָרימס, וועלכע דריקען „פריינטליך", אָבער פעסט. לבן איז נישט קיין אַנטיסעמיט. חס־וחלילה. ער האָט גאָר ליב יעקב'ן, ער וויל זיך מיט אים נישט שיידן...

אָבער יעקב וויל צוריק אין זיין היים. ער וויל נישט געניסען פון לבנ'ס פריינטשאַפט, פון זיין „גלייכבאַרעכטיגונג". גענוג געווען אין דער פרעמד. געקומען די צייט — אַהיים!

קוים מיט שווערע מי גיט זיך איין יעקב'ן אַרויסצובאַקומען די „וויזע": „ויברך אתהם", לבן האָט זיי געבענשט. אייגענטליך, וואָס האָט יעקב אָבינו געדאַרפט לבנ'ס ברכה? נאָר אין וואָס איז באַשטאַנען די ברכה? „וילך וישב לבן למקומו": דאָס וואָס ער איז אָוועקגעגאַנגען פון זיי און זיך געגאַנגען זיין וועג און געלאָזט זיי גיין זייער וועג דאָס איז געווען די ברכה.

וואו מאַכט יעקב׳ס אַרויסגיין אַ רושם?

**ויצא** יעקב מבאר שבע — „איז יעקב אַרויסגעגאַנגען פון באר שבע". זאָגט דערויף רש"י: מגיד שיציאת צדיק עושה רושם... יצא משם — פנה הודה, פנה זיווה, פנה הדרה. „דערמיט זאָגט ער, אַז דאָס אַרויסגיין פון אַ צדיק מאַכט אַן איינדרוק... גייט אַרויס דער צדיק פון דער שטאָט, גייט אַוועק איר פראַכט, גייט אַוועק איר לויטערקייט, גייט אַוועק איר גלאַנץ".

האָט דער „חתם סופר" זצ"ל, געפרעגט: איז דאָך אברהם אויך אַוועקגעגאַנגען פון זיין שטאָט, פאַרוואָס איז דעמאָלט נישט געשען דאָס זעלבע אין דער שטאָט?

ענטפערט דער „חתם סופר": ס׳איז געווענדט פון וואַנען דער צדיק גייט אַוועק. אברהם איז אַוועק פון אַ שטאָט פון עבודה זרה — וואָס פאַר אַ רושם האָט געקענט מאַכען דאָרט זיין פאַרלאָזן די שטאָט? אָבער יעקב האָט דאָך איבערגעלאָזט אין באר שבע יצחק׳ן, רבקה׳ן, און באר שבע איז געווען אַ שטאָט פון אברהם אָבינו, — אויף זיי האָט זיין אַוועקגיין געמאַכט אַ רושם.

הייסט עס, אַז כדי דאָס אַוועקגיין פון אַ צדיק זאָל מאַכען אַ רושם, מוזען די איינוואוינער אויך זיין צדיקים, אָדער ווייניגסטענס אַזעלכע, וואָס זאָלען אָפּשאַצען אַ צדיק.

מיר ווייסען ווי קהילות פלעגען „איינלייגען וועלטען" צו באַקומען אַ גדול בתורה אַלס זייער רב. אָדער ווען אַ רב האָט אַמאָל געוואָלט אַוועק פון אַ שטאָט, כדי איבערצונעמען אַן אַנדער רבנות, — ווי עס איז געוואָרען אַ רעש אין שטאָט, און מען האָט געמאַכט אַלע באַמיאונגען צו דערהאַלטען דעם רב אין דער קהילה.

אַן אַנדער טייטש: אויב אַ צדיק פאַרלאָזט אַ שטאָט, איז עס באַשטימט ווייל פנה הודה, ווייל עס איז אַוועק דער גלאַנץ פון דער שטאָט. ווייל איר גייסטיגער מצב איז אַראָפּ. מיט אַנדערע ווערטער: דאָס וואוינען פון אַ צדיק אין אַ געוויס אָרט איז אַ מאָס פון דעם רוחניות׳דיגען מצב פון דעם אָרט. און פאַרקערט, דאָס אַוועקגיין פונ׳ם צדיק — איז אַ סימן פאַרקערט.

ווייל אַ צדיק באַמיט זיך צו לעבען אין אַ פּאַסיגער סביבה. ווי מיר זעען ווי אברהם אָבינו האָט מתפלל געווען אויף סדום — און האָט נישט גע׳פועל׳ט. פאַרוואָס? ווייל עס זיינען נישט געווען קיין צדיקים דאָרט. פרעגט זיך: האָט דאָך אברהם געקענט זיך אַריינציען אַהין און דערמיט

ראַטעוועז די שטאָט? נאָר ווייזט אויס, אַז אברהם האָט טאַקע מתפלל געווען אויף דער זינדיגער שטאָט, אָבער וואוינען אין סדום — דאָס נישט!...

האָבען דאָך די חז״ל פאַרבאָטען צו וואוינען אין אַ שטאָט, וואו עס איז ניטאָ קיין אידישער חינוך. און מיר זעען עס היינט, ווי בעת אין ניו יאָרק ווערט אידישקייט פאַרשטאַרקט און פאַרשפרייט, איז „דאָס אַנדערע אַמעריקע״, וואָס איז נישט די מעטראָפּאָליע, אַלץ מער אויסגעליידיגט פון יהדות, אַלץ מער „אינטעגרירט״, וואָס דאָס איז אַן אַמעריקאַנער וואָרט פאַר אַסימילאַציע.

די אינטענסיווקייט אין צענטער שלאָגט זיך נישט אָפּ אויף דער פּעריפעריע. קומט אויס, אַז דער צענטער איז, אייגענטליך, נישט קיין צענטער, נאָר אַן איזאָלירט ווינקעל, אַן אָאַזיס אין אַ גרויסער גייסטיגער מדבר.

אויך יעקב אָבינו ווען ער איז אַוועק פון לבנ׳ען איז עס געווען בעיקר צוליב חינוך.

יעקב׳ס צוויי חלומות

ווייל צוויי חלומות, לייענען מיר אין דער סדרה, האָט יעקב גע׳חלומ׳ט. איינעם אין אָנהויב פון דער סדרה, דעם צווייטען — ביים סוף. דער ערשטער חלום — וועגען וואָס איז ער געווען? וועגען מלאָכים, וועגען אַ לייטער, וואָס שטייט אויף דער ערד און גרייכט צום הימעל. און דער אַנדערער חלום? ויאמר אלי מלאך האלוקים... ויאמר שא נא עיניך — „און עס האָט געזאָגט צו מיר (צו יעקב׳ן) אַ מלאך פון ג־ט... הייב־אויף דיינע אויגען״. און וואָס זעט יעקב אין זיין צווייטען חלום? עקודים, נקודים וברודים — געשטרייפטע, געשפרענקעלטע און געפלעקטע שאָף!

ווען יעקב האָט פאַרלאָזט זיין פאָטער׳ס הויז און האָט זיך געלאָזט אויף זיין ווייטען וואַנדער־וועג, איז ער געווען באַזעלט מיט הויכע אידעאַלען. זיין בליק האָט געגרייכט צו די הימלען. זיין שטרעבונג האָט געצילט צו גייסטיגע מרחקים. זיין טרוים איז געווען וועגען אויפשטייג אין הויכקייטען. אָבער נאָכ׳ן אָפּזיין 20 יאָר מיט לבנ׳ען, איז זיין חלום געוואָרען גאַנץ פּראָזאַאיש — וועגען שאָף, די „וואַליוטע״ פון דעמאָלטיגע צייטען.

דאָס איז געווען דער ווענד־פּונקט!

יעקב האָט שווער געאַרבעט, געפּאַשעט די שאָף, געהיט זיי: הייתי ביום אכלני חרב וקרח בלילה, ותדד שנתי מעיני — „בייטאָג פלעגט מיך אויפעסען די היץ און דער פראָסט ביינאַכט, און מיין שלאָף האָט געוויכט פון מיינע אויגען״ (בראשית ל״א, מ׳). און ער האָט שווייגענדיג געטראָגען

די לאַסט. ער האָט זיך גישט באַקלאָגט אויף דער שווערער אַרבעט און אויפ׳ן שווערען לעבען. ווען האָט ער זיך געבונטעוועט געגען זיין מצב?

ווען ער האָט געזען ווי זיין טרוים איז געוואָרען דערנידעריגט, ווי זיין שיינער חלום איז אויסגערינען. ווען ער האָט געזען, אַז זיין אידעאַל איז שוין נישט מער וואָס ער איז געווען, ער איז געוואָרען וואָכעדיג, פּראָאַזיש. זיין חלום איז מאַטעריאַליזירט. ווענן וואָס טרוימט ער? וועגן נקודים וברודים...

יעקב שרעקט זיך פאַר צוגעוואוינען זיך צו לבנ׳ען...

נאָך עפּעס: ויאמר להן רואה אנכי את פני אביכן, כי איננו אלי כתמול שלשום, ואלוקי אָבי היה עמדי — „און ער (יעקב) האָט געזאָגט צו זיי (צו זיינע פרויען): איך זע אין אייער פאָטער׳ס פּנים, אַז ער איז ניט צו מיר ווי נעכטען־אייערנעכטען, און דער ג־ט פון מיין פאָטער איז געווען מיט מיר" (ל"א, ה׳).

זיינען דאָ שווער צוויי זאַכען: ערשטענס, וואָס איז יעקב׳ן אַ נפקא מינה ווי אַזוי לבן הארמי קוקט אויף אים? צווייטענס, ווי קומט דאָ ואלוקי אָבי היה עמדי, „דער ג־ט פון מיין פאָטער איז געווען מיט מיר"? וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס צום ערשטען?

נאָר יעקב האָט דאָ געזען צוויי ענינים, וואָס זיינען פאַקטיש דאָס זעלבע. איינס, די אומוואַנדלונג, און ירידה, פון זיין חלום׳ען. צוויי, לבן הארמי, לבן דער שווינדלער, זעט אים, יעקב׳ן, נישט אויס מער אַזוי פרעמד, אַזוי דערווידער ווי פריער. ער האָט זיך שוין צוביסלעך צוגעוואוינט.

וואָרים עס שטייט דאָך: כי איננו אלי, און ניט „כי אינני אליו". ער, לבן, זעט מיר נישט אויס ווי ער האָט אַמאָל אויסגעזען. איך פיל נישט מער דעם ווידערווילען צו אים ווי פריער.

האָט יעקב זיך געוואונדערט: ווי איז דאָס מעגליך? ואלוקי אָבי היה עמדי, איז דאָך ג־ט פון מיין פאָטער געווען מיט מיר — די גאַנצע צייט — ווי אַזוי קען עס מעגליך זיין, אַז איך זאָל סובל זיין לבנ׳ען, אַז איך זאָל טאָלערירען זיינע שווינדלערייען, אַז איך זאָל דולדען זיינע קרומע גענג?

ווייל דער כאַראַקטער פונ׳ם מענשען מעסט זיך דערמיט ווי אַזוי ער רעאַגירט, אָדער ווי אַזוי ער רעאַגירט נישט, אויף עוולות, אויף פאַרדאָר־בענקייט, אויף רמאות. אויב עס פאַסירען אומרעכטען און פאַרדאָרבענקייט; אויב עס געשעען שווינדלערייען, אָפּנאַרערייִ, פאַרשווענדעריי מיט קהל׳שע געלטער, אויסנוצען הייליגע צוועקען פאַר אייגענע אינטערעסען — און מען נעמט אָן אַ „נייטראַלע" שטעלונג — איז עס אַ סימן פון ירידה, פון שחיתות.

ר׳ ישראל סאלאנטער, זצ״ל, האט געזאגט: „שארית ישראל לא יעשה עוולה — ולא יסבול עוולה״; נישט גענוג נישט צו טאן קיין עוולה — מען טאר אויך נישט פארטראגען קיין עוולה. מען טאר נישט זאגען „וואס ארט עס מיך?״ עס דארף יא ארען!

איז ווען יעקב אבינו האט אנגעהויבען צו שפירען אין זיך, אז לבנ׳ס ליגנערישער פרצוף „איננו אלי כתמול שלשום״, אז ער רופט שוין ביי אים נישט ארויס דעם פראטעסט וואס אמאל, — האט ער געזען אז ס׳איז צייט צו אנטלויפען!

דאס איז געווען דער ווענד־פונקט. דאס איז געווען דער איבערברוך.

יעקב, ווען ער האט געזען, אז אן ענדערונג קומט פאר אין אים — און ער האט דאך געהאט 13 קליינע קינדער צו דערציען, והילדים רכים, און די קינדער זיינען קליין, ווי מיר ווענען לייענען, אי״ה, איבעראכטאג אין דער סדרה וישלח — האט ער געזען פאר זיך דעם פראבלעם פון חינוך. און האט באשלאסען: אוועק פון דאנען! אוועק פון לבנ׳ען און זיינע דרכים! אוועק פון זיין השפעה. ווי מיר זאגען פסח אין דער הגדה: ולבן בקש לעקור את הכל — „און לבן האט געוואלט אויסרייסען אלץ״. ווי אזוי? דורך השפעה אויף די בני יעקב, אויף די שבטי י־ה.

יעקב׳ס אייגענער וועג

ביים אנהויב פון דער סדרה און ביים סוף פון דער סדרה טרעפען מיר אן אויף די זעלבע ווערטער. ווען יעקב איז ארויס אין וואנדער־וועג, האט ער מתפלל געווען און גענומען אויף זיך די התחייבות: וידר יעקב נדר לאמר, אם יהיה אלוקים עמדי — „און יעקב האט א נדר געטאן, אזוי צו זאגען: אויב ג־ט וועט זיין מיט מיר״ (בראשית כ״ח, כ׳).

ביים סוף לייענען מיר: רואה אנכי את פני אביכן כי איננו אלי כתמול שלשום, ואלוקי אבי היה עמדי — „און דער ג־ט פון מיין פאטער איז געווען מיט מיר״.

יעקב׳ס תפילה ביים אנהויב איז געווען, אז דער וועג, וואס ער גייט, זאל זיין דער וועג פון זיין פאטער. איצט, ווען ער שטייט ביי דער ענדע פון זיין אין־דער־פרעמד־זיין, פירט ער דורך א חשבון הנפש: זיין תפילה איז מקוים געווארען. ואלוקי אבי היה עמדי, ג־ט איז געווען מיט אים, דער ג־ט פון זיין פאטער.

אבער דאס איז נישט קיין גאראנטיע אויף שטענדיג. עס איז נאך אלץ פאראן די סכנה פון פרעמדער השפעה אויפ׳ן חינוך פון די קינדער.

באַשליסט יעקב, אַז עס איז צייט מקיים צו זיין דעם נדר פון אָנהויב: ושבתי בשלום אל בית אבי — והיה ה׳ לי לאלוקים, „און איך וועל מיך אומקערען בשלום צו מיין פאָטער׳ס הויז — וועט ה׳ זיין צו מיר אַ ג־ט״.

דאָרט, אין בית אָבי, אין פאָטערלאַנד, אין ארץ ישראל, איז יעקב זיכער, פון אַסימילאַציע, פון אָפּפרעמדונג, פון אָפּטריניגקייט.

אין רעזולטאַט, איז נאָכ׳ן אַנטלויפען און נאָכיאָגען, און ווידער־טרעפען זיך, און שלום מאַכען מיט לבנ׳ען —

וישב לבן למקומו, „און לבן איז צוריקגעקומען צו זיין אָרט״, ויעקב הלך לדרכו, „און יעקב איז געגאַנגען זיין וועג״. ניטאָ קיין געמיינזאַמער וועג פאַר יעקב׳ן און לבנ׳ען — אַפילו ווען עם לבן גרתי ותרי״ג מצוות שמרתי.

אויף דעם וועג, אויף זיין וועג, באַקומט יעקב צוריק זיין חלום. ויאמר יעקב כאשר ראָם, מחנה אלוקים זה — „און יעקב האָט געזאָגט ווען ער האָט זיי דערזען: ג־ט׳ס מחנה איז דאָס״. ויקרא שם המקום ההוא מחניים — „און ער האָט גערופען דעם נאָמען פון דעם דאָזיגען אָרט מחניים״.

„מחנה אלוקים״ איז געווען נישט בלויז, וואָס יעקב און זיין הויזגעזינט האָבען געזען, נאָר אויך, וואָס זיי אַליין זיינען געווען.

### דער כח פון עפענטליכער מיינונג

ועיני לאה רכות (ויצא, כ״ט, י״ז). זאָגט דאַרויף רש״י: „ווייל לאה האָט געמיינט, אַז איר שיקזאַל איז צו זיין עשו׳ס ווייב, האָט זי געוויינט, ווייל אַלע האָבען געזאָגט: צוויי זין האָט רבקה און צוויי טעכטער האָט לבן, וועט די גרעסערע נעמען דעם גרעסערן און די קלענערע דעם קלענערן״. די גמרא גיט־צו: „לאה האָט געפרעגט אויף דעם עלטערן, וואָס איז ער? האָט מען איר געזאָגט, אַ שלעכטער מענש, ער באַרויבט מענשען. האָט לאה געוויינט״ (בבא בתרא, קכ״ג, א׳).

האָט דער גערער רבי, ר׳ אברהם מרדכי אַלטער זצ״ל, געפרעגט: וואָס הייסט „אַלע זאָגען״, „כל העולם אומרים״, די ברירה איז דאָך ביי איר, מ׳וועט זי דאָך פרעגן, ווי ס׳שטייט „נקרא לנערה ונשאל את פיה״ ביי רבקה׳ן? וועט זי זאָגען אַז זי וויל נישט! וואָס־זשע האָט זי געדאַרפט וויינען? און וואָס דערציילט די תורה, אַז זי האָט געהאַט קאַליע אויגען?

איז דער ענטפער: אַז „כל העולם אומרים״, אַז „די וועלט זאָגט״, וויינט לאה... זי נעמט נישט לייכט די עפענטליכע מיינונג. און דאָס דערציילט די תורה, אַז די וועלט זאָגט, וויינט לאה...

וען זיך פאַרשליסען אין רשות היחיד און וען אַרויס אין רשות הרבים?

(פון אַ שיעור פון הגאון ר' יעקב קאַמינעצקי, שליט"א)

אויף דעם פסוק „וישכב במקום ההוא" (ל"ו, י"א) זאָגט רש"י: אבל י"ד שנים ששמש בבית עבר לא שכב בלילה שהיה עוסק בתורה. די פערצען יאָר ווען יעקב האָט געלערענט אין בית מדרש פון שם ועבר איז ער נישט געשלאָפען ביינאַכט, נאָר האָט עוסק געווען אין תורה.

דאַרף מען פאַרשטיין וואָס איז געווען עפּעס באַזונדערס אין בית המדרש פון שם ועבר, וואָס יעקב האָט געדאַרפט לערנען מיט אַ באַזונדערער התמדה, אַזוי אַז ער איז אַזש קיינמאָל נישט געשלאָפען ביינאַכט? מ'דאַרף דאָך אָננעמען, אַז יעקב אָבינו האָט אַ גאַנץ לעבען עוסק געווען אין תורה בהתמדה — פאַרוואָס־זשע ווערט דערציילט וועגען זיין התמדה דווקא אין בית המדרש פון שם ועבר? וואָס איז געווען די אייגענאַרטיקייט פון אָט דעם בית המדרש?

מיר ווייסען, אַז יעדער ישיבה האָט זיך איר באַזונדערע שיטה אין לימוד, איר אייגענעם סגנון. אויך אין די צייטען פון די אָבות זיינען געווען ישיבות. זאָגען דאָך די חז"ל, אַז אברהם אָבינו איז געווען יושב בישיבה. יצחק איז געווען יושב בישיבה און אַזוי יעקב. אברהם'ס ישיבה איז געווען גאָר אַ גרויסע. דער רמב"ם זאָגט עס, און דווקא אין הלכה, אין „יד החזקה", — און אַוודאי איז פאַראַן אַ מקור דאַרויף, ווייל דער רמב"ם זאָגט נישט אָן אַ מקור. — „והיה מהלך וקורא ומקבץ העם מעיר לעיר וממלכה ולממלכה... עד שנתקבצו אליו אלפים ורבבות" (רמב"ם הלכות עכו"ם, פרק א' הלכה ג'). הייסט עס דאָך, אַז ס'זיינען געווען גאָר אַ סך תלמידים. דער רמב"ם זאָגט דאָך רבבות, איז דאָך געווען ווייניגס־טענס צוואָנציג טויזענט.

פרעגט זיך וואָס איז געווען די אייגענאַרטיגע סגולה פון אברהם אָבינו'ס בית המדרש, און וואָס איז געווען די אייגענאַרטיגע סגולה פונ'ם בית המדרש פון שם ועבר?

איז דער ענטפער: אברהם אָבינו איז געווען דער וואָס אין אַן עבודה־זרה־וועלט האָט ער געהאַלטען אין איין רופען: ס'איז דאָ אַ ג־ט אויף דער וועלט! ויקרא בשם ה' קל עולם. אברהם האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטען אמונה אין איין ג־ט. זיין צוועק איז געווען התפשטות. געוואונען אַלץ גרעסערע שטחים פאַר אמונה.

האָט ער זיך נישט באַגנוגנט מיט אַן אויסדערוויילטען אָבער ענגען קרייז, האָט ער זיך ניט צופרידענגעשטעלט מיט אַ יחידי־סגולה־גרופּע, וואָס זאָל זיין גאָר געהויבען, אויסגעלייטערט און פאַרטיפט אָבער — ווייניג. ער האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט יחידי סגולה, ער האָט געשטרעבט צו אַן עם סגולה. ער האָט געוואָלט וואָס מער אַריינברייגגען תחת כנפי השכינה. ברייטע טעריטאָריעס איז אברהם געגאַנגען איינגעמען פאַר אמונה.

נישט קיין ווינקעל האָט ער געוואָלט אָפּגרעניצען פאַר אמונה, נאָר אַ וועלט געוואונען פאַר ג־ט. ווי דער רמב״ם זאָגט: „און ער איז אַרומגעגאַנגען און גערופען און צוזאַמענגענומען דאָס פאָלק פון שטאָט צו שטאָט, פון קעניגרייך צו קעניגרייך״. זיין צוועק איז געווען, ווידער אין רמב״מ׳ס לשון, „כדי שיכירוהו כל הברואים...״

אברהם איז נישט געגאַנגען אויפבויען אַ בית המדרש, נאָר איבער־בויען אַ וועלט!

ער האָט געשטרעבט צו שאַפען אַן אַטמאָספערע פון אמונה, אַ קלימאַט פאַר תורה. ער האָט געוואָלט אויפשטעלען אַ צבור פון מאמינים, אַ סביבה פון אמונה.

וואָרים אברהם איז דאָך געקומען שוין „דערנאָך״, נאָכ׳ן דור המבול און נאָכ׳ן דור הפלגה; האָט ער געהאַלטען אַז צו ראַטעווען זיך פון אַ מבול און פון אַ דור הפלגה און פון דעם שטראָם וואָס האָט גע־בראַכט די שטראָמען פונ׳ם מבול און פונ׳ם דור הפלגה, נעמליך כדי אויסצוהיטען זיך פון דער השחית־כל־בשר־פאַרדאָרבענקייט און פון דעם בלבול־און־רעוואָלט געגען ג־ט, וואָס האָט גורם געווען דעם מבול און דור הפלגה, איז נישט גענוג זיך איינצושליסען אין רשות היחיד — די כוואַליעס פון דרויסען זיינען עלול דורכצוברעכען די מחיצה און פאַר־פלייצען — נאָר מ׳מוז אַרויס אין רשות הרבים; מ׳מוז אַרויסגיין אין דער ברייטער וועלט, און — די וועלט איבעראַנדערשען. מ׳דאַרף משפיע זיין אויף דער גאַס.

כדי נישט מיטגעשלעפּט ווערען דורך דער עבודה זרה סביבה, מוז מען שאַפען אַן אמונה סביבה. איז אַברהם אָבינו׳ס שיטה געווען עקספּאַנסיע, אויסשפּרייטען, ויפוצו מעיינותיך חוצה.

שם אָבער האָט געלעבט אין דור המבול, עבר — אין דור הפלגה, ווי די חז״ל זאָגען. ווען זיי האָבען געזען די אַרומיגע פאַרדאָרבענקייט, דעם השחית כל בשר את דרכו, און דאַן דעם בונט געגען רבונו של עולם פון אַ דור הפלגה, האָבען זיי געזען, אַז מ׳מוז זיך קודם כל

באַפעסטיגען אין תורה, מ׳מוז צוערשט אַ ל י י ן זיין שטאַרק און אומ־בויגזאַם, כדי נישט מיטגעשלעפּט ווערן מיט די השחתה־שטראָמען און דור־הפלגה מבולבל זיין. זייער דרך איז דעריבער געווען פ ע ס ט ק י י ט און קאָ נ צ ע נ ט ר אַ צ י ע. דאָס איז געווען די שטה פון עבר.

ווען יעקב אָבינו האָט זיך געדאַרפט לאָזען אין וועג אין דער פרעמד, אין גלות, ווען ער איז געשטאַנען פאַר דער נויטווענדיגקייט צו לעבען מיט אַ לבן וואָס בקש לעקור את הכול, האָט ער זיך געמוזט ב אַ ז ו נ ד ע ר באַפעסטיגען אין אמונה, און מיט גרויס התמדה. קיין איין נאַכט איז ער נישט געשלאָפען אין משך פון פערצען יאָר. אין זיינע שלאָפלאָזע נעכט האָט יעקב זיך צוגעגרייט און פאַרפאַנצערט פאַר דעם וואָס האָט אים דערוואַרט, אים און זיינע קינדער, אין די גלות׳ן.

און וו אוּ האָט יעקב דעמאָלט געלערענט? בבית מדרשו של עבר.

רש״י זאָגט „ש ש מ ש בבית עבר״, דאָס מיינט געלערענט מער ווי ידיעות התורה, געלערענט די שיטה, די השקפה, די הנהגה פון עבר (עבר=מעבר זה!) — גדול שמושה יותר מלמודה.

ווייל יעקב האָט פאָראויסגעזען, אַז ער וועט זיין אויסגעשטעלט אויף גרויסע געפאַרען פון פרעמדע השפעות, פון אַ לבן, און שפּעטער פון גלות מצרים. האָט ער געוואוסט, אַז ער מוז זיך ב אַ ז ו נ ד ע ר באַפעס־טיגען אין אמונה, כדי ווידערצושטיין אַט די סכנה.

און אַט ד י פעסטקייט האָט יעקב איבערגעגעבען יוסף׳ן. רש״י זאָגט: אַלעס וואָס יעקב האָט געלערענט ביי שם ועבר האָט ער איבער־געגעבען יוסף׳ן, כל מה שלמד משם ועבר מסר לו. פרעגט זיך: פאַרוואָס האָט יעקב איבערגעגעבען דווקא ד י תורה, די תורה פון שם ועבר? האָט דאָך יעקב אַוודאי געלערענט אויך אַחוץ די פערצען יאָר ביי שם ועבר. צווייטענס, פאַרוואָס האָט יעקב איבערגעגעבען די דאָזיגע תורה דווקא א י ם, יוסף׳ן? פאַרוואָס נישט די אַנדערע שבטים? פאַרוואָס נישט יהודה׳ן אָדער לוי׳ן, וואָס זיינען דאָך געווען באַשטימט פאַר באַזונדערע אויפגאַבען?

נאָר יעקב האָט געזען, אַז יוסף וועט פאַרוואָרפען ווערען אין דער פרעמד, אין אַ לאַנד פון ערוות הארץ, אין אַ סביבה פון עבודה זרה, פון פאַרדאָרבענקייט, האָט ער געוואוסט אַז ער דאַרף אים באַוואָפענען מיט אַ ב אַ ז ו נ ד ע ר ן ווידערשטאַנדס־כוח, מיט ד ע ר תורה וואָס ער האָט געלערענט ביי שם ועבר.

אין וואָס איז באַשטאַנען די תורה?

מעג אַ וועלט אַ גאַנצע זינקען אין פאַרדאַרבונג און השחית־כל־בשר־געפאַלענקייט, מעג אַ דור אַ גאַנץ זיין מבולבל אין געגען־ג־ט־בונט פון אַ דור הפלגה — דו האַלט זיך פעלזענפעסט אין תורה און אמונה!

און יוסף האָט טאַקע גרינטלעך איבערגענומען זיין פאַטער׳ס תורה. אין דער פרעמדקייט, אין דער סביבה פון עבודה זרה און שחיתות, אין תפיסה און דאָן אין אַ קאַריערע־אויפשטייג, האָט ער זיך קיינמאָל נישט אָפּגעטאָן פון אים דער דמות דיוקנו של אָביו!

אין אַלע אומשטענדען, אין ליידען און פריידען, אין דער פינסטערניש פון׳ם תפיסה־גרוב פונקט ווי אין דער מאַיעסטעטישער פראַכט פון׳ם וויצע־קעניגליכען טראָן, שטענדיג און אומעטום האָט פאַר זיינע אויגען געשוועבט און אין זיין נשמה האָט געשטראַלט דער דמות דיוקנו של אָביו!

אין זיין האַרץ האָט אייביג געלעבט די תורה פון שם ועבר, וואָס זיין פאָטער האָט אים געלערנט: נישט אונטערגעבען זיך! נישט נאָכגעבען!

אַזוי איז ער געבליבען יוסף הצדיק.

### די אידעאַלע געשטאַלט פון מענשען און די רעאַלע

(פון אַ שיעור פון הגאון ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק, שליט״א)

**אויף** דעם פסוק „והנה מלאכי אלוקים עולים ויורדים״ זאָגט די גמרא: „זיי גייען אַרויף און קוקען אין יעקב׳ס געשטאַלט פון אויבען, און גייען אַראָפּ און קוקען אין יעקב׳ס געשטאַלט פון אונטען״. עולין ומסתכלין בדיוקנו של מעלה, ויורדין ומסתכלין בדיוקנו של מטה (חולין צ״א, ב). וואָס מיינט עס?

לויט די חז״ל איז יעקב׳ס פאָרטרעט איינגעקריצט אונטער׳ן כסא הכבוד, דמות דיוקנו של יעקב אָבינו חקוקה תחת כסא הכבוד. האָבען די מלאכים פאַרגלייכט זיין געשטאַלט פון אונטען מיט זיין בילד פון אויבען. זיי האָבען געפרעגט: איז יעקב אין זיין רעאַלער ווירקליכקייט ענליך צו זיין פאָרטרעט אונטער׳ן כסא הכבוד?

וואָרים די מענשליכע פערזענליכקייט באַשטייט פון צוויי געשטאַלטען, איינע די רעאַלע געשטאַלט, די צווייטע — די אידעאַלע. די ערשטע איז ווי אַזוי ער איז, די צווייטע — וואָס ער דאַרף זיין. די ערשטע איז וואָס ס׳איז פון אים געוואָרען, דורך די אומשטענדען, דורך די אויסערליכע באַדינגונגען און אייגענע האַנדלונגען און פירעכצען.

די צווייטע איז די וויזיאָנערישע געשטאַלט, נעמליך, וואָס עס האָט פון אים, לויט זיינע אינערליכע כוחות הנפש, לויט זיינע כשרונות אין השגות געקענט ווערן.

אַלע מענשליכע געדאַנקען, די ירידות און עליות פון מענשען, זיינע דערפאָלגען און דורכפאַלען, זיינען אייגענטליך די שפּאַנונג צווישען די צוויי געשטאַלטען זיינע, צווישען דער וויזיאָנערישער און דערווירקליכער.

ביידע זיינען רעאַליזירבאַר. ווארים אין הימעל פאַרלאַנגט מען נישט פונ'ם מענשען קיין אוממעגליכעס. אַלעס וואָס מען פאַרלאַנגט איז, אויס־נוצען די מעגליכקייטען, רעאַליזירען די פּאָטענציעלע כוחות, זיי מוציא זיין מן הכוח אל הפועל. ווארים די אידעאַלע געשטאַלט איז פּונקט אַזוי רעאַל ווי די רעאַלע.

דאָס איז דער מיין פון דעם מאמר חז״ל וועגען די מלאכים וואָס גייען אַרויף און אַראָפּ און פאַרגלייכען די ביידע געשטאַלטען יעקב'ס. זיי פרעגען: איז דמות דיוקנו של מטה פון יעקב'ן, ווי ער איז אין דער ווירקליכקייט, ענליך צום דמות דיוקנו של מעלה? האָט ער רעאַליזירט זיינע אינערליכע כוחות, האָט ער דערגרייכט דעם כסא הכבוד, וועלכען ער איז געווען באַשטימט צו דערגרייכען?

פאַרשטייט זיך, אַז דער ענטפער איז יאָ. יעקב אָבינו האָט פאַר־ענדיגט אין פולשטענדיגער שלימות דעם בנין פון די אָבות, דעם בנין עדי עד. זיין געשטאַלט איז איינגעקריצט, ניט נאָר אין כסא הכבוד, נאָר אין די נשמות פון זיינע קינדער און קינדס־קינדער (צו יוסף'ן, אין סכנה פון ירידה, האָט זיך באַוויזען דאָס געשטאַלט פון זיין פאָטער, נראה לו דמות דיוקנו של אָביו), דאָס געשטאַלט וואָס איז דמות דיוקנו של מטה איז געווען דאָס זעלבע וואָס דמות דיוקנו של מעלה. ווארים יעקב אָבינו האָט אין זיין רעאַלער פערזענליכקייט פאַרווירקליכט אַלע אינערליכע כוחות וואָס זיינען געווען אין זיין אידעאַלער פערזענליכקייט.

דער סולם וואָס איז געווען מוצב אַרצה, ערדיש, איז געווען דער זעלבער וואָס ראשו מגיע השמימה.




יעקב׳ס שליחות צו עשו׳ן

פול מיט מיין און זין איז אָנגעלאָדען יעקב׳ס שליחות צו עשו׳ן. קודם כל, פאַרוואָס האָט ער געדאַרפט באַנוצען צו דעם שליחות מלאָכים? פאַרוואָס זענען נישט געווען גענוג פשוט׳ע בשר־ודמ׳ס? זעען מיר דאָך ווי ווען יעקב האָט זיך געראַנגעלט מיט׳ן שר של עשו, ויאבק איש עמו, האָט ער עס אַליין געטאָן; פאַרוואָס־זשע ווען ער האָט זיך צונויפגעשטויסען מיט אַ מלאך האָט ער נישט באַנוצט קיין מלאָכים, נאָר אַליין געקעמפט, און ווען ער האָט געדאַרפט זיך צונויפטרעטען מיט עשו׳ן האָט ער געשיקט שלוחים און דאָס מלאָכים?

נאָר ווייזט אויס, אַז דאָרט וואו ס׳איז אַ מחלוקת צווישען ב ר י ד ע ר קען קיין פשוט׳ער בשר ודם נישט פאַרמיטלען... אַ מחלוקת צווישען נאָענטע איז פיל שווערער אויסצוגלייכען איידער אַ מחלוקת צווישען ווייטע, פרעמדע. וד״ל.

דערביי איז מערקווירדיג, וואָס הגם יעקב איז דער שוואַכערער, דער וואָס ווערט באַדראָט פון עשו׳ן, און עשו איז דער שטאַרקערער, און זיין מחנה איז פיל גרעסער, פיר הונדערט מאָל אַזויפיל: ועמו ארבע מאות איש, פונדעסטוועגען קומט גאָר דער שר, די העכערע מאַכט, דער שר של עשו, און באַפאַלט גאָר יעקב׳ן...

אַזוי איז עס געווען ביים ערשטען געראַנגעל צווישען יעקב׳ן און עשו׳ן, און אַזוי איז עס געווען שפּעטער, — ביז היינטיגען טאָג... דער „שר של עשו״, ווי איר זאָלט אים נישט אָנרופען, און אונטער וואָסער געשטאַלט צי מאַסקע ער זאָל נישט קאַפּויער קומען — בעווין צי פאַרעסטאַל, בערנאַדאָט צי בעניקע, לאַי הענדערסאָן צי דאַלעס, צי אַלע אינאיינעם — תמיד איז דער „שר של עשו״ אויפ׳ן צד פונ׳ם אָנפאַלער און נישט פונ׳ם גע׳רודפ׳טען...

אַזוי איז עס געווען אין דער דאָזיגער פינסטערער נאַכט, ווען יעקב איז געשטאַנען אַליין אַקעגען עשו׳ן מיט זיין גרויסער, פיר־הונדערט־פאַכיגער אַרמיי, און אַזוי איז עס ביז היינט־צו־טאָג...

ער וויל אויפוועקען דעם מענשליכען פונק ביי עשו'ן

יעקב וויל אויפוועקען דעם מענשליכען פונק ביי עשו'ן.

זע, בעט ער זיך, איך האָב זיך געוואַלגערט אַזוי לאַנג ביי לבן הארמי, אין דער פרעמד, עם לבן גרתי, געווען אַ גר, אַ פּליט, אַ רעפיודזשי — און שווער און ביטער געהאָרעוועט.

ווי איינער רעדט: איך בין געווען געגנוג נע־ונד, אַ וואַגלער, אַ היימלאָזער וואַנדערער — לאָמיך איצט קומען אל המנוחה ואל הנחלה, לאָמיך איצט האָבען אַביסל רו, אָפּאָטעמען איצט, ווען איך בין אויף אַ שטיקל דרך צו אַ היים...

ואחר עד עתה — „איך האָב פאַרשפּעטיגט ביז איצט":

איך האָב שוין, ב"ה, אַ משפחה, כ'האָב אויך זיך דערוואָרבען אַ שטיקעל פאַרמעגען, אָבער וואָס האָב איך דערפון, אַז כ'האָב זיך פאַרשפּעטיגט אין באַקומען אַ דאַך איבער'ן קאָפּ, אַ היימלאַנד, — לאָמיך אויך האָבען אַ היים, בעט זיך יעקב אָבינו ביי עשו הרשע, — ווי נישט איינמאָל שפּעטער זיינע אייניקלעך ביי די עשו'ס פון די שפּעטערדיגע דורות, ביז אונזער דור...

...ואחר עד עתה — יעקב האָט שוין דעמאָלט געהאַלטען, אַז ס'איז צו שפּעט צו געווינען אַ היים, שוין דעמאָלט צו שפּעט; און וויפיל שפּעט איז עס שפּעטער געווען! יעקב קומט שטענדיג צו שפּעט — זייט עשו האָט ס'ערשטע מאָל, ביים געבוירען ווערען, איבערגעיאָגט יעקב'ן...

תרי"ג מצוות און סביבה

אויף עם „לבן גרתי" זאָגט רש"י: ותרי"ג מצוות שמרתי, — און טראָץ דעם האָב איך אָפּגעהיט די תרי"ג מצוות; צו וואָסער צוועק דערציילט דאָס יעקב עשו'ן? ווייזט אויס, אַז ער וויל אַרויסרופען רעספּעקט ביי אים, ווייל אַ פ י ל ו עשו, ווען ער האָט אַ יעקב פאַר זיך, האָט ער מער דרך ארץ פאַר אַזעלכען, וואָס היט אָפּ די תרי"ג מצוות. ווייל אויך אַן עשו האָט מער רעספּעקט פאַר אַ אידען, וואָס היט אָפּ זיין אמונה, איידער פאַר אַ אידען, וואָס וויל באַהאַלטען זיין איד־זיין און נאָכמאַכען אים, עשו'ן...

עם לבן גרתי — זאָגט רש"י: ותרי"ג מצוות שמרתי ולא למדתי ממעשיו הרעים... „און איך האָב זיך נישט אויסגעלערנט פון זיינע שלעכטע מעשים". פרעגט זיך: אויב יעקב האָט אָפּגעהיט די תרי"ג מצוות, פאַרשטייט מען דאָך ממילא, אַז ער האָט זיך נישט אויסגעלערנט פון זיינע שלעכטע טאַטען, צו וואָס־זשע דאַרף רש"י צוגעבען „ולא למדתי ממעשיו הרעים"?

ווייזט אויס דערפון, אַז אַפילו ווען איינער היט אָפּ אַלע תרי״ג מצוות, אָבער טאָמער איז ער דערביי נישט ערליך, נאָרט אָפּ, שווינדעלט, לערנט זיך אָפּ פון לבן הארמי׳ס שלעכטע מעשים, העלפט אים גאָרנישט... דעריבער האָט יעקב אים פאַרזיכערט, אַז צוזאַמען מיט׳ן אָפּהיטען די תרי״ג מצוות, לא למדתי ממעשיו הרעים.

צווייטענס, יעקב איז דאָ געגאַנגען פאַרענטפערען פון פאַראויס עשו׳ס אַ קשיא: ווי אַזוי איז עס מעגליך אָפּצוהיטען תרי״ג מצוות וואוינענדיג צו־זאַמען מיט לבנ׳ען? האָט דעריבער יעקב צוגעגעבען: פונקט אַזוי ווי כ׳האָב פאַלייגט כוחות אָפּצוהיטען די מצוות, האָב איך זיך געהיט נישט צו לערנען זיך פון לבנ׳ס מעשים רעים. נישט אַרונטערצופאַלען אונטער דער השפעה פון לבנ׳ס סביבה...

וואָרים מ׳דאַרף פאַרלייגען כוחות בפרט אַז די קינדער זאָלען נישט אַרונטערפאַלען אונטער דער השפעה פון דער סביבה. און דעריבער איז יעקב אַוועק, אַנטלאָפען פון לבנ׳ען אינמיטען דער נאַכט. ווייל יעקב האָט געהאָט קינדער צו דערציען, האָט ער נישט געלאָזט זיי זאָלען זיין אין לבנ׳ס סביבה. דעריבער זאָגט דער בעל הגדה של פסח: ולבן בקש לעקור את הכול — הגם לבן האָט דאָך נישט געוואָלט מער ווי אַז יעקב זאָל זיין מיט אים אינאיינעם; ווייל אַ דערציאונג אין לבנ׳ס סביבה, אונטער זיין „השגחה״, איז אַ סכנה פון „ווערלען אויסרייסען אינגאַנצען...״

דעריבער ווען עשו האָט געזאָגט צו יעקב׳ן: נסעה ונלכה ואלכה לנגדך — „לאָמיר ציען און גיין, און איך וועל גיין לעבן דיר״, אויף וואָס רש״י זאָגט: בשווה לך, „גלייך מיט דיר״, האָט יעקב געזען אַ סכנה! וואָס? ער אַנטלויפט פון לבנ׳ס השפעה, פון לבנ׳ס סביבה, כדי צו קענען דערציען די קינדער באַזונדער, און דאָ גאָר שלאָגט פאָר עשו מ׳זאָל „גיין צוזאַמען״ ואלכה לנגדך, בשוה לך, צו זיין גלייך, „חינוך אחיד״, אויסגלייכען אַלע, יעקב׳ס קינדער מיט עשו׳ס...

ענטפערט אים יעקב:

...כי הילדים רכים — ווייל די קינדער זענען יונג״, מוז איך זיך היטען זיי זאָלען גיין באַזונדער, אויף אַ באַזונדערען וועג, מ י י ן דרך.

איז יעקב אַוועק פון עשו׳ס איינלאַדונג פון גיין צוזאַמען. אַוועק פון עשו׳ס פיינעם פאָרשלאָג פון באַקוועמען צוזאַמענלעבען, פון פאַראייניגטער סביבה, השפעה און חינוך, און גיכער געגאַנגען אין צייטווייליגע געצעלטען: ויעקב נסע סוכותה... אַבי באַזונדער!

אַזויפיל וועגען יעקב׳ס מהות, כוונות, שטרעבונגען.

### די מאָטיוון פון שנאת ישראל

און וואָס זענען עשו׳ס כוונות? וואָס זענען זיינע מאָטיוון?

ווען יעקב האָט זיך געראַנגעלט מיט׳ן שר של עשו, האָט יעקב אים געפרעגט: הגידה נא, זאָג מיר, כ׳בעט דיך, מה שמך. האָט אים דער שר של עשו געענטפערט: למה זה תשאל לשמי — „נאָך וואָס דען פרעגסטו אויף מיין נאָמען" (ל״ב, ל׳).

איז דאָס אומפאַרשטענדליך. ערשטענס, וואָס האָט יעקב געדאַרפט וויסען זיין נאָמען? צווייטענס, פאַרוואָס האָט אים דער שר של עשו געענטפערט גאַרנישט עשו׳דיג, נאָר גאָר אידישליך: מיט אַ קשיא אויף אַ קשיא: „צו וואָס דאַרפסטו וויסען מיין נאָמען?" דריטענס, צו וואָס דערציילט אונז די תורה דעם דאָזיגען שמועס, — וועלכער האָט געפירט צו גאַרנישט? ווערט מען דען קלוג פון דעם דאָזיגען געשפרעך? די תורה דערציילט דאָך נישט סתם קיין מעשיות.

וויזט אויס, אַז שוין ביים ערשטען צונויפשטויס פון יעקב׳ן מיט עשו׳ס שר, ביים ערשטען אָנפאַל אויף אַ אידען, האָט יעקב געוואָלט וויסען: וואָסער נאָמען האָט עס? ער האָט געוואָלט דערגרונטעווען די מאָטיוון און באַוועג־טעמים פון דעם אָנפאַל, וואָסער נאָמען האָט דער אָנפאַל? „דיסקרי־מינייִשאָן"? „אַנטיסעמיטיזם"?

איז דער ענטפער פונ׳ם שר של עשו, פון דעם, וועלכער האָט דאָך געדאַרפט וויסען אַמבעסטען: אומזיסט דיין פרעגען און פאַרשען! למה זה תשאל לשמי? וואָס וועסטו שוין האָבען דערפון, ווען דו וועסט שוין אויס־געפינען אַ נאָמען, אַ דעפיניציע? וואָס איז די נפקא מינה, ווי אַזוי דו וועסט ער רופען?... וויפיל מ׳וועט פאַרשען און וועלען דערגרונטעווען וויסענשאַפ־טליך אַנטיסעמיטיזם — איז מען דאָך נישט דערגאַנגען זיינע מאָטיוון. פאַרוואָס? ווייל זיי זענען נישטאָ. ס׳איז אַ שנאה אָן אַ טעם: שנאה שאינה תלויה בדבר...

### מ׳לערענט דאָס געפיל פון ווירדע

וישלח יעקב מלאכים לפניו... „און יעקב האָט געשיקט שלוחים פאַראויס פאַר זיך..." זאָגט רש״י: מלאכים ממש, זיי זענען טאַקע געוועזן מלאכים.

יעקב אָבינו, — האָט געזאָגט רבי ברוך מעזשבוזשער, זצ״ל, — ווען ער האָט געוואָלט שלום מאַכען מיט עשו׳ן האָט ער זיך נישט פאַרלאָזט אויף אַ שליח אַ בשר ודם. וואָרים ביי אַ מחלוקת טרעפט זיך אָפט, אַז די פאַר־מיטלער, די כלומר׳שטע רודף־שלום׳ניקעס האָבען אייגענע אינטערעסען,

אייגענע נגיעות, און ווילען גאַר אָפּקאָכען זייער אייגען געקעכטס ביים פייער פון מחלוקת. דעריבער טאָר מען זיך נישט פאַרלאָזען ביי שלום־מאַכען אויף אַ מענשען וואָס קען האָבען זיינע זייטיגע כוונות, נישט תמיד ריינע... מ׳דאַרף אויך אָפּגעהיטען ווערען פון די „מחרחרי שלום״...

צוויי פּראָבלעמען האָבען בעיקר געאַרט די חז״ל אין דער דאָזיגער פרשה: דאָס מכניע זיין זיך פאַר עשו׳ן און דאָס שרעקען זיך פאַר עשו׳ן.

די חכמי התלמוד האָבען „נישט געקענט פאַרדייען״ דאָס אָנרופען עשו׳ן, „האר״, „אדוני״. נאָך מער, זיי האָבען געהאַלטען, אַז דאָס אונטערוואַרפען זיך אַ פרעמדען הערשער איז געווען אַ פעלער, וועלכער האָט זיך אָפּגעשלאָגען אויף דער צוקונפט:

„בשעת יעקב אָבינו האָט גערופען עשו׳ן „מיין האַר״, האָט השי״ת געזאָגט צו אים: ווייל דו האָסט זיך דערנידעריגט פאַר עשו׳ן און אים גערופען אדוני... וועלען פון עשו׳ס קינדער קיניגען פריער אַכט מלכים אידער פון דיינע קינדער, אַקעגען די אַכט מאָל אדוני וואָס דו האָסט אים גערופען״ (מדרש אגדה).

דער רמב״ן, אויף דעם דאָזיגען פסוק, זאָגט, אַז דער חורבן בית שני איז געקומען ווייל די מלכים פונ׳ם בית שני האָבען זיך אונטערגעוואָרפען רוים.

דער מדרש דריקט אויס די קריטיק אויף בויגען זיך פאַר עשו׳ן אויך ביי אַן אַנדער ענין אין דער הייננטיגער סדרה. ס׳שטייט: „און זיי האָבען זיך געבוקט צו דער ערד זיבען מאָל״... וישתחו ארצה שבע פעמים... (ל״ג, ג׳). בנימין איז נישט געווען דערביי, ווייל ער איז דאָך ערשט געבוירען געוואָרען שפּעטער.

איז ווייל בנימין האָט זיך נישט געבוקט צו עשו׳ן איז אין זיין חלק געווען דאָס בית המקדש; און פון אים איז אַרויסגעקומען דער ערשטער מלך ביי אידען. פון אים איז אויך אַרויסגעקומען מרדכי, איש ימיני, וועלכער „האָט נישט געקניט און זיך ניט געבוקט״... לא יכרע ולא ישתחווה...

פון די דאָזיגע אויסטייטשען דרינגט אַרויס דאָס געפיל פון ווירדע פונ׳ם פאָלק ישראל, וואָס די חכמי התלמוד האָבען געפילט, געלערנט און — פאַרפלאַנצט.

### מ׳דאַרף האָבען אַ באַזע פון וואָנען צו קעמפען

דאָס צווייטע פּראָבלעם וואָס פאַרנעמט די חז״ל און די מדרשים, איז די שרעק וואָס יעקב האָט געהאַט פאַר עשו׳ן: ויירא יעקב מאוד... „האָט יעקב זעהר זיך געשראָקען...״

ווי געשיקט זיך עס? — פרעגען די מפרשים. האָט דאָך השי"ת אים פאַרזיכערט: והנה אנכי עמך ושמרתיך בכל אשר תלך, „און איך וועל זיין מיט דיר און איך וועל דיך היטען אומעטום וואו דו וועסט גיין..." (כ"ח, ט"ו). „אַ מענש וואָס השי"ת האָט אים אַזוי פאַרזיכערט זאָל מורא האָבען?" — פרעגען די חז"ל (מכילתא בשלח).

איז דער ענטפער, אַז אַ מענש דאַרף טאַקע האָבען בטחון, אָבער גלייכצייטיג טאָר ער נישט זיין זיכער ביי זיך. האָפענונג דאַרף זיין געמיִשט מיט פחד. ווייל מ'טאָר נישט זיין זיכער און — פאַסיוו. מ'דאַרף טאָן וואָס מען קען און דערביי האָבען בטחון.

אָבער אַקטיווע בטחון. טאָן וואָס נויטיג און דאָס איבעריגע האָפען צו השי"ת.

יעקב אַליין איז געווען באַזאָרגט פאַרוואָס ער האָט מורא. ווי אַ טייל מפרשים טייטשען: וייִרא יעקב מאוד, יעקב האָט זיך זעהר געשראָקען, ויצר לו, און ס'האָט אים באַנג געטאָן פאַרוואָס ער האָט זיך געשראָקען...

טייל פון די חז"ל האָבען אָנגעהאַנגען די שרעק אין דעם וואָס יעקב איז געווען אָפּגעריסען פון זיין לאַנד, פון זיין היים, פון ארץ ישראל; ער איז געווען באַדענלאָז. ער האָט נישט געהאַט קיין באַזע, פון וועלכער צו קעמפען.

האָט דאָך יעקב איינער אַליין אַראָפּגעקייקעלט דעם שטיין פון דעם ברונעם, ווען ער איז געקומען פון א"י, פאַרוואָס־זשע איז ער איצט געוואָרען אַזאַ בעל פחד? איז דער ענטפער פון די חז"ל: ווייל דעמאָלט איז ער געקומען פון א"י, איצט, אָבער, פון דער פרעמד. דער כוח פון אייגענעם לאַנד איז אים דעמאָלט בייגעשטאַנען.

האָט טאַקע יעקב איצט מורא געהאַט, אַז דער זעלבער כוח זאָל נישט ביישטיין עשו'ן, ווי דער מדרש רבה זאָגט: „האָט יעקב געזאָגט: די אַלע דאָזיגע יאָרען (ווען ער איז געווען ביי לבנ'ען) זיצט עשו אין ארץ ישראל, אפשר קומט ער קעגען מיר מיט'ן כוח פון ארץ ישראל"... אמר יעקב: כל אותם השנים עשו יושב בא"י, תאמר שהוא בא עלי מכוח ישיבת ארץ ישראל.

איז דאָס געווען די סיבה פון יעקב'ס שרעק, — דאָס זיין אָן אַ פאָטערלאַנד, אָן אַ באַזע פון וואַנען זיך צו פאַרטיידיגען.

מיר האָבען געזען שפּעטער נישט איין מאָל דעם אונטערשייד פון אידישען קאַמף אין ישראל, פון די חשמונאים ביז אונזער דור, צו דעם פרוואווען קעמפען אין דער פרעמד...

גרויסקייט און קליינקייט

**יעקב** זאָגט צו עשו׳ן: ויהי לי שור וחמור וכו׳, ואשלחה להגיד לאדוני למצא חן בעיניך, „און איך האָב אָקס און אייזעל א. אַז. וו., און איך האָב געשיקט זאָגען צו מיין האַר, כדי צו געפינען חן אין דיינע אויגען״. דאַ זעען מיר אַן אינטערעסאַנטען שטריך אין יעקב׳ס אָפּשאַצען פון עשו׳ס פּסיכיק, פון דעם ווי אַזוי עשו שאַצט אָפּ אַ מענשען. געמליך, לויט דעם וואָס ער פאַרמאָגט. דער מענש איז אַזויפיל „ווערט״ וויפיל ער פאַרמאָגט — און נישט מער... דאָס איז אַן עשו׳דיגער צוגאַנג צו מענשען. ווען יעקב וויל „געפינען חן אין די אויגען״ פון עשו׳ן, דערציילט ער אים וויפיל ער איז „ווערט״, נישט אין יעקב אבינו׳ס אייגענטליכער גרויסקייט, נישט געמאָסטען מיט ז י י ן, יעקב׳ס, מאָסשטאָב, נאָר אין דער דעמאָלטיגער וואַליוטע, אין אָקסען, אייזלען און שאָף. בלויז דערמיט קען ער אַרויסרופען רעספּעקט ביי עשו׳ן, למצא חן בעיניך...

בעט יעקב צו ג־ט און זאָגט:

קטנתי מכל החסדים ומכל האמת אשר עשית את עבדך, כי במקלי עברתי את הירדן הזה, ועתה הייתי לשני מחנות, „איך בין צו קליין פאַר אַלע חסדים און פאַר אַלע טריישאַפט, וואָס דו האָסט געטאָן מיט דיין קנעכט; וואָרים מיט מיין שטעקען בין איך אַריבערגעגאַנגען דעם דאָזיגען ירדן און אַצינד בין איך געוואָרען צוויי מחנות״ (ל״ב, י״א).

אין דעם דאָזיגען תפילה׳דיגען אויסגיסען זיין האַרץ פאַר ג־ט אין מאָמענט פון סכנה, ליגען טיף־מענשליכע מיינען. און דאָס זענען זיי:

1) יעקב זאָגט: רבונו של עולם, זע: כאָטש איך האָב דערגרייכט רייכטום, כאָטש כ׳האָב זיך דערוואָרבען משפחה, פאַרמעגען, בין איך נישט געוואָרען גרויס ביי זיך. כ׳בין נישט געוואָרען קיין „ביג שאָט״, כ׳בין דער זעלבער, וואָס כ׳בין געווען, ווען „כ׳בין מיט׳ן שטעקען בלויז אַריבערגעגאַנגען דעם ירדן״, כי במקלי עברתי, און כ׳האָב עס אויך נישט פאַרגעסען... קטנתי מכל החסדים, נאָך די אַלע חסדים בין איך ביי זיך קליין...

2) פאַרקערט, כ׳וויס, אַז כ׳האָב באַקומען מער ווי ס׳קומט מיר. קטנתי מכל החסדים, איך בין ק ל ע נ ע ר פון די חסדים, וועלכע השי״ת האָט מיט מיר געטאָן.

3) וואָרים — ומכל האמת, איך האָב באַקומען אויך דעם אמת. איך וויס דעם אמת, אַז דאָס איז נישט מיין קלוגשאַפט בלויז, נאָר די אַלע חסדים

קומען פון השי״ת. ווי ווען יצחק האָט געבענטשט יעקב׳ן האָט ער אים געבענטשט מיט „ויתן לך אלוקים״, „אַז ג־ט זאָל דיך געבען״, זאָלסט האָבען די ברכה צו בעטען פון ג־ט און וויסען, אַז ס׳קומט פון ג־ט. ביי עשו׳ס ברכות שטייט סתם „משמני הארץ תהיה מושבך״ אָן ויתן לך אלוקים...

4) קטנתי מכל החסדים, זאָגט דערויף דער „שפת אמת״, אַז דער „קטנתי״, דאָס האַלטען זיך קליין, איז אויך פון ג־ט׳ס חסדים, דער „קטנתי״ איז אַ טייל „מכל החסדים״.

יעקב אָבינו האָט געדאַנקט השי״ת פאַר זיין ג ר ו י ס ק י י ט, פאַר רייכטום, משפחה; און פאַר זיין ק ל י י נ ק י י ט, פאַר דעם „קטנתי״.

אַליין...

ויוותר יעקב לבדו, און יעקב איז געבליבן אַ ל י י ן. אָט דאָס איז דער היסטאָרישער גורל פון יעקב׳ן, וואָס ווען ס׳באַפאַלט אים דער שר של עשו בלייבט ער אַליין, פאַרלאָזען, איינזאַם, — קיינער קומט אים נישט צו הילף. אַליין שטייט יעקב אויג אויף אויג מיט עשו׳ן — און זיין שר. ווי אין אונזער צייט, ווען ס׳איז אונז באַפאַלען דער דייטש, דאָס גאַנצע בלוטיגע אכזריות׳דיגסטע מערדער־פאָלק, זענען מיר געלאָזט געוואָרען אַליין. די פרייע וועלט האָט נישט אויפגעהויבען קיין פינגער צו הילף, און די מזרח־פעלקער האָבען גאָר געהאָלפען דעם מערדער. און — ויוותר יעקב לבדו... אַליין איז יעקב געבליבען.

איצט לאָמיר זען פונוואַנען נעמען די חז״ל די אויסטייטשונג, אַז ויאבק איש עמו מיינט דעם שר של עשו?

זענען פאַראַן דערויף צוויי ענטפערס, אַ מוסר׳דיגער און אַ חסידישער. דער מוסר׳דיגער: ווען יעקב האָט געבעטען אַ טובה ביי אים, האָט ער געענטפערט, שלחני כי עלה השחר, אויף וואָס רש״י טייטשט: וצריך אני לומר שירה ביום, „און איך דאַרף זאָגען שירה״. זאָגט דערויף ר׳ לייב מוכיח זצ״ל: אַזעלכער, וואָס ווען מ׳בעט ביי אים אַ טובה ענטפערט ער, אַז ער איז „ביזי״, אַז ער האָט נישט קיין צייט — דאָס איז אַ שר של עשו...

דער חסידישער „קנייטש״ גייט אַזוי:

ער שטייט און רעדט מיט יעקב אָבינו, מיט׳ן צדיק הדור, זאָגט ער אים: „צריך אני לומר שירה״, כ׳מוז אַריינכאַפּען אַ „קדושה״ — אָ, דאָס קען נאָר דער שר של עשו...

נאָך אַ טיפער חסידישער „דערהער״ אין ויוותר יעקב לבדו: רש״י זאָגט דערויף: שכח פכים קטנים וחזר עליהם, „ער האָט פאַרגעסען קליינע

קריגעלעך און ער האָט זיך צוריקגעקערט נאָך זיי". זאָגט דער טשאָרטקאָווער רבי, האדמו"ר ר' דוד משה פרידמאַן, זצ"ל: דאָרט ווי ס'קומט פאַר אַ גע־ראַנגעל מיט עשו'ן, זענען אפילו קלייניגקייטען, אפילו דאָס, וואָס ס'זעט אויס צו זיין פכים קטנים, אויך וויכטיג...

אַן אַנדערער דיוק: ויוותר יעקב לבדו — ווי נאָר יעקב בלייבט אַליין, ווי נאָר אַ איד איז אַליין פאַר זיך, טיילט זיך אָפּ פונ'ם כלל, איז ויאבק איש עמו, באַפאַלט אים דער שר של עשו.

אַוודאי דאַרפען אידען זיין צוזאַמען — דאָס מאַכט לייכטער די פּאַרטיידיגונג קעגען שונא; אָבער דער שונא איז שטענדיג דער שונא. און אידען האָט מען פיינט אָן באַזונדערע מאָטיוועז. אויף „ויפל על צווארו וישקהו", „ער (עשו) איז געפאַלען אויפ'ן האַלז (פון יעקב'ן) און אים געקושט", ברענגט רש"י פאַלגענדען מאמר חז"ל: אמר רבי שמעון בן יוחאי הלכה היא בידוע שעשו שונא ליעקב, „ס'איז אַ הלכה, אַן אָפּגע'פסק'נטע זאַך, אַז ס'איז באַוואוסט, אַז עשו האָט פיינט יעקב'ן."

מערקווירדיג, מיר זעען פאַר זיך אַ רירענד בילד, אַ ברודער קושט אַ ברודער, אַלע פיינטשאַפטען פאַרשווינדען און — טרערען פון ליבשאַפט, קושען, — און דווקא ד אָ, דווקא אין דעם דאָזיגען רירענדען מאָמענט, זעט רש"י עפּעס אַנדערש, ער זעט טיפער, זעט דעם דאָזיגען איינמאַל פאַר אַלע מאָל אָפּגע'פסק'ענטען אמת: הלכה, ס'איז אַ הלכה, בידוע, ס'איז באַוואוסט, אַז עשו שונא ליעקב.

די דאָזיגע הלכה, האָט געזאָגט רבי מנחם זעמבאַ פון וואַרשע, הי"ד, האָט געבראַכט רבי שמעון בן יוחאי, און רבי שמעון בן יוחאי האָט גע'דרש'־ענט די טעמים פונ'ם פּסוק — ווען ס'איז אָבער געקומען צו דעם ענין, צו דער שנאה קעגען אידען, האָט ער נישט געזוכט און נישט געפונען קיין שום טעם, — וואָרים איינמאַל איז עס אַזאַ אויסריידט, אַ צווייט מאָל אַן אַנדערער — נאָר האָט פעסטגעשטעלט אַ הלכה, אָ ן טעמים, אַזוי איז עס און שוין!

איין פאָלק אין אַ מלוכה

גוי וקהל גוים יהיה ממך, ומלכים מחלציך יצאו, „אַ פאָלק און אַן איינזאַמלונג פון פעלקער וועלען זיין פון דיר און קעניגען וועלען פון דיר אַרויסקומען".

דאָ האָבען מיר צוויי באַזונדערע ברכות: איינע, גוי וקהל גוים, „אַ פאָלק וועט זיין פון דיר און אַן איינזאַמלונג פון פ ע ל ק ע ר". הגם פאַרשידען וועלען זיין די שפּליטער פון ישראל, די באַזונדערע אידישע עדה'ס, ספרדים,

אשכנזים, פאַרשידענע שיכטען, קולטור־פּראָדוקטען, וועט עס זיין פונדעסט־וועגען אַ פ אָ ל ק. א י י ן פאָלק, אפילו ווען צוזאַמענגעלייגט פון קהל גויים.

די צווייטע ברכה, ומלכים מחלציך יצאו, מיינט די הבטחה פון מ ל ו כ ה׳ ש ע ר אומאָפּהענגיגקייט.

דאָס איז דער אויסגאַנג און די לעזונג פון דעם געראַנגעל פון יעקב׳ן מיט עשו׳ן.

### דער שונא ישראל געפינט שטענדיג פאַרבונדעטע

אין דער הילפסלאָזיגקייט אַקעגען עשו׳ן און זיין מחנה, האָט יעקב זיך געפילט קליין, קטונתי...

קטונתי מכל החסדים, יעקב האָט זיך געפילט קליין אויך צוליב די חסדים וואָס זענען אים געשען אין גלות: יעדער טאָג איבערלעבען איז געווען אַ חסד, וואָרים — נאָרמאַל איז עס נישט געווען איבערצולעבען אין גלות. אָבער די דאָזיגע חסדים מאַכען אַ מענשען קליין, בויגען איין זיין רוקען, דערנידעריגען זיין שטאָלץ... קטונתי מכל החסדים, כ׳בין איינגעשרימפּען, קליין געוואָרען פון אָט די אַלע חסדים...

אין אָנבליק פון עשו׳ן און זיינע מחנות געשעעט, אַז „געבליבען איז יעקב אַליין, און אַ מאַן האָט זיך געראַנגעלט מיט אים..." ויוותר יעקב לבדו ויאבק איש עמו... (ל״ב, כ״ה).

מערקווירדיג! עשו איז דער שטאַרקערער, ער האָט מיט זיך 400 מאַן; ער איז דער אָנגרייפער, ער באַדראָט יעקב׳ן, — יעקב, ווידער, איז דער שוואַכער, איז דער, וואָס פאַרלאַנגט נישט מער ווי מ׳זאָל אים לאָזן צו רו, יעקב איז דער, וואָס בעט זיך שלום, — פונדעסטוועגען ווען ס׳קומט צום געראַנגעל בלייבט גאָר יעקב אַליין: ויוותר יעקב לבדו, און דער שר קומט נישט צו הילף יעקב׳ן, דעם שוואַכערען, דעם באַדראָטען, נאָר גאָר דעם שטאַרקערען, דעם אָנגרייפער. ויאבק איש עמו, זאָגען די חז״ל, אַז דאָס איז געווען דער שר של עשו, וועלכער איז באַפאַלען יעקב׳ן אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט, ווען ער, יעקב, איז סיי־ווי געשטאַנען אין אָנבליק פון דער סכנה פון עשו׳ן.

יעקב בלייבט דעמאָלט אַליין, אָן פאַרבינדעטע און אָן הילף, און עשו באַקומט גאָר אַ פאַרבינדעטען, אים גאָר, וואָס איז סיי־ווי־סיי שטאַרק, קומט נאָך צו הילף דער שר, דער שר של עשו... ווי דער דייטש, ימ״ש, און דער כרושטשעוו, העלפען נאַסער׳ן אין זיינע מאָרד־צוגרייטונגען.

אָבער גראָד פון דעם גערעַנגעל קומט אַרויס דער עלות השחר, דער אויפגאַנג פונ׳ם מאָרגענשטערן, עד עלות השחר.

פון דעם גערעַנגעל קומט אויך אַרויס — ישראל, „וואָרים דו האָסט זיך גערעַנגעלט מיט ג־ט און מיט מענשען און ביזט בייגע־קומען״. ישראל, כי שרית עם אלוקים ועם אנשים ותוכל, וואָס איז דער באַדייט — און אינהאַלט — פון דעם נאָמען און פון דער געשיכטע פון ישראל.

דער חן וואָס יעקב האָט אַרויפגעלייגט אויף דער שטאָט

מיר לייענען ביי יעקב׳ן: ויחן את פני העיר (ל״ג, י״ח). ויחן מיינט „גערוט״, אָבער וואָס מיינט את פני העיר, דאָס „פנים״ פון דער שטאָט?

דאָס מיינט, אַז יעקב האָט אַרויפגעסטעמפעלט זיין חן, ויחן, אויפ׳ן פנים, אויפ׳ן אויסזען פון דער שטאָט. ער האָט געענדערט די לאַנדשאַפט פון דער שטאָט, האָט זי אויסגעבעסערט און אויסגעאיידעלט.

און נישט בלויז אין גייסטיגען זין, נאָר אויך אין פיזישען. ער האָט דאָרט איינגעפירט האַנדעל, סאַניטאַרע איינריכטונגען, ריינקייט. ווי די גמרא זאָגט אויף ויחן:

„האָט רב געזאָגט: ער האָט זיי איינגעפירט אַ מטבע, וואַליוטע (מטבע תיקן להם). שמואל האָט געזאָגט: ער האָט זיי איינגעפירט מאַרקען (שווקים תיקן להם). ר׳ יהודה זאָגט: ער האָט אויפגעבויט באַד־אַנשטאַלטען, מרחצאות, (שבת דף ל״ג).

רש״י קלערט־אויף פון וואַנען די גמרא האָט דאָס אַלץ אַרויסגעלערנט. נעמליך, דער אויסדרוק „ויחן״ מיינט: תיקן להם דברי חן וחנינה. ער האָט זיי איינגעפירט זאַכען פון חן, פון שאַרם, און פון לייטזעליגקייט, וואָס אין דעם פאַל מיינט עס באַקוועמליכקייטען, קאָמפאָרט. חנינה אַנטהאַלט אויך דעם באַגריף פון וואוילשטאַנד — דורך אַנטוויקלען האַנדעל און אינדוסטריע.

אַן אַנדערער מיין אין רש״י׳ס אויסטייטש „תיקן להם דברי חן וחנינה״: געוויינליך האָבען די מאַכטען, וואָס זיינען געווען מער ציוויליזירטע, געבראַכט ציוויליזירטע איינריכטונגען צו פרימיטיווע שבטים, צו צוריקגעשטאַנענע פעלקער אין אַזיע און אַפריקע, אויפ׳ן שפיץ פון דער שווערד. מיט צוואַנג און געוואַלט האָבען זיי פאַראורזאַכט בלוט און טרערען. די געשיכטע פון קאָלאָניאַליזם איז אַ קייט פון גרויזאַמקייטען און בלוט־פאַרגיסונג. אָבער

אידען האָבען געבראַכט האַנדעל און וואוילשטאַנד אין פיל לענדער פון זייער וואוינען, מיט חן וחנינה, מיט שאַרם און ליבליכקייט. מטבע תיקן להם, שווקים תיקן להם, מרחצאות תיקן להם. אידען האָבען אויפגעשטעלט הייזער און פאַבריקען, אינדוסטריע און האַנדעל, פינאַנצען און קאָמוניקאַציע; האָבען אויסגעבויט שטעט און לענדער — שטעט פאַר פרעמדע לענדער — מיט שווייס און מי, מיט ענערגיע און שוואונג.

אַן אַנדערע באַדייטונג אין רש״י׳ס אויסדרוק: תיקן להם דברי חן וחנינה, „זאַכען פון שאַרם און ליבליכקייט״, דאָס מיינט זאַכען פון קונסט און ליטעראַטור, קולטור און ליבליכקייט. וואָס עס איז געווען אידעל און באמת קולטורעל אין דער דייטשער קולטור, איז געקומען פון אידען. וואָס עס איז געווען גרויזאַם און פאַרדאָרבען אין זייער קולטור און פילאָזאָפיע — וואָס האָבען זיי דערצויגען אַלס אַ פאָלק פון מערדער — דאָס איז געווען זייער אייגענס.

דער אידישער חן אויף דער אייראָפּעאישער קולטור — און דער רעזולטאַט

דאָס מיינט ויחן את פני העיר, יעקב׳ס רוען דאָרט האָט געגעבען אַן אַנדער „פנים״ דער שטאָט. יעקב׳ס וואוינען און זיינע „תקנות״ האָבען איבערגעאַנדערשט די לאַנדשאַפט פון שכם. און מיר ווייסען דאָך — ווי אַזוי שכם האָט באַדאַנקט פאַר דעם „ויחן״. און מיר ווייסען דאָך ווי אייראָפּעאישע פעלקער, וועלכע זיינען געווען פרימיטיווע דזשאַנגעל־שבטים ווען אידען זיינען אַהין אַנגעקומען, — האָבען אָפּגעצאָלט די אידען פאַר זייער מי און פלייס, פאַר זייער שוואונג און אויפטו — פון וועלכע זיי, די ווילדע וואַלד־מענשען, האָבען געגאָסען; פון וועלכע זיי, מיט זייערע רוצחישע אינסטינקטען, זיינען געוואָרען עטוואָס מענשליכער — ביז די דייטשען, וואָס זענען ערגער פון די ווילדעסטע און פרימיטיווסטע דזשאַנגעל־שבטים און פון די ווילדעסטע בעסטיעס וואָס וואוינען צווישען זיי!

ווען אידען זיינען געקומען מיט 1900 יאָר צוריק קיין קעלן (קאָלאָניא, קולוניה) אין דייטשלאַנד, דעמאָלט אַ פאַרוואָרפענע רוימישע קאָלאָניע, זיינען די דאָרטיגע איינוואוינער געווען ווילדע, פרימיטיווע האָרדעס, אויף אַ ניוואָ, נישט אַנדערש פון די חיות, מיט וועלכע זיי האָבען געיאָגט — און פון די חיות, וואָס זיי אַליין, די „ציוויליזירטע״ דייטשען, זיינען געווען אין אונזער צייט.

מיר ווייסען וואָס יעקב און זיינע קינדער האָבען באַקומען צוריק־באַצאָלט פאַר דעם „ויחן" אין דער גמרא׳ס טייטש, פאַר דברי חן וחנינה, ווי רש״י טייטשט, און — וואָס אידען האָבען באַקומען אין אונזער צייט.

אידען האָבען געבויט אין אייראָפּע, מיט טאַלאַנט און אַרבעטסזאַמקייט, מיט פאַרנעם און דערפאָלג, מיט׳ן אידישען זשעני, — אויף אַ ווולקאַן פון שנאה, וואָס האָט געברענט אונטער אונזערע פיס. ביז דער פרימיטיוועסטער צווישען אַלע „קולטור־טרעגער", דער בעסטיאַלישסטער פון אַלע מענשען־פרעסערישע דזשאַנגעל־לייט, די קאַניבאַלען פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע — די דייטשען — האָבען אויסגעבראָכען אין זייער אמת׳ן נאַציאָנאַלען אור־כאַראַקטער. נייך, מיר דאַרפען בעטען אַנטשולדיגונג ביי די קאַניבאַלען, וואָס מיר פאַרגלייכען זיי מיט דייטשען, ווייל די קאַניבאַלען הרג׳ענען צו עסען, און די דייטשען — צו באַפרידיגען זייער רוצחישע לוסט.

אַט די אונטער־מענשען האָבען אידען, סוחרים און באַנקירען, געלע־רענטע און שריפטשטעלער, פילאָזאָפען און קינסטלער, געוואָלט אויסמענשלען מיט ויחן, מיט דברי חן וחנינה. דערביי האָט דער עם הנבחר אין אַ גרויסער צאָל אויפגעגעבען זיין אינערליכסטען אוצר פון יהדות פאַר׳ן ביליגען פרייז פון עמאַנציפּאַציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען מיט גייסטיגען און זיך געענדיגט מיט פיזישען אומקום.

### דער היסטאָרישער קאַמף

**וישלח** יעקב... „און יעקב האָט געשיקט שליחים פאָראויס פאַר זיך צו זיין ברודער עשו׳ן". און אין דער הפטרה אין צפניה לייענען מיר: כה אמר ה׳ אלוקים לאדום... „אַזוי האָט געזאָגט ג־ט צו אדום׳ן..." (עובדיה א׳ א׳).

לאָמיר פאַרגלייכען דאָס מאָל די סדרה מיט דער הפטרה, וועלכע אַנטהאַלט די גאַנצע נבואה פון עובדיה׳ן, איין קאַפּיטעל פון 21 פסוקים, — און וועלכע האָט, פאַרשטייט זיך, אַ שייכות מיט דער סדרה.

אין דער סדרה זעען מיר אַ געוויסע אַנטשפּאַנונג, אָדער גאָר באַרו־איגונג און שלום, אין די באַציאונגען צווישען יעקב׳ן און עשו׳ן. ווען מיר גייען אָבער איבער צו דער הפטרה זעען מיר אַ פאַרקערטע דערשיינונג: דער קאַמף צעפלאַקערט זיך ביז גאָר. דער נביא זאָגט אָן אין ג־ט נאָמען:

„פאַראַכטעט זעהר וועסטו ווערען...
„און ווען דו מאַכסט צווישען שטערן דיין נעסט,
„וועל איך דיך פון דאָרט אַראָפּנידערן,
„זאָגט ג־ט.
„אין יענעם טאָג, זאָגט ג־ט,
„וועל איך אונטערברייינגען די חכמים, פון אדום,
„און די פאַרשטאַנדיגקייט, פון באַרג עשו."

פון וואַנען דער דאָזיגער ווידערשפּרוך? וואָס איז די סיבה פון דעם עקסטרעמען קעגענזאַץ צווישען דער שלום־אַטמאָספערע אין דער סדרה און צווישען דעם קאַמף־און־נקמה־פּלאַם אין דער הפטרה?

דער ענטפער איז גאַנץ פשוט. צווייערליי זיינען די אונטערשיידען:

א) אין חומש איז דער קאָנפליקט אַן אינדיווידועלער, דער סכסוך איז אויף אַ יחיד׳שען פּלאַן, מעג עס זיין פון׳ם בחיר האָבות — אין דער הפטרה איז ער אויף אַ נאַציאָנאַלען, גענויער, אינטערנאַציאָנאַלען פּלאַן; ווייל אדום מיינט נישט דווקא אדום, נאָר יעדע אידען־פיינטליכע מאַכט.

ב) אין דער סדרה רעדט זיך וועגען פאַרגאַנגענהייט — אין דער הפטרה וועגען צוקונפט. דער חומש דערציילט וואָס געווען — דער נביא זאָגט פאַראויס וואָס עס וועט זיין.

אמת, אויך אין חומש איז דער קאַמף אַ סימבאָלישער, און אַן אייביגער, ווי אַלץ אין דער תורה; אָבער דאָס קומט צום בולט׳ן אויסדרוק ערשט אין יעקב׳ס געראַנגעל מיט׳ן שר של עשיו, און נישט מיט עשו׳ן אַליין.

אויף ויאבק איש עמו זאָגט דער רמב״ן:

דער מדרש זאָגט אין בראשית רבה, (פרשת ע״ז): „ער האָט אָנגערירט אין אַלע צדיקים וועלכע דאַרפען פון אים אַרויסקומען, דאָס איז דער דור פון פאַרניכטונג", (זה דורו של שמד). „דער עניין דערפון איז", — זאָגט דער רמב״ן, — אַז דאָס געשעעניש דערמאָנט אויף צוקונפטיגע דורות, ווייל ס׳וועט זיין אַ דור פון די קינדער פון יעקב׳ן ווען עשו וועט זיך שטאַרקען אויף זיי ביז ס׳וועט זיין נאָענט זיי אינגאַנצען צו פאַרניכטען..."

זעט מען ווי דער רמב״ן האָט אויך אין דעם געראַנגעל, פון ויאבק עמו איש, געזען דעם היסטאָרישען קאַמף.

דער נביא רעדט דאָ צו צווייערליי פעלקער אין זייער באַציאונג צו אידען אין טאָג פון זייער, די אידענ׳ס, אומגליק, ביום אידם, צו דעם פאָלק וואָס האָט אַליין געמאָרדעט, פאַרטיליגט, און צו די פעלקער וואָס האָבען

געהאָלפען די מערדער; אָבער ער רעדט אויך וועגען די פעלקער וועלכע האָבען זיך צוגעקוקט פּאַסיוו צו די מערדערייען און נאָך געהאַט אין־האַרצען שאַדען־פרייד דערפון.

דער נביא האַלט, ווי ס׳זעט אויס, אַז קיין מענש איז נישט קיין אינזעל פאַר זיך, אַז יעדער מענש איז „זיין ברודער׳ס היטער״, אַנישט איז ער אַ קין, און אַוודאַי אַ פאָלק וואָס קען העלפען און העלפט נישט, — איז פאַראַנטוואָרטליך; און אַ קל־וחומר, אַז די מערדער אַליין דאַרפען באַצאָלען — נישט מיט געלט־„פאַרגיטיגונג״.

אַט אַזוי לייענען מיר היינטיגען שבת אין דער הפטרה פון עובדיה — וואָס דאָס איז די איינציגע און גאַנצע נבואה, זיינע, ווי אונטערצוש־טרייכען דעם דעפיניטיווען כאַראַקטער פון זיין נבואה:

„פאַר דעם אומרעכט צו דיין ברודער יעקב,
„וועט דיך אַ בושה באַדעקען,
„און וועסט פאַרשניטען ווערען אויף אייביג״.
מחמס אחיך יעקב תכסך בושה, ונכרת לעולם (א׳ י׳).
איצט רעדט מען צו די פונדערוויטענס־שטייער.
„אין דעם טאָג וואָס דו ביזט געשטאַנען פון וויטען...
„ווען פרעמדע זיינען געקומען אין דיינע טויערן,
„און אויף ירושלים האָבען זיי גורל געוואָרפען,
„ביזטו אויך געווען איינער פון זיי.
„און דו האָסט נישט געזאָלט צוזען
„דעם טאָג פון דיין ברודער,
„אין טאָג פון זיין אומגליק,
„און האָסט נישט געזאָלט זיך פרייען,
„איבער די קינדער פון יהודה,
„אין טאָג פון זייער אונטערגאַנג
„און ניט געזאָלט גרויסען דיין מויל
„אין טאָג פון צרה״.

ביום עמדך מנגד... ונכרים באו שעריו ועל ירושלים ידו גורל, גם אתה כאחד מהם. ואל תרא ביום אחיך ביום נכרו, ואל תשמח לבני יהודה ביום אבדם, ואל תגדל פיך ביום צרה (י״א, י״ב).

און ווי אַקטועל־פריש קלינגען די צאָרן ווערטער פונ׳ם נביא, ווי פונקט אָנגעמאָסטען אויף אונזער צייט און אונזער אומגליק:

„און האסט ניט געזאָלט שטיין ביים שיידוועג,
„צו פאַרשניידען זיינע אַנטרונענע,
„און ניט געזאָלט איבערענטפערן
„זיינע פליטים אין טאָג פון צרה".

ואל תעמוד על הפרק להכרית את פליטיו, ואל תסגר שרידיו ביום צרה. (א' י"ד).

די אידען פון פוילען און סלאָוואַקיי, פון בעלגיע און האָלאַנד, פון פראַנקרייך, וואָס האָבען זיך געריסען פון דער ברענענדיגער תפיסה, וואָס ס'האָבען אַרום אונז פאַרשלאָסען די דייטשען, ימ"ש, — ווי פאַרשטייען זיי, און פילען אויף אייגענער הויט, די אַכזריות פון שווייצאַרישער פּאָליציי, וואָס האָט דעמאָלט געמאַכט יד אַחת מיט די דייטשע מערדער (וואָס מ'האָט אויך פאָרמעל פעסטגעשטעלט — דערנאָך) און די שטיין־האַרציגע קאָנסולען פון די פרייע לענדער, בפרט די בלאָקאַדע פון ענגלישע בעווינאַציס און סער ענטאָני אידען'ס חילות וואָס האָבען פאַרצוימט און פאַרשלאָסען אַלע רעטונגס־וועגען, — אָט די אַלע וואָס האָבען בייגעטראָגען צו דעם טאָטאַלען אומקום! ואל תעמוד על הפרק להכרית את פליטיו, ואל תסגר שרידיו ביום צרה! „און האָסט נישט געזאָלט שטיין ביים שיידוועג צו פאַרשניידען זיינע אַנטרונענע, און ניט געזאָלט איבערענטפערן זיינע געבליבענע אין טאָג פון נויט!"

אויב די וועלט טרייסעלט זיך היינט אין קאָנוואולסיעס פון טויט־צוגרייטונג און טויט־שרעק, איז עס ווייל זי האָט זיך שווער פאַרזינדיגט, און אַלע האָבען זיך פאַרזינדיגט אַנטקעגען אידען אין קלעם פון דער דייטשער רציחה!

און אויך דאָס „געבען" — אָדער אויפקום, פון מדינת ישראל, איז נישט קיין פאַרגעלטונג, און נישט קיין באַצאָלונג פאַר'ן אומקום, ווי טייל זיינען אונז מסביר (6 מיליאָן אומגעקומענע — ניטאָ דערפאַר קיין באַצאָלען!)

דער נביא זאָגט פאַראויס אַן אַנדערע פאַרגעלטונג פאַר די מערדער פונ'ם פאָלק ישראל:

„וואָרים נאָענט איז דער טאָג פון ג־ט
„אויף אַלע פעלקער;
„ווי דו האָסט געטאָן וועט דיר געטאָן ווערען,
„דיין טואונג וועט זיך אומקערען אויף דיין קאָפּ".

כי קרוב יום ה' על כל הגוים, כאשר עשית יעשה לך, גמולך ישוב בראשך (א' ט"ו).

נאָך אָט דער אָפּרעכענונג קומט ערשט די גרויסע וויזיע און די גרויסע טרייסט:

ובהר ציון תהיה פליטה... „און אויפ׳ן באַרג ציון וועט זיין אַן אַנטרינונג...״

און ווייטער:

„און די דאָזיגע פאַרטריבענע מחנה פון די קינדער פון ישראל... זיי וועלען פאַרנעמען די שטעט פון נגב״. וגלות החל הזה לבני ישראל... ירשו את ערי הנגב.

„און העלפער וועלען אַרויפגיין אויפ׳ן באַרג ציון, צו משפט׳ן דעם באַרג עשו, און די מלוכה וועט זיין צו ג־ט״. ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו, והיתה לה׳ המלוכה. (א׳ כ״א־כ״ב).

אָט די ווערטער קלינגען אָפּ אין אונזערע נשמות, די נביאישע וויזיע פון אויפריכטונג, פון אמונה און נחמה — און יעדער פירוש צי אַריינטייטשונג קען נאָך, חלילה, פאַרמינערן די ריינקייט פון זייער מעכטיגען קלאַנג.

וועל איך בלויז איבערגעבען וואָס איך האָב געהערט פונ׳ם סאַדאַגערער רבי׳ן וואָס ס׳האָט אים דערציילט אַ הויכער אָפיציר פון דער ישראל אַרמיי, אַליין אַ חסיד פונ׳ם רבי׳ן:

געוועזן איז עס בעת דער פאַרטיידיגונג פון ירושלים אין 1948. מיר זיינען געוועזן אויפ׳ן באַרג ציון אַרומגערינגעלט דורך דער בעסטער אַראַבישער אַרמיי, גלאַב פאַשאַ׳ס לעגיאָן. זיי האָבען אויך געהאַט אַ סך געווער און אמוניציע. מיר זיינען געוועזן ווייניג און נאָך ווייניגער וואָפען איז אונז געבליבען. דער מצב איז געוועזן אַ שווערער, כמעט אַן אויסזיכטלאָזער. ס׳האָט זיך אָנגעהויבען אַריינצו־גנב׳ענען יאוש אין אונזער מחנה. זעענדיג דאָס האָב איך זיך דערמאָנט אין חסידישען התלהבות ביים רבי׳נס אַ טיש אין אַ שבת, אַ יום טוב, און האָב אויסגערופען צו מיינע סאָלדאַטען אין פשוט׳ען אידיש:

אידען, עובדיה הנביא קוקט אויף אונז אַראָפּ! הערט איר נישט זיין רוף וועגען אָט דעם באַרג, וואו מיר געפינען זיך: ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו?! הערט איר נישט די הבטחה פון השי״ת: והיתה לה׳ המלוכה?!

אַ פייערדיגע התלהבות האָט אונז אַרומגעכאַפּט, פייערדיגער אידער דאָס פייער פון די אַראַבישע קוילען וואָס האָט געברענט אַרום אונז. אַ נייער בטחון, אַ נייער כוח איז אין אונז אַריינגעקומען. מיר האָבען זיך געוואָרפען אין אַנגריף געגען שונא און — ג־ט איז געוועזן מיט אונז, מיר האָבען מנצח געוועזן. אַזוי איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרען דער הר ציון און דאָס נייע ירושלים.

ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו, והיתה לה׳ המלוכה.

# וַיֵּשֶׁב

ערדישע ענינים און הימלישע

**פון** די צוויי חלומות, וואס יוסף האָט געהאַט, באַציט זיך דער ערשטער צו ע ר ד י ש ע ענינים, און דער צווייטער צו ה י מ ל י ש ע. אין ערשטען חלום זעט ער „מיר בינדען גאַרבען אין פעלד", והנה אנחנו מאלמים אלומים. אין צווייטען זעט ער „די זון און די לבנה און עלף שטערן בוקען זיך צו מיר", והנה השמש והירח ואחד עשר כוכבים משתחוים לי.

דער ערשטער חלום ווייזט אים ערדישע מאַכט; דער צווייטער — הימלישע.ביידע צוזאַמען סימבאָליזירען אידיש מלכות.

פרימיטיווע פעלקער (און אויך נישט־פרימיטיווע) האָבען געדינט צו צוויי מאַכטען: צו מאַטעריעלער מאַכט, צו געלט — אין יענע צייטען איז עס געווען פי, תבואה, די וואַליוטע פון די פרימיטיווע פעלקער — און צו זון און שטערן. געצענדינער ווערען אָנגערופען אין דער גמרא „דינער פון שטערן און סאַטעליטען", עובדי כוכבים ומזלות, אין אָפקירצונג, אין ראשי־תיבות: עכו"ם.

די זון און לבנה און שטערן זיינען די „קאָנקורענטען" צום מענש אין הערשען איבער דער וועלט. אין וועלט־באַשאַפען איז געגעבען געוואָרען ממשלה צו צוויי באַשעפענישען, צו די מאורות און צום מענש. מיר לייענען אין בראשית: ויעש אלוקים את שני המאורות הגדולים... ו ל מ ש ו ל ביום ובלילה — „און ג־ט האָט געמאַכט די צוויי גרויסע ליכטער... און צו געוועל־טיגען איבער דעם טאָג און איבער דער נאַכט" (בראשית א', ט"ז־י"ח).ביים באַשאַפען דעם מענשען שטייט: ו ר ד ו... ומלאו את הארץ ו כ ב ש ו ה... — „און געוועלטיגט... און פילט אָן די ערד און באַצווינגט זי"...

די מאורות זיינען די פאַקטאָרן פון צ י י ט. דער מענש באַהערשט ר ו י ם אָבער נישט צייט. צייט באַהערשט א י ם. אָפט איז דער מענש אַ שקלאַף פון צייט — אויב ער גיט זיך אונטער. צייט איז די עבודה זרה פון אונזער צייט.

יוסף האָט זיך נישט אונטערגעגעבען. ער האָט ניט קאַפּיטולירט פאַר

דער ממשלה פון די מאורות. ווען ער האט געוועבט זיין חלום וועגן „אייערע גארבען האבען זיך ארומגעשטעלט און האבען זיך געבוקט צו מיין גארב", והנה תסובינה אלומותיכם ותשתחוין לאלומתי — האט ער אויך געטרוימט וועגן „די זון און די לבנה און עלף שטערן בוקען זיך צו מיר", והנה השמש והירח ואחד עשר כוכבים משתחווים לי.

ווען יוסף הצדיק האט געטרוימט וועגען מלכות, האט ער גע'חלומ'ט וועגן רייכטום און וואוילשטאנד, וואס זיינען סימבאליזירט דורך די גארבען תבואה, און וועגן ממשלה איבער דער צייט, סימבאליזירט דורך די מאורות, וועלכע האבען זיך געבוקט צו אים.

דאס מיינט מלכות איבער צייט. דאס מיינט מלכות אין אייביגקייט. יוסף האט נישט געוואלט בלייבען שטעקען אין דער פארגליווערטקייט און צוריקגעשטאנענקייט פון נאמאדען־וואנדערונגען אלס פאסטוכער. ער האט געוואלט די בני יעקב, די טרעגער פון מלוכה־אין־וויזיע, איינווארצלען אין באדען — אקערן, זייען און שניידען מיינט איינגעזעסנקייט.

יוסף האט נישט געוואלט קיין מאמענטאנעם דערפאלג אן קאנסעקוועניץ, קיין הצלחה אן פירות, קיין דערגרייכונג אן באדייטונג אין אייביגקייט.

ער האט געזען די אלע אלופי אדום מיט זייערע פיל לענדער — שאטענדיגע באשפענישען, קיקיון־דיונה־עפיזאדען, וואס „צווישען נאכט זיינען זיי פאראן און צווישען נאכט זיינען זיי פארביי". ער האט געשטרעבט איינצופלאנצען מלכות אין נצחיות, און נצחיות אין מלכות.

אויב דער פסוק פטר'ט אפ בתכלית הקיצור, אין קורצער כראניק־דערמאנונג, די אלע אלופי אדום, אין דער פריערדיגער סדרה — ווי רש"י וויזט אן — און באלד נאך דעם דערציילט די תורה באריכות און אויספירליך מיט אלערליי בפרטיות'דיגע דעטאלען, וועגען יוסף'ס פאסירונגען — איז דא אויך א גאנץ לאגישער טעם דערין — אין צוגאב צו די לערעס און מיינען בנגלה ובנסתר. ווייל וואס פאר א באדייטונג האבען, פון היסטארישער פערספעקטיווע, די אלע אלופי אדום און זייערע מאמענטאנע מדינות, אקעגען די אויפטרייסלענדיגע, איבער־יארטויזנטער־גרייכענדיגע געשעענישען, וואס זיינען געלאזט געווארען אין גאנג דורך יוסף'ס חלומות?

### אידען זענען פאראורטיילט צו גרויסקייט

און דורך רוגזו של יוסף, קפץ עליו רוגזו של יוסף. וואס מיינט „רוגזו"? דאס מיינט בונט, רעוואלט. ניט שלום מאכען מיט'ן מצב! שטרעבען צו ענדערן די ווירקליכקייט! מיר וועלען עס זען שפעטער, אין תבוא, ווי

אין טיפסטער ירידה פון די ערגסטע תוכחה־קללות גיט אַ בליץ־אויף אין ליכט־שטראַל:

נאָך והפיצך ה׳ בכל העמים, „און ג־ט וועט דיך צעשפּרייטען צווישען אַלע פעלקער״, קומט: ונתן ה׳ לך שם לב רגז — „און געבען וועט דיר ג־ט דאָרט אַ צאַרנדיג האַרץ״ (דברים כ״ח, ס״ה). ווי וואַלט געווען, ווען דאָס האַרץ וואַלט רואיג געדרימעלט אין תהום פון נויט אוןליידען, און וואַלט ניט געצאַרנט און וואַלט ניט געבונטעוועט זיך אין רעוואָלטירט! און ווי וואַלט געווען, ווען נאָך דער גרויליכסטער פון אַלע תוכחות, וועלכע האָט אונז געטראָפען, וואָלטען מיר ווייטער געדרימעלט רואיג אין רוטין־דיפּלאָמאַטיע, און עס וואַלט נישט אויסגעבראָכען דער רוגזו פון מנחם בעגין, וועמען הרב הראשי, הגאון רי״א הערצאָג זצ״ל, האָט געקרוינט אַלס „מנחם ציון״!

וואָס וואַלט געוואָרען פון די אַלע העכסטע שטרעבונגען און פאָראויס־זעאונגען, אָן רוגזו של יוסף, וועלכער איז אַרויסגעשפּרונגען (קפץ עליו!) פון די אור־קוואַלען פון געטליכער באַשטימונג און פון די העכסטע הויכקייטען פון די געטליכע הבטחות?

וואָרים געוואוסט האָט יוסף, אַז די בני ישראל זיינען פאָראורטיילט צו גרויסקייט. און גרויסקייט פאַרלאַנגט דריי זאַכען. ערשטענס, ניט שלום מאַכען מיט׳ן מצב. צווייטענס, אַ רעאַלען באַדען אונטער די פיס. דריטענס, אַרבעט, פלייס און קרבנות.

זעט יוסף ווי די אלופי אדום מערן זיך און באַפעסטיגן זיך. עס שטייט אויף מדינה נאָך מדינה. עס וואַכען־אויף צו מלוכה׳שער סואווערעניטעט פאָלק נאָך פאָלק, לאַנד נאָך לאַנד (פּונקט ווי אין אונזער צייט!) און זיי, די בני יעקב, זיינען נאָך אַלץ אָרימע פאַסטוכער־נאָמאַדען, אָן וואָרצלען, אָן איינגעזעסענקייט, אָן מלוכה.

בונטעוועט זיך יוסף. און ער צינדט אָן דעם רעוואָלט.

מיט וואָס? וואָס פאַר אַ כוח באַזיצט אָט דער אין זיידענער כתונת־פסים איינגעהילטער יונגערמאַנטשיק, דער כמעט אינגסטער צווישען יעקב׳ס 13 קינדער? ער באַזיצט ניט מער — אָבער ניט ווייניגער — ווי אַ טרוים!

זאָל מען אָפּלאַכען פון דעם הנה בעל החלומות הלזה בא. זאָל מען אָפּשפּעטען פון זיין טרוים. ער גלויבט אין אים. ער שרייט אים אויס אין די אויערן פון די אָפּלאַכער. טראָץ די געפאַרען פון קנאה־און־שנאה, און וואָס נאָך ערגער — פון נישט־פאַרשטיין.

און וועגען וואס איז דער חלום? וועגען אזוי ווייניג, און אזוי פ י ל, ווי וועגען אַ באָדען, וועגען אַ נאָרמאַל לעבען אויף אייגענער ערד, וואו מען זייט און מען שניידט, וואו „און מיר בינדען גאַרבען", והנה אנחנו מאלמים אלומים...

דאָס איז ניט אַלץ. דאָס איז ניט דער העכסטער ציל. אָבער דאָס איז דער עלעמענטאַרסטער, אַבסאָלוטער באַדאַרף. אַן אים איז די נשמה פון אַ פאָלק אַ נאַקעטע־אַרומשוועבענדיגע, נשמות ערטילאין. דערהויבענקייט אין די העכסטע ספערן פאַרלאַנגט באָדען אונטער די פיס. התעלות פאָדערט אַ באַזע, פון וואַנען זיך צו דערהייבען. דער ראשו מגיע השמימה איז אָפּהענגיג פון מוצב אַרצה.

ווי מיר לערנען אין דער גמרא: כל הקובע מקום לתפילתו אויביו נושרים ממנו. — „ווער עס איז קובע אַן אָרט פאַר זיין תפילה, פאַלען פאַר אים זיינע פיינט". וואָרים אפילו תפילה דאַרף אַ באַזע מקוים צו ווערען. אויב איינער שטייט אין קאַמף און איז מתפלל פאַר נצחון, איז נאָר ווען ער קעמפט אויף אַ באָדען אַן אייגענעם, ווען ער האָט אַ „מקום לתפילתו", קען ער בייקומען דעם שונא. אויביו נושרים ממנו. ווי מיר האָבען עס געזען אין די מלחמות פאַר ישראל'ס אומאָפּהענגיקייט.

אַ מלוכה גיט מען ניט — אַ מלוכה נעמט מען...

איצט צום דריטען פאַקטאָר. יוסף האָט געוואוסט, אַז אַ מלוכה „גיט" מען נישט — אַ מלוכה נעמט מען (פונקט ווי נישט „אויף אַ זילבערנער טאַץ" איז אונז אַקעגענגעטראָגען געוואָרען די אידישע מדינה דורכ'ן יו־ען טיילונגס־באַשלוס פון 1947!). די הבטחה פון ארץ ישראל צו די אָבות איז אָפּהענגיג פון אַרבעט און קרבנות. הארץ אשר אתה שוכב עליה לך אתננה ולזרעך. „דאָס לאַנד, וואָס דו ליגסט דערויף (דאָס לאַנד, אויף וועלכען דו האָסט זיך פאַרלייגט!), צו דיר וועל איך עס געבען און צו דיינע קינדער" (בראשית כ"ח, י"ג). דער באַדינג פאַר'ן געווינען דאָס לאַנד איז פאַרלייגן זיך, מיט אַרבעט און קאַמף. דער „ופרצת", וואָס קומט דערנאָך, איז סיי אַ צוזאָג און סיי אַ געבאָט. דאָס מיינט, אַז וועסט זיך אויסשפרייטען ימה וקדמה וגו', ווען — ופרצת, ווען דו וועסט זיך אויסברעכען פון דיין קליינליכקייט צו גרויסע טאָטען.

וממתנה נחליאל — טאַקע אַ מתנה, אָבער נחלי א־ל, מען דאַרף ערשט געווינען ג־ט'ס מתנה. מיט שוואונג און פלייס. און וואָס מער אַ מענש איז געבענשט מיט מתנת אלוקים, מיט געטליכע ברכות, מיט טאַלאַנטען, פעאיגקייטען, ענערגיע, רייכטום, מאַכט — אַלץ מער דאַרף ער געבען פון זיך, אַלץ מער פאַרלאַנגט מען פון אים.

וועגן דעם לאָמיר דאָ ברענגען די ווערטער פון אונזער דערמאָרדעטען פּרעזידענט דזשאָן פ. קענעדי (פון אַ רעדע פאַר דער לעדזשיסלעיטשור פון מאַסאַטשוסעטס סטייט דעם 9־טן יאַנואַר, 1961) : ...„פון די, וואָס פיל איז זיי געגעבען געוואָרען, ווערט פיל פאַרלאַנגט. און ווען דער בית־דין של מעלה פון דער געשיכטע וועט אין דער צוקונפט דן זיין איבער איטליכען פון אונז — און וועט דאַרפען אַרויסטראָגען דעם אורטייל צי אין דער צייט פון אונזער דינסט צום פאָלק האָבען מיר דערפילט אונזער אחריות, וועט דעמאָלט אונזער דערפאָלג צי דורכפאַל אין וואָסער עס איז אָמט מיר זאָלען נישט פאַרנעמען — געמאָסטען ווערען מיט די ענטפערס אויף אָט די פיר פראַגען :

„זיינען מיר באמת געוועזן מענשען פון מוט ?

„זיינען מיר באמת געוועזן מענשען פון שכל־הישר׳דיגע אורטיילען ?

„זיינען מיר באמת געוועזן מענשען פון ערליכקייט ?

„זיינען מיר באמת געוועזן מענשען פון טרייקייט ?״

אַ מענש זאָל הרג׳ענען אַ מענש אָן אַ פּאַרוואָס ?

**חיה** רעה אכלתהו, „אַ שלעכטע חיה האָט אים אומגעבראַכט !״ (ל״ז, ל״ג) האָט אויסגעשריגען יעקב.

יעקב׳ן האָט ניט געקענט איינפאַלען דער מינדעסטער געדאַנק, אַז אַ מענש זאָל האָבען גע׳הרג׳עט יוסף׳ן, סתם אַזוי אָן אַ פאַרוואָס. יעקב׳ס געדאַנקענגאַנג איז געווען אַזוי אויסגעאיידעלט, אַז ער האָט ניט געקענט חושד זיין אַז אַ מענש זאָל הרג׳ענען אַ צווייטען אָן אַ סיבה.

פונקט אַזוי האָבען זיינע קינדס־קינדער, אידען אין אונזער דור, אויפגעצויגען אויף לא תרצח, אויף הייליגטום פון מענשליכען לעבען, ניט געקענט גלויבען, אַז אַ „ציוויליזירט״ פאָלק, ווי די דייטשען, וועט סתם אַזוי, אָן מינדעסטען פאַרוואָס, אויס׳הרג׳ענען אידישע מענער, פרויען און קינדער, פייניגען און אומברענגען אומשולדיגע מענשען אָן דער מינדעסטער סיבה.

אָפילו דעמאָלט ווען די דייטשען, וואָס זייער אשמדאי איז געווען זייער ריכטיגער און באַרעכטיגטער אויסשפּרעכער, זייער דעמאָקראַטיש געוויילטער פירער, האָבען עס אָפען געדראָעט, האָבען מיר נאָך אַלץ ניט געקענט עס זיך פאַרשטעלען.

ווען מ׳האָט אין וואַרשעווער געטאָ, אין 1939־1941, איידער נאָך דער טאָטאַלער רציחה, געשאָסען איינצעלנע אידען, ווען מ׳האָט ביינאַכט אַרויסגענומען פון זייערע וואוינונגען, האָט מען געזוכט וועגען יעדען איינעם סיבות. איינער, האָט מען אָנגעוויזען, איז געווען אַ סאָציאַליסט, אַ צווייטער האָט אַמאָל געשריבען געגען די דייטשען א. אַז. וו. אָבער אַז מ׳זאָל סתם אַזוי הרג׳ענען, אָן שום מאָטיוו, — דאָס איז ניט איינגעפאַלען. פונקט ווי יעקב׳ן האָט ניט געקענט איינפאַלען, אַז אַ מענש זאָל האָבען גע׳הרג׳עט זיין זון. חיה רעה אכלתהו! דאָס האָט געמוזט זיין נאָר אַ ווילדע חיה, האָט ער אויסגערופען.

# מקץ

## (שבת חנוכה)

**פון אַ חלומ׳ער — אַ פותר חלום...**

„און ס׳איז געווען צום סוף פון צוויי יאָר צייט, האָט זיך פרעה׳ן גע׳חלומ׳ט”... ויהי מקץ שנתיים ימים ופרעה חולם...

אָבער וואָסער אונטערשייד צווישען יעקב׳ס חלום, יוסף׳ס חלום און פרעה׳ס חלום! יעקב׳ן האָט זיך גע׳חלומ׳ט וועגען דער לייטער וואָס גרייכט אין די הימלען. יוסף׳ן האָט זיך גע׳חלומ׳ט ווי די „זון און די לבנה און די עלף שטערן בוקען זיך צו מיר”. והנה השמש והירח ואחד עשר כוכבים משתחוים לי. פרעה׳ן אָבער האָט דער חלום זיך באַוויזען אין מאַטעריאַליסטישער פאָרם, אין ערדישער געשטאַלט. איז נוגע געווען מאַטעריעלע ענינים.

נאָך אַן אונטערשייד: יעקב, נאָכ׳ן חלום וואָס זעט ער? „ס׳איז דאָ ג־ט אין דאָזיגען אָרט”, אכן יש אלוקים במקום הזה. ער געפינט זיך נישט מער אין אַ מדבר, אין אַ וויסטען חלל, נאָר אין „ג־ט׳ס הויז”, אין זה כי אם בית אלוקים; די טויערן פונ׳ם הימעל פראַלען זיך אויף פאַר אים. וזה שער השמים. אויב אַזוי קען יעקב מער נישט שלאָפען. מ׳מוז עפּעס טאָן דערוועגען.

יוסף, נאָך דעם ווי ס׳האָט זיך אים גע׳חלומ׳ט וועגען מלכות איז ער אויך נישט מער איינגעשלאָפען. ער האָט עפּעס געוואָלט טאָן דערצו. וואָס? את אחי אנכי מבקש. ער האָט געזוכט זיינע ברידער. האָט געזוכט ברודערשאַפט, פאַרשטענדעניש און אחדות־מיטאַרבעט פאַר פאַר־ווירקליכען זיין מלוכה־טרוים. וואָרים ער האָט דאָך גע׳חלומ׳ט נישט פאַר זיך נאָר פאַר זיי, ווי ס׳שטייט ויזכור יוסף את החלומות אשר חלם להם.

פרעה אָבער, וואָס האָט ער געטאָן ווען ער האָט גע׳חלומ׳ט? ויקץ פרעה, ויישן ויחלום שנית, איז ווידער איינגעשלאָפען...

אָבער וואָס אונז אינטערעסירט דאָ איז נישט פרעה נאָר יוסף.

און ביי יוסף'ן גופא זעען מיר ערשט דעם פונדאַמענטאַלען אונטערשייד פון פריער ביז איצט.

פריער, ווען יוסף איז געווען אין זיין היים האָט זיך איִם גע־חלומ'ט. ער איז געווען דער סוביעקט און צוגלייך דער אָביעקט פונ'ם טרוים. דער חלום איז געווען וועגען אים. וועגען זיין צוקונפט און וועגען זיין אויפגאַבע און ראָל אין לעבען.

ווען יוסף ווערט אָבער אויסגעוואורצעלט פון זיין באָדען, ווען ער ווערט פאַרטריבען צי פאַרשלעפּט אין דער פרעמד — זענען פאַרשווינדען זיינע חלומות. נישט מער איז יוסף דער טרוימער וועגען מלוכה'שאַפט; ער טרוימט בכלל נישט מער. וואָס דען איז איצט יוסף? דער פּותר — פאַר פרעמדע חלומות. אַנדערע חלומ'ען און ער דאַרף עס געפינען באַשייד פאַר יענעמ'ס חלומות.

יוסף איז נישט מער דער סוביעקט פון געשיכטליכע געשעע־נישען נאָר בלויז דער אָביעקט. נישט ער טרוימט און נישט ער ווירקט אַליין, זעלבסטשטענדיג, נאָר עס געשעט מיט אים, אַמאָל אויך דורך אים, — ער איז, ווי מ'זאָגט, „אינסטרומענטאַל" פאַר יענעמ'ס צוועקען, — אָבער נישט צוליב אים.

ער איז אַ געווערקצייג אין פרעמדע הענט, פאַר פרעמדע שט־ע־בונגען און אינטערעסען, אָבער נישט קיין זעלבסטשטענדיגער פאַקטאָר וואָס דעצידירט וועגען אייגענע אינטערעסען און אייגענעם גורל.

ווי אידען זענען עס שפּעטער בכלל אין גלות, וואו פרעמדע דעצי־דירען — פונ'ם שטאַנדפּונקט פון זייערע אייגענע אינטערעסען — וועגען גורל פון אידען. און אידען, כדי צו איבערלעבען, רעאַגירען בלויז, פּאַסען זיך צו, פאַרטיידיגען זיך, ראַטעווען זיך, — ווען און אויב זיי ראַ־טעווען זיך... אַמאָל ווערען זיי נישט ניצול. כדי צו איבערלעבען האָבען אידען געמוזט שטענדיג צוטרעפען דעם פּתרון פון פרעמדע חלומות.

דאָס איז די קללה פון גלות.

זעט: אַ האַרציג־רירענדע תפילה זענען מיר מתפלל וועגען חלו־מות. ווען די כהנים דוכענען און מיר שטייען מיט די טליתים אַראָפּ־געלאָזט איבער די קעפּ און האַרכען זיך איין אין הייליגען ציטער אין ברכות הכהנים: יברכך... וישמרך... וישם לך שלום... „זאָל ג־ט דיך בענשען... און זאָל ג־ט דיך היטען... און זאָל ג־ט דיר טאָן שלום", — דעמאָלט שעפּטשען אונזערע ליפּען אַ תפילה — אויף וואָס? אויף חלומות! מיר דערוועקען דעמאָלט דעם זכות פון די חלומות פון

יוסף הצדיק, פון זיינע חלומות און נישט פון זיין פותר חלום זיין! „און זאָלען מיינע חלומות מקויים ווערען אין מיר און אין זיי ווי די טרוימען פון יוסף הצדיק". ויתקיימו בי ובהם כחלומותיו של יוסף הצדיק.

מיר זענען דעמאָלט מתפלל: „זאָל זיין דער ווילען פאַר דיר מיין ג־ט און דער ג־ט פון מיינע עלטערן, אַז ס'זאָלען זיין צו גוטען אַלע מיינע חלומות אויף מיר און אויף אַלע אידען". יהי רצון — שיהיו כל חלומותי עלי ועל כל ישראל לטובה.

אַ זעהר אינטימע תפילה, אַ זעהר אינדיווידועלע און פריוואַטע — וואָס קאָן נאָך זיין מער אינטים און מער יחיד'יש, מער פריוואַט ווי אַ חלום? אָבער ס'איז אַ תפילה נישט בלויז פאַר זיך, נאָר — ועל כל ישראל לטובה.

רעכענען מיר אויס וועגען וואָסערע סאָרטען חלומות מיר זענען מתפלל: „סיי וואָס איך האָב געחלומ'ט אויף מיר און וואָס איך האָב געחלומ'ט אויף אַנדערע און סיי וואָס אַנדערע האָבען געחלומ'ט אויף מיר"... בין שחלמתי עלי ובין שחלמתי על אחרים ובין שחלמו אחרים עלי...

אָבער מיר זענען נישט מתפלל אויף די חלומות וואָס אַנדערע חלומ'ען וועגען אַנדערע. נישטאָ אַזאַ תפילה אויף „חלומות שחלמו אחרים על אחרים!" דאָס איז נישט אונזער ביזנעס...

ווייל ווען מיר דערמאָנען אין דער תפילה די חלומות פון יוסף הצדיק — וואָס לערנען מיר פון זיי?

ווען יוסף ווערט פאַרשקלאַפט, פאַרפאַלגט, באַשמוצט, ווען ער ליגט אין תפיסה, זענען אויך זיינע טרוימען פאַרשקלאַפט אין תפיסה־קייטען.

יוסף, דער וואונדערפולער, מלכות'דיגער טרוימער, וואָס האָט גע־ליטען און געקעמפט פאַר זיין טרוים; וואָס די ברידער האָבען אָפּ־געשפעט פון זיינע חלומות (הנה בעל החלומות הלזה בא...) אָבער צוגלייך אים מקנא געווען (ויקנאו בו אחיו), וואָס דער פאָטער האָט אים טאַקע אויסגע'מוסר'ט, אָבער גלייכצייטיג געהיט זיין חלום (ואביו שמר את הדבר), אָט יוסף דער טרוימער ווערט פלוצים אַ פותר חלום. ער ווערט אַ באַשייד־זאָגער אויף פרעמדע חלומות.

דער שר המשקים חלומ'ט, דער שר האופים חלומ'ט, פרעה חלומ'ט — אָבער נישט מער יוסף. ער דאַרף זיך ברעכען דעם קאָפּ צו זוכען

דעם זין און מיין פון יענעמ'ס חלומות, אויסצוגעפינען דעם באַדייט און באַשייד פון יענעמ'ס טרוימען, וואָס חלומ'ען וועגען יענעם, וועגען מצרים.

יוסף טרעפט צו געגוי דעם פתרון. נאָך מער, ער איז אַפילו דער אויספירער, דער פאַרווירקליכער פונ'ם טרוים, מיט הצלחה.

און דאָך, און דאָך — דאָ הויבט זיך אָן גלות.

ווייל דאָ, אין ווערען פון אַ טרוימער אַ פותר — פון פרעמדע חלומות, מה שחלמו אַחרים על אַחרים, דאָ ליגט דער קערן פון אַלע שפּעטערדיגע גלות־פּאַסירונגען, פון ויקם מלך חדש אַשר לא ידע את יוסף, וואָס האָט נישט געקענט, און נישט געוואָלט קענען און אָנער־קענען, דעם פותר חלום און זיינע פאַרדינסטען, און פון הבה נתחכמה...

ווי ניט איינמאָל שפּעטער אין דער אידישער גלות געשיכטע. וויפיל אידישע אידעאַליסטישע קעמפּער האָבען זייער לעבען מקריב געווען אויף די באַריקאַדען פון אַלע לענדער פאַר פרעמדע חלומות, שחלמו אַחרים על אַחרים?!... וויפיל אידישע געניאַלע מוחות האָבען געווירקט אין די לאַבאָראַטאָריעס פון אַלע וויסענשאַפטען צי אין די שאַפונגס־טעמפּלען פון אַלערליי קונסט — פאַר פרעמדע חלומות, און נישט געטרוימט דעם חלום פון אייגענעם פאָלק און אייגענעם לאַנד! ניט גע'חלומ'ט דעם כל חלומותי עלי ועל כל ישראל לטובה!

און דאַן זיינען זיי דורך די געניסער פון זייער געניוס און מי פאַרפאָלגט געוואָרען, נישט צוגעלאָזט געוואָרען צו געניסען פון די פּרוכטען פון זייער אַרבעט. הנרות הללו, אָט די ליכט וואָס אידען האָבען אָנגע־צונדען אין דער וועלט, — אין לנו רשות להשתמש בהם, געניסען פון זיי האָט מען אידען נישט צוגעלאָזט... (האַלטען מיר דאָך ביי חנוכה, מעג מען נוצען אַ חנוכה־וואָרט). אָבער ווי די קלאַסישע „קולטור־טרעגער", די דייטשען, ימ"ש, וואָס האָבען אויסגעמאָרדעט צווישען די אַנדערע אידען, אויך די אידישע אַנטדעקער און ערפינדער, די אידישע דענקער און גע־לערנטע, קינסטלער און שריפטשטעלער, וואָס האָבען געטרוימט זייער, די דייטשענ'ס, חלום...

שוין ביי יוסף'ן האָבען מיר דאָס געזען און — נישט געלערענט דערפון. יוסף האָט מיט זיין פותר חלום זיין טאָקע דערגרייכט ערפאָלג, קאַריערע, מאַכט, פרעסטיזש, האָט פאַרנומען אַ הויכען אַמט — און האָט אָפּגעראַטעוועט דאָס לאַנד פון הונגער, אויסגעפּלאַנט און איינגעאָרדענט זיין עקאָנאָמיע, און דער לוין איז געווען פאַר זיינע ברידער און קינדער און

קינדס־קינדער, פאַר זיין פאָלק, — פּיין, ליידען, גלות, פאַרניכטונג, כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו!...

וואָרים ווען מיר פאַרטראַכטען זיך איבער די פּאַסירונגען זעען מיר, אַז באמת האָט דאָס גלות מצרים זיך נישט אָנגעהויבען מיט יעקב׳ס ירידה מיט זיין הויזגעזינד קיין מצרים, נישט אויך ווען ויקם מלך חדש מיט דעם הבה נתחכמה, נאָר דער ערשטער קערן פון גלות איז פאַרזייט געוואָרען אין דעם מאָמענט ווען ס׳האָט אויפגעהערט יוסף דער טרוימער און זיין אָרט האָט פאַרנומען יוסף דער פּותר חלום — פאַר פרעמדע חלומות.

און די ערשטע שפּראָצונג פון גאולה האָט זיך באַוויזען ווען ס׳איז געקומען משה רבנו, וואָס, הגם, ער האָט זיין יוגענט פאַרבראַכט אין פרעה׳ס פּאַלאַץ, ווי נאָר ער איז אויסגעוואַקסען „איז ער אַרויסגעגאַנגען צו זיינע ברידער״, ויצא אל אחיו — נישט צו פאַרזאָרגען פרעמדע — „און ער האָט געזען זייער ליידען״, וירא בסבלותם. ווען ער האָט געזען דעם מצרי, האָט ער נישט געזען די הויכע קולטור, די גרויסע עגיפּטישע ציוויליזאַציע, די ליטעראַטור און פּאָעזיע פון די היעראָגליפען, די קונסט פון די פּיראַמידען, נאָר — „ער האָט געזען אַ מאַן אַ מצרי שלאָגט אַ מאַן אַ אידען פון זיינע ברידער״. וירא איש מצרי מכה איש עברי מאחיו. אָט דאָס, און נאָר דאָס האָט משה געזען פון דער גאַנצער עגיפּטישער קולטור. און די איינציגע מסקנא וואָס ער האָט דערפון געצויגען איז געווען „ער האָט דערשלאָגען דעם מצרי״, ויך את המצרי.

פּונקט דאָס זעלבע האָבען געזען אין דער העלעניסטישער קולטור די חשמונאים, און זיי האָבען געקעמפט און געזיגט!

משה רבנו האָט נישט געטראַכט וועגען פרעה׳ס חלומות — דער שוואַרצער חלום פון זיין פאָלק אונטער׳ן יאָך פון׳ם טיראַן האָט פאַרפינסטערט אַלע טרוימערייען — און נישט געזוכט האָט ער פּותר חלום זיין פרעמדע חלומות. ער האָט נישט געזאָרגט פאַר מצרים, נישט געזוכט קיין עצות אין פרעה׳ס אינטערעסען, נאָר ער איז געווען ג־ט׳ס רוט געגען מצרים, און קאַמף מיט׳ן טיראַן.

מיר האָבען דערלעבט די באַנייאונג פון׳ם אידישען חלום, פון יעקב׳ס חלום: הארץ אֲשר אַתה שוכב עליה לך אתננה ולזרעך, פון יוסף׳ס חלום וועגען מלכות, פון די חשמונאים׳ס קאַמף פון מעטים געגען רבים, און צדיקים געגען רשעים, פון זייער קאַמף און נצחון!

יוספ׳ס קאמף מיט׳ן שר של שכחה

עס איז פאראן א שייכות צווישען פרשת מקץ און חנוכה. און דאס איז עס:

פיל זיינען געווען דיליידען און פיין, די שוועריגקייטען און שטרויכלונגען אויף יוספ׳ס לעבענס־וועג. די תורה דערציילט וועגען זיי. אבער וועגען איין געראנגעל שטייט ווייניג סיי אין חומש, סיי אין די מפרשים. דער געראנגעל קומט פאר, אזוי צו זאגען, הינטער די קוליסען. דאס איז דער קאמף געגען שר של שכחה.

וואס? איר האט קיינמאל נישט געהערט פון אזא שר? הערט־זשע:

דער דאזיגער שר פון פארגעסען איז גאר א מעכטיגער. ער שפילט א גרויסע ראלע אין לעבען פון יעדען מענש — אפילו ווען איר שפירט אים נישט. וואס דארפט איר מער? אפילו אונטער יעקב׳ס געראנגעל מיט׳ן שר של עשו האט געשטעקט, אלס גורם, דער שר של שכחה. אויף „ויתר יעקב לבדו ויאבק איש עמו״ מאכט רש״י: שכח פכים קטנים וחזר עליהם — „יעקב האט פארגעסען קליינע קריגעלעך און האט זיך אומגעקערט נאך זיי,״ — און דא האט ער זיך אנגעשטויסען אין שר של עשו.

יוסף האט באלד אין אנהויב אין מצרים געליטען פון דעם וישכחהו, פון דעם, וואס דער שר המשקים האט אין אים פארגעסען.

יוסף, זייענדיג יארען אין א פרעמד לאנד, אין א פרעמדער סביבה, אין א פרעמדער קולטור, מאטערט ער זיך אליין מיט דעם פארגעסען, מיט דעם פארגעסען פונוואנען ער קומט, וואס דאס מיינט, וואס ער איז.

אין קנעכטשאפט שוועבט שטענדיג פאר יוספ׳ס אויגען זיין פאטער׳ס געשטאלט, נראית לו דמות דיוקנו של אביו.

דאס ליכטיגע געשטאלט פון יעקב אבינו איז אויסגעקריצט נישט בלויז אין כסא הכבוד, נאר אויך אין יוספ׳ס נשמה. עס באגלייט אים אין זיינע שווערסטע מאמענטען. עס באשיינט דאס חשכות פון זיין קנעכטשאפט.

ווען יוסף קומט אבער ארויס פון דער תפיסה צו מלכות, קומט פאר אין אים אן ענדערונג. אין גלאנץ פון מאכט ווערט אליץ מער פארבלאסט די פראכט פון יעקב׳ס געשטאלט.

אין קנעכטשאפט — נראית לו דמות דיוקנו של אביו; אלס הערשער — כי נשני אלקים... את כל בית אבי.

ווארים עס איז דאך אומפארשטענדליך פארוואס האט יוסף דעמאלט נישט באמיט זיך צו קומען אין בארירונג מיט׳ן פאטער? איז דען געווען אזוי

שווער צו פאַרשטענדיגען זיך מיט ארץ ישראל? זעען מיר דאָך ווי די שבטים זיינען געפאָרען אהין און צוריק. איז פאַר'ן וויצע־קעניג פון דער מעכטיגער מצרי'שער אימפעריע געווען אוממעגליך צו פאַרבינדען זיך מיט זיין פאָטער? פאַרוואָס־זשע האָט ער אים געלאָזט אַזוי לאַנגליידען און ניט געלאָזט אים וויסען, אַז ער לעבט?

טאָמער וועט איר זאָגען, אַז יוסף האָט מורא געהאַט מען זאָל נישט געוואָר ווערען אין קעניגליכען הויף וועגען זיין אָפּשטאַם פון די עברים, וואָס דאָס וואָלט אים געקאָנט שאַטען צו זיין „קאַריערע" — דאָס קאָן מען נישט אָננעמען. פאַרקערט, יוסף האָט דאָך מיט שטאָלץ דעקלארירט באַלד זיין אידישקייט. ער האָט אָפען געזאָגט: כי גנב גנבתי מארץ העברים — „איך בין גע'גנב'עט געוואָרען פונ'ם לאַנד פון די עברים" (מ', ט"ו).

זעט מען דאָך, אַז ער האָט נישט געוואָלט פאַרהוילען זיין אָפּשטאַם. פאַרוואָס־זשע האָט ער זיך נישט פאַרבונדען מיט זיין פאָטער גאַנצע 9 יאָר?

יוסף אַליין האָט זיך אָפּגעגעבען אַ רעכענונג פון אַט דעם פאַרגעסען. ער האָט גוט באַנומען דעם דאָזיגען שכחה־פאַקטאָר אין זיין נייען לעבען. אַזוי ווייט, אַז דעם ערשטען זון זיינעם, דעם בכור, האָט ער אַ נאָמען געגעבען נאָך דעם דאָזיגען פאַרגעסען:

ויקרא יוסף את שם הבכור מנשה כי נ ש נ י אלקים את כל עמלי ואת כל בית אבי — „און יוסף האָט גערופען דעם נאָמען פונ'ם בכור מנשה, ווייל ג־ט האָט מיך געמאַכט פאַרגעסען מיין גאַנצע מאַטערניש און דאָס גאַנצע הויז פון מיין פאָטער" (מ"א, נ"א).

אייגענטליך, איז דאָ שווער צו פאַרשטיין. ערשטענס, אויב מען וויל פ אַ ר ג ע ס ע ן, דאַרף מען דאָך נישט — ד ע ר מ אָ נ ע ן. אויב יוסף האָט געוואָלט באַזייטיגען פון זיין זכרון זיין פיין א ו ן זיין פאָטער'ס הויז, האָט ער נישט געפונען קיין בעסערן וועג ווי געבען זיין ערשט קינד אַ נאָמען וואָס לאָזט נ י ט פאַרגעסען?

צווייטענס, ווי געשיקט זיך עפּעס צו פאַרבינדען אין איין אָטעם „כל עמלי" מיט „כל בית אבי" — די פיין און דאָס פאָטער־הויז? וואָסער מין שייכות איז דאָ פאַראַן?

נאָר יוסף האָט געקעמפט קעגען שכחה. ער האָט געוואָלט נ י ש ט פאַרגעסען. און דאָך, אין טאָג־טעגליכען לעבען אין קעניגלעכען הויף אויפ'ן קעניגליכען שטייגער; אין די פילע אַקטיוויטעטען און זאָרגען פון רעגירען, בפרט אין אַ קריזיס־צייט, אין הונגער־יאָרען — האָט יוסף געפילט, אַז

ביסלעכווייז פארשווינדען פון זיין זכרון די יארען פון ליידען און דערנידערונג; און אויך די קינדער־יארן אין פאטער׳ס הויז, און דאס אלץ, וואס עס באדייט בית אבי, בפרט ווען עס האנדעלט זיך וועגען יעקב׳ס הויז.

און דערפאר האט ער זיך געשראקען. ער האט מורא געהאט, אז צוזאמען מיט׳ן פארגעסען די פיין, ווען ס׳וועט אים גיין גוט, ווען ער וועט זיך ארויפארבעטען, וועט ער בכלל פארגעסען זיין פארגאנגענהייט. עס וועט פאר־שווינדען פון זיין זכרון די „אלטע היים" צוזאמען מיט דעם אלעמען וואס דער דאזיגער באגריף שטעלט מיט זיך פאר — דער גאנצער גייסטיגען תוכן, וואס דאס אנטהאלט.

און אז מען פארגעסט דאס אלץ, פארגעסט מען זיך. און אוודאי, אז די קינדער, דער נייער דור, דער דור, וואס אויך ער לא ידע את יוסף, וואס האט נישט געקענט יוספ׳ן, נישט דעם בן זקונים פון יעקב׳ן און נישט יוספ׳ן דעם גע׳רודפ׳טען און ליידענדען — וועט געוויס נישט וויסען פונוואנען ער קומט, וואס ער איז און וואס ער דארף זיין... אויב אשר לא ידע את יוסף, ווי קאן ער קענען יעקב׳ן?

ווי מיר זעען דא אין אמעריקע דעם דור פון פארגעסען, דעם „שכחה־דור", וואס איז א פועל יוצא פון: כי הפרני אלקים בארץ עניי — „ג־ט האט מיך געפרוכפערט אין לאנד פון מיין פיין" (מ"א, נ"ב), לויט וואס יוסף האט א נאמען געגעבען זיין צווייטען זון, אפרים.

יוסף האט באנומען, אז דער נשני אלקים את כל עמלי גייט האנט אין האנט מיט נשני את כל בית אבי. ווען מען פארגעסט וואס מען איז דורכ־געגאנגען, וואס מען האט געליטען, פארגעסט מען דעם אייגענעם טאטען. פאר־געסט מען דאס פאטער־הויז, די געשיכטע. און אז מען פארגעסט דאס, פארגעסט מען, אז מען איז א איד.

ווארים אידען זיינען אן עם הזכרון, א פאלק פון געדענקען. דער ער־שטער טאג פון יאר, ראש השנה, דער יום הדין, איז א יום הזכרון. און צווישען מלכיות, דעם קעניגטום, און שופרות, דעם רוף צו אויפוואכונג, שטייט ווי א מיטל־זייל זכרונות. אויף דעם זייל האלט זיך דער גאנצער בנין.

און געדענקען דארף מען, נישט בלויז טעג פון רום, נאר אויך טעג פון פיין. נישט בלויז שעה׳ן פון עליה, נאר אויך מאמענטען פון ירידה. דורכ׳ן געדענקען דעם חורבן הבית האבען מיר זוכה געווען צו בנין הארץ, פאר־געסען דעם חורבן קאן, חלילה, ברענגען חורבן.

געוויסע אידען, די זאטע און צופרידענע, די סוקסעספולע און רואיגע,

ווילען נישט דערמאָנט ווערען אין אונזער מורא׳דיגען אומקום אין איראָפּע אין אונזער צייט. פון דאַנען אויך דאָס אומבאַגרייפליכע, אוממאָראַלישע און קרענקליך־אומנאַרמאַלע ברידערן זיך מיט די מערדער פון אונזערע ברידער, מיט די דייטשען, ימ״ש.

דאָס איז געגען השקפה פון יהדות.

די משנה לערנט, אַז ווען מען זעט ווי גראָז וואַקסט אויף אַ חרוב׳ער שוהל טאָר מען עס נישט אויסרייסען. עלה בו עשבים לא יתלשם. פאַרוואָס? משום עגמת נפש. ווייל ווען ער זעט ווי עס וואַקסט גראָז דאָרט, וואו עס איז געווען אַ בית הכנסת, האָט ער עגמת נפש, טאָר ער נישט אויסרייסען דאָס גראָז כדי נישט אויסצורייסען פון זיך דאָס עגמת נפש. (מגילה ג׳, ג׳).

האָבען אידען אין אונזער צייט דוקא יאָ געוואָלט אויסרייסען דאָס געדענקען. איז געקומען עמלק אליין, דער דייטש, און ע ר, מיט זיינע וויסעב־שאַפטלער אין קאַירא, מיט זיין ווענען און פירעכץ, — לאָזט ניט פאַרגעסען!

יוסף הצדיק, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזוי פיל פיין און ליידען, און וואָס איז שפעטער געקומען צו סוקסעס, צו מאַכט, צו משפחה, צו פאַמיליע־גליק; יוסף הצדיק, וואָס האָט איבערגעלעבט אַזעלכע דראַמאַטישע געשעענישען אין זיין לעבען, און וואָס האָט געלעבט אין אַ צייט פון קריזיסען, און האָט אליין באַווירקט און באַאיינפלוסט די דאָזיגע גורל׳דיגע תקופה — ווען עס ווערט ביי אים געבוירען זיין ערשטער זון, רופט ער אים נישט אָן מיט אַ נאָמען, וואָס זאָל דערמאָנען אין איינער פון די דאָזיגע אויפטרייסלענדיגע פאַסירונגען, נאָר — מנשה, אַ נאָמען, וואָס ד ע ר מ אָ נ ט אין פ אַ ר ג ע ס ע ן. כי נ ש נ י אלקים... אַ נאָמען וואָס דערמאָנט נ י ש ט צו פאַרגעסען!

ווייל יוסף האָט געוואָלט, אַז עס זאָל שטענדיג שטיין פאַר זיינע אויגען די סכנה פון פאַרגעסען, דער גערואַנגעל געגען פאַרגעסען.

ווייל דאָס, דער קאַמף געגען שר של שכחה, איז געווען, ווי מען זעט פון דעם דאָזיגען נאָמען־געבען, דער דאָמינירענדיגער, הגם אומזעבאַרער, פאַקטאָר אין יוסף׳ס לעבען אין אַ פרעמדער סביבה, אין אַ פרעמדער קולטור.

ווי עס איז אין לעבען פון א ו נ ז ע ר צייט און פון א ו נ ז ע ר דור.

און דאָ קומען מיר צו צום שייכות מיט חנוכה.

ווען מיר דערציילען חנוכה אין „על הנסים״ וואָס עס האָט פאַסירט בימי מתתיהו בן יוחנן כהן גדול, וואָס דערמאָנען מיר צום סאַמע־ערשטען? כשעמדה מלכות יון הרשעה על עמך ישראל ל ה ש כ י ח ם ת ו ר ת ך... — „ווען עס איז אויפגעשטאַנען דאָס רשעות׳דיגע מלכות יון אויף דיין פאָלק ישראל צו מאַכען זיי פ אַ ר ג ע ס ע ן דיין תורה״... פונקט ווי היינט אין סאָוועט־רוסלאַנד!

אַט דאָס, דאָס מאַכען פאַרגעסען, איז געווען דאָס גרויסע רשעות, און די גרויסע צרה, אויף וואָס מיר זאָגען ווייטער: עמדת להם בעת צרתם... די געפאַר איז געווען, פאַרגעסען די תורה, וואָס דאָס הייסט פשוט: עם הארצות — דער „להעבירם מחוקי רצונך" איז שוין ממילא נאָכגעקומען. אויך דאָ, אין אונזער צייט, איז עס די גרעסטע צרה... (נישט מער, דאָ באַווייזט מען צו פאַרגעסען אפילו דאָס, וואָס מען האָט קיינמאָל נישט געלערנט...).

זיינען געקומען די חשמונאים און האָבען דערמאָנט.

צינדען מיר די חנוכה־ליכטלעך, כדי נ י ט צו פאַרגעסען! כדי בייצוקומען דעם שר של שכחה מיט׳ן זכרון פון אונזער גרויסער פאַרגאַנגענהייט, וואָס לייכט אויף אין אונזערע הערצער מיט הנרות הללו...

יוספ׳ס, און די חשמונאימ׳ס, טריי־בלייבען דער מסורת אָבות

און נאָך אַ שייכות פון חנוכה מיט מקץ.

יוספ׳ס צדקות איז באַשטאַנען אין זיין טריי־בלייבן זיינע אבות; זיין גבורה — אין טריי־בלייבען זיך אַליין, אין אַלע אומשטענדען און אין אַלע באַדיאונגען, אין די שווערסטע צייטן, ווי אין די בעסטע.

פונקט ווי יעקב האָט נישט פאַרגעסען אין יוספ׳ן, אַזוי האָט יוסף נישט פאַרגעסען אין יעקב׳ן. נראה לו דמות דיוקנו של א ב י ו, דאָס געשטאַלט פון יעקב׳ן איז אים שטענדיג געשטאַנען לעבעדיג פאַר די אויגן.

און דאָס איז דאָך אויך געווען דער מהות פונ׳ם חשמונאים־קאַמף — זיי האָבען געוואָלט טריי־בלייבן די א ב ו ת, אַקעגען דעם דרוק צו פאַרגעסען די תורת אבות, להשכיחם תורתך.

דאָס איז אָנגעדייט אין דער גמרא, וואָס פרעגט: מען זאָגט ביים אָנצינדען די חנוכה־ליכט: אשר קדשנו במצוותיו ו צ ו ו נ ו להדליק נר של חנוכה — „וואָס האָט אונז געבאָטען אָנצוצינדען דאָס ליכט פון חנוכה". פרעגט די גמרא: והיכן צוונו? — „וואו האָט מען אונז געבאָטען?" ר׳ נחמיה אמר מ„שאל אביך ויגדך", „זאָגט ר׳ נחמיה: דאָס לערנען מיר פון דעם פסוק „פרעג דיין פאָטער, וועט ער דיר זאָגען".

איז אָבער שווער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס פרעגט נישט די גמרא, און ענטפערט, דאָס זעלבע אויף אַנדערע ענליכע מצוות, וואָס די רבנן האָבען ערשט מתקן געווען, ווי למשל, מגילה־לייענען?

ווייזט אויס דערפון, אַז דאָ, ביי חנוכה, איז דער „שאל אביך ויגדך" —

דאָס אָפּהיטען די מסורת אבות — געווען נישט בלויז די באַגרינדונג פון „וצוונו", נאָר אויך דער מהות און דער תוכן פון דער מצוה. ווייל חנוכה איז געווען די דערהאַלטונג פון דער מסורת אבות געגען די, וואָס האָבן געוואָלט להשכיחם תורתך. דעריבער איז דער שאל אביך דאָ דער עצם פון דער מצוה.

קומט אויס, אַז פונקט ווי יוסף האָט געהאַלטען לעבעדיג אין זיך דעם דמות דיוקנו של אביו, אַזוי האָבען עס געטאָן די חשמונאים און זייערע נאָכפאָלגער. ציט זיך איין ליניע פון מקץ צו חנוכה.

און אין וואָס איז באַשטאַנען יוסף'ס גבורה?

יוסף'ס גבורה איז באַשטאַנען אין זיין ניט־צופאַסן זיך צו סביבה און אומשטענדען. אין זיין אַן „אַנדערער", אַ נאָן־קאָנפאָרמיסט. זיין גבורה איז געליגען אין דעם, וואָס ער איז געווען איינער אַליין, און האָט זיך נישט אונטערגעגעבען. ער האָט נישט אונטערגעגעבען זיין „איך". האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט פון זיין טרוים. האָט נישט קאַפּיטולירט פאַר דרוק, פאַר מערהייט, פאַר שווערע אומשטענדען, און האָט זיך נישט אָפּגעשראָקען פאַר שונאים.

יוסף האָט עס באַוויזען נאָך אין זיין פאָטער'ס הויז. און נאָך מער שפּעטער, אין דער פרעמד, אין קנעכטשאַפט. און נאָך פיל מערער, בעת זיין דערהויבען ווערען צו וויצע־קעניג. ווייל גבורה האָט יוסף אויפגעבראַכט ווען ער איז געבליבען אין די אַלע צייטען טריי צו זיך אַליין און האָט אויך אויפגעצויגען זיינע אין מצרים־געבוירענע און אויפגעוואַקסענע זין אין גייסט פון זיין פאָטער, ווי מיר וועלען לערנען, אי"ה, אין ויחי.

דאָס איז געווען דער נס פון יוסף'ס גבורה, ווי דאָס איז געווען דער נס פון די חשמונאים'ס גבורה.

### גבורה געגען כח

וועט איר אָבער פרעגען: ווי איז דאָ דער נס ביי יוסף'ן? זעען דען נישט אויס יוסף'ס פאַסירונגען גאַנץ נאַטירליכע?

איז דער ענטפער: דווקא די אין פלוג נאַטירליכע פאַסירונגען לערנען אונז וועגען אמת'ן מיין פון נס. בלויז אויבערפלעכליכע צושויער זעען אַ נס נאָר אין אויסטערלישע, איבער־נאַטירליכע פאַסירונגען. ווער עס קוקט זיך צו טיפער, זעט אים אויך אין נאַטירליכע דערשיינונגען — און אין זייער צוזאַמענהאַנג.

יעדע פון די געשעענישען מיט יוסף'ן זעט טאַקע אויס פאַר זיך אַליין אין פלוג גאַנץ געוויינליך. איטליכער פאַקט באַזונדער איז אַ לאָגישער פועל־

יוצא פון אַ פריערדיגען. עס וויקעלט זיך אַ שכל׳דיגע קייט פון אורזאַכען און פאָלגען. עס ציט זיך איין המשך פון סיבות און רעזולטאַטען. און דאָך איז דער סך הכל׳דיגער צונויפנעם פון אַט די אַלע פאַלען און צופאַלען — איין גרויסער נס. און דאָך איז דער צוזאַמענהאַנג און די ענד־רעזולטאַטען אַן אַנטפּלעקונג פון געטליכען וואונדער.

וואָרים איןביידע, אין תוך פון יוסף׳ס געשיכטע, און אין תוך פון חנוכה, ליגט איין וואונדער: דער נס פון ג ב ו ר ה.

וואָס מיינט גבורה? גבורה מיינט די אינערליכע גייסטיגע קראַפט, וואָס ווערט אויפגעבראַכט אין ווידערשטאַנד צו פיזישען כוח, צו שוועריגקייטען, צו פיינטליכקייטען. ווען מען זאָגט „גייסטיגע גבורה״, איז עס נישט ריכטיג — י ע ד ע גבורה איז גייסטיג, אפילו ווען אירע אַנטפּלעקונגען זיינען אויך פיזישע צי מאַטעריעלע.

כוח מיינט פיזישע קראַפט. גבורה מיינט גייסטיגער העראָאיזם — ווען פיזישע קראַפט איז געגען דיר. מיר זאָגען: ועל הנסים ועל ה ג ב ו ר ו ת, און נישט „ועל הכוחות״, ווייל דער נס איז באַשטאַנען דערין, וואָס די חשמונאים האָבען אויפגעבראַכט ג ב ו ר ה געגען כ ו ח, העלדישקייט געגען דער פיזישער מאַכט פון אנטיוכוס׳ן.

קומט אויס, אַז „ועל הנסים״ און „ועל הגבורות״ זיינען נישט קיין צוויי באַזונדערע זאַכען. זיי זיינען איינס. עס איז געווען אַ נס וואָס זיי האָבען אויפגעבראַכט גבורה. פונקט ווי „ועל התשועות״, „ועל הנפלאות״ און „ועל הנחמות״ זיינען איינס מיט „ועל ה מ ל ח מ ו ת״. וואָרים אַ נס איז געשען, אַ ישועה איז געקומען, אַ פלא האָט אויפגעלויכטען און אַ נחמה האָט געטרייסט (על הנסים ועל הישועות ועל הנחמות ועל הנפלאות) — דערמיט, וואָס זיי האָבען געהאַט גבורה צו פירען מ ל ח מ ה געגען איבערמאַכט פון כוח!

ווי אין אונזער צייט, ווען די יונגע העלדען פון אצ״ל (אירגון צבאי לאומי) האָבען זיך געוואָרפען מיט נאַקעטע פויסטען אויף דער בריטישער אימפעריע, דעמאָלט אין איר גאַנצער מאַכט — און האָבען זי באַזיגט! ווי די ישראל־אַרמיי אין די מלחמות העצמאות געגען איבערוועגענדער צאָל פון זיבען אַראַבישע מדינות.

דער נס פון גבורה באַשטייט אין האָבען גבורה, ווען דו באַזיצסט נישט קיין כוח. אין אויפברענגען מוט, און אמונה, ווען די רעאַליטעטען פון דער סיטואַציע זיינען געגען דיר. אין אויפברענגען העראָאיזם, ווען לויט קאַלטען, לאָגישען אויס׳חשבונ׳ען, האָסטו נישט קיין אויסזיכטען. ווען די ניכטערע אויסרעכענונגען זאָגן דיר, אַז דו „האָסט ניט קיין שאַנס״.

גבורה מיינט קעמפען אין די אוממעגליכסטע אומשטענדען, טאָן אין די שווערסטע באַדינגונגען.

דאָס איז די גבורה פון יוסף הצדיק, אין תפיסה, ווי אויפ'ן טראָן. דאָס איז די גבורה פון די חשמונאים, אין ווידערשטאַנד געגען קולטורעלער אַסימילאַציע ווי געגען ברוטאַלער אויפצווינגעריי.

דאָס איז די גבורה פון די תורה־פיאָנערן אין אַמעריקע, די ערשטע ישיבות־בויער, וואָס די ניכטערע, פּראַקטישע רעאַליסטען האָבען פון זיי אָפּגעלאַכט אַלס נישט־רעאַלע טרוימער — הנה בעל החלומות הלזה בא...

דאָס איז די גבורה פון די מעטים פון עוסקי תורתך געגן דעם רבים פון עוסקים להשכיחם תורתך. דאָס איז די העלדישקייט פון די מרביצי תורה געגן די מרביצי עם־הארצות.

דאָס איז דער נס פון יוסף הצדיק אין דעם ארץ הטומאה; פונ'ם פך שמן מיט'ן כהונה־גדולה סטעמפּעל, וואָס האָט פאַרטריבען פינסטערניש פון אַסימילאַציע דורך אַטראַקציע צי דורך צוואַנג. דאָס איז די גבורה פון די גרינדער און דערהאַלטער פון ישיבות, בית יעקב שולען און דאָס גלייכען, אין אונזער צייט, בימים ההם, אין יענע טעג, בזמן הזה, אין אונזער צייט.

### ג־ט'ס גייסט איז אין אים

**ויאמר** פרעה, הנמצא כזה איש אשר רוח אלוקים בו. „האָט פרעה געזאָגט: געפינט זיך נאָך אַ מענש ווי דער וואָס ג־ט'ס גייסט איז אין אים!" (מ"א, ל"ח), האָט פרעה אויסגערופען אין גרויס פאַר־וואונדערונג.

אייגענטליך האָט געדאַרפט שטיין, לויט'ן לשון־קודש'דיגען זאַץ־געבוי, „אשר בו רוח אלוקים", און נישט „אשר רוח אלוקים בו". נאָר ווייזט אויס, אַז דער דגש איז דאָ אויף „בו". דער מלך פון מצרים האָט זעענדיג יוסף'ן זיך געוואונדערט וואָס „ג־ט'ס גייסט איז אין אים". אויסערליך זעט מען עס נישט.

יוסף איז גאָר געווען אַן „אויסגעפּוצטער", „האָט געקרייזעלט זיינע האָר און אַכטונג געגעבען ער זאָל זיין שיין אָנגעטאָן", היה מסלסל בשערו ומתקן בבגדו, זאָגט רש"י. זיין צדקות איז געווען פאַרבאָרגען, זיין גרויסקייט — באַהאַלטען, זיין געטליכע גייסטיגקייט — פאַרדעקט. אשר רוח אלוקים בו, ג־ט'ס גייסט האָט געלייכט בלויז אין אים, בלויז אין

זיין אינערליכסטער פנימיות. נאָר ווען אַ שיין האָט דורכגעלייכט, ווען ס'איז געווען נויטיג, אינדרויסען, האָט מען דערזען אַ שטראַל.

ווען פרעה האָט דערנאָך אויסגערופען: אין נבון וחכם כמוך, „ניטאָ נאָך אַזאַ פאַרשטענדיגער און קלוגער ווי דו" (מ"א, ל"ט), איז וואָס ער האָט דערזען אין אים איז געווען ניט בלויז חכמה, נאָר אויך יוסף'ס ר א ש י ת חכמה, וואָס איז געקומען פון זיין רוח אלוקים בו, פון זיין פנימיות'דיגען מהות.

די צניעות'דיגע באַהאַלטענקייט פון אינערליכען וועזען איז אַן אייגענשאַפט פון עכטע צדיקים. זייער ליכט איז פאַרבאָרגען. ניט בלויז פאַר אַנדערע, נאָר אַפילו פאַר זיך אַליין. ווייל ס'איז ביי זיי אַזוי נאַטירליך, אַזוי זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז ס'איז אַ טייל פון זייער טבע, אַ חלק פון זייער פערזענליכקייט. ניט בלויז וואָס זיי גרויסען זיך ניט מיט זייער גרויסקייט, נאָר זיי זעען עס אַפילו נישט.

דעריבער האָט משה רבנו געקענט זיין דער ענו מכל האדם, „דער באַשיידענסטער פון יעדען מענשען". ווייל „משה האָט נ י ש ט געוואוסט אַז געשיינט האָט זיין פנים", ומשה לא ידע כי קרן עור פניו (שמות ל"ד, כ"ט).

און ווען ער איז שוין יאָ געוואויר געוואָרען „האָט ער אַרויפגעטאָן אַ מאַסקע אויף זיין פנים", ויתן על פניו מסוה (ל"ד, ל"ג).

איר זעט אַ מין „מאַסקירען"? געוויינליך מאַסקירען זיך מענשען כדי אויסצוזען בעסער ווי זיי זיינען; גרויסע אידען האָבען זיך באַהאַלטען מיט זייער גרויסקייט, האָבען זיך מאַסקירט כדי ניט אַרויסצואווייזען זייער ליכט.

ווי מיר לערנען ביי דער שונמית ווען אלישע איז פאַרבייגעגאַנגען „האָט זי געזאָגט צו איר מאַן: איך ווייס, אַז אַ הייליגער מאַן גייט פאַרביי דורך אונז תמיד". ותאמר אל אישה, הנה ידעתי כי איש קדוש עובר עלינו תמיד (מלכים ב' ד, ט').

פרעגט דערויף די גמרא: „פונוואַנען האָט זי געוואוסט?" מנין ידעה?

אייגענטליך, וואָס איז די פראַגע? אַ געטליכער מאַן גייט דורך — ווייסט מען נישט, הערט מען נישט?

אָבער די גמרא, ווייזט אויס, נעמט אָן, אַז ביי אַ איש אלוקים ווייסט טאַקע נישט די וועלט זיין גרויסקייט. ווער זאָגט עס אַז גרויסע צדיקים זיינען נתגלה געוואָרען? באמת זיינען זיי געווען נסתרים אַפילו

ווען זיי זיינען געוועזן מפורסמים. בלויז אַ שטראַל האָט זיך דורכגעריסען דורכ'ן פאַנצער פון זייער פאַרבאַרגענקייט.

ווען דאָס איז געשען ביי יוסף'ן האָט פרעה דערזען אין אים דעם רוח אלוקים בו, „ג־ט'ס גייסט אין אים".

פיר שייכות'ן צווישען מקץ און חנוכה

פאַראַן פאָלגענדע שייכות'ן צווישען פרשת מקץ און חנוכה, וואָס מיר וועלען אָנצייכענען בקיצור:

א) יוסף איז אַרויס פון דער תפיסה צו פרייהייט, צו מלכות. דאָס זעלבע איז געשען אין דעם חשמונאים־קאַמף און נצחון: אידען זיינען אַרויס פון פרעמדער הערשאַפט צו פרייהייט און אומאָפהענגיגקייט.

ב) יוסף איז געווען דער שוואַכער, דער „אונטער פריווילעגירטער", און דווקא ער איז געוואָרען דער מאַכטהאָבער, דער שני למלך. אַזוי איז אויך געשען אין מכבים־קאַמף: די אידען זיינען געווען די ווייניגע אין צאָל און די שוואַכע אין כוח, און געשען איז, אַז זיי זיינען אַרויס די זיגער: גבורים ביד חלשים, רבים ביד מעטים.

ג) יוסף איז געווען דער נרדף, דער, וועמען די אייגענע ברידער האָבען גע'רודפ'ט, און ער האָט מנצח געווען. אַזוי איז אויך געווען מיט די מכבים: זיי זיינען געווען די געיאָגטע און אונטערדריקטע, און זיינען געוואָרען די זיגער.

ד) יוספ'ס פלאָג איז געווען שכחה, דאָס פאַרגעסען: וישכחהו, דער שר המשקים האָט אים פאַרגעסען און ער איז געבליבען אין תפיסה. אנטיוכוס און זיין אימפעריע האָבען געוואָלט מאַכען פאַרגעסען די אידען די תורה, להשכיחם תורתך. דער לימוד פוןביידע איז: זכור. אידען זייבען אַ פאָלק פון געדענקען, אַן עם הזכרון.

די ליידיגע זאַנגען שלינגען איין די פולע...

(פון אַ שמועס פון הגאון רבי חיים העלער, זצ"ל)

ותבלענה השבלים הדקות את שבע השבלים הבריאות והמלאות... — „און די דינע זאַנגען האָבען איינגעשלונגען די זיבען געזונטע און פולע זאַנגען"... (בראשית מ"א, ז')

אָט דער חלום פרעה'ס איז געווען, ווען ער איז מקויים געוואָרען, די מכה פאַר די מכות. און די דאָזיגע מכה האָט געפּלאָגט נישט בלויז מצרים... מיר ליידען פון איר ביז'ן היינטיגען טאָג — אויך אין אונזער ציבור־לעבען.

דאס איז, נעמליך, די פלאג פון די ליידיגע זאנגען — פון די ליידיגע קעפ און פוסטע מוחות — וואס פילען אויס מיט זייער ליידיגקייט אלע ערטער, אלע שררות און אמטען, אזוי, אז עס איז ניטא קיין פלאץ מער פאר די שבלים הבריאות והמלאות, פאר די, וואס זיינען געזונט מיט תורה און פול מיט חכמה. פאר די, וואס פארמאגען א סך וויסען און פארשטאנד. זיי, די פולע מיט דעת, ווערען איינגעשלונגען דורך די ליידיגע פון וויסען, דורך די שבלים דקות ושדופות...

די דאזיגע ליידיגע זאנגען זיינען „צומחות אחריהן" שפראצן אויפ'ן חשבון פון די פולע זאנגען.

עס איז שוין אזוי איין דער טבע, אז וואס געזונט איז און ווערטפול, שלינגט נישט איין יענעם. די פאראזיטען זיינען נישט קיין געזונטע באשעפע־נישען, דאס איינשלינגען אנדערע, דאס פאראזיטעווען אויף יענעם איז אליין א קראנקהייט. דער פאראזיט שאפט אליין גארנישט, פראדוצירט גארנישט, דערפילט נישט קיין שום פאזיטיווע פונקציע איין דער נאטור, צי איין דער געזעלשאפט. ער פארזעצט זיך נאר אויף א געזונט און שעפעריש באשעפעניש און — שלינגט עס איין... דער פאראזיט געדייעט אויף יענעמס חשבון, ווערט געבויעט פון יענעמס חורבן...

אזוי איז עס אויך איין סדר העולם. די שבלים דקות ושדופות איין עפענטליכען לעבען, די איגנאראנטישע טומלער, פאראזיטיווען אויף די שעפערישע עלעמענטען, אויף די פראדוקטיווע כוחות, אויף די שבלים הבריאות והמלאות, אויף די, וואס זיינען פול מיט דעת און געזונט מיט געזונטען וויסען...

דער גאון רבי חיים העלער, זצ"ל, האט ריידענדיג אמאל וועגען די איגנאראנטען, וואס פארנעמען קאטעדרעס און רבנות'ן און פלאטפארמעס, און זיינען מרביץ עם הארצות בישראל — אנגעצייכענט די ראל פון דאזיגע שבלים דקות ושדופות, וואס שלינגען איין די פולע, ותבלענה השבלים הדקות את שבע השבלים הבריאות והמלאות.

רבי חיים האט אזוי געזאגט:

מיר לייענען איין משלי (ז', כ"ו): כי רבים חללים הפילה ועצומים כל הרוגיה — „ווארים א סך חללים האט זי אוועקגעלייגט און פיל זיינען אירע דער'הרג'עטע".

זאגט דערויף די גמרא:

כי רבים חללים הפילה —זה תלמיד חכם שלא הגיע להוראה ומורה, דאס מיינט מען א תלמיד חכם, וואס האט נישט דערגרייכט צו קענען פסק'ענען,

מדריך זיין, און ער טוט עס יאָ. ועצומים כל הרוגיה — זה תלמיד חכם שהגיע להוראה ואינו מורה, דאָס איז אַ תלמיד חכם, וואָס האָט יאָ דערגרייכט צו קענען פסק׳ענען, פירען, און פסק׳ענט נישט און פירט נישט (סוטה כ״ב, א).

האָט רבי חיים געפרעגט:

דאָס איז אומפאַרשטענדליך, אַז די קרבנות פון די צווייטע, פון די, וואָס זיינען ראוי צו פאַרנעמען רבנות־פאָסטענס און פאַרנעמען נישט, זאָלען זיין מער ווי די פון די ערשטע, פון די, וואָס זיינען נישט ראוי און פאַרנעמען יאָ אַמטען. די סברא איז דאָך פונקט פאַרקערט, אַז דער, וואָס קען נישט און איז אַ מדריך, איז מער שעדליך איידער דער, וואָס קען יאָ און ווירקט נישט. פאַרוואָס ווענדט אָן די גמרא אויף די ערשטע דעם פסוק ר ב י ם חללים, „פיל״, בעת בנוגע די צווייטע ווענדט אָן די גמרא דעם אויסדרוק פון דער צווייטער העלפט פונ׳ם פסוק, ו ע צ ו מ י ם כל הרוגיה, וואָס דאָס מיינט, אומגעהויערע צאָלען, דאָס הייסט, פיל מער?

ענטפערט ר׳ חיים: די גאַנצע גמרא רעדט וועגען א י י ן קאַטעגאָריע, נעמליך, וועגען די שלא הגיעו להוראה, די נישט־דערגאַנגענע „גייסטיגע פירער״, די נישט־דערבאַקענע האַלב־אונטעליגענטען און גאַנצע עם־הארצים, וואָס פאַרקויפען פאַר אַ גוטען פרייז זייער איגנאָראַנץ, וואָס פאַרשפרייטען בהרחבה זייער אוניווערסאַל אומוויסען. וואָס זיינען מורי הוראה בישראל.

אַזעלכער איז גרויס זיין זינד וואָס ער נעמט זיך אָן אַמט, וואָס ער איז נישט ראוי דערצו. דאָס איז רבים חללים הפילה, ווייל ער איז מרביץ עם הארצות, שאַפט גייסטיגע קאַליקעס, הרג׳עט אָפּ דעם חשק צו לערנען, לייגט אַוועק דאָס אינטעלעקטועלע לעבען.

אָבער נאָך גרעסער איז דער שאָדען, וואָס אַזעלכער פאַראורזאַכט, דערמיט וואָס ער איז גורם, אַז מי שראוי להוראה אינו מורה, אַז דער למדן, דער בר־דעת, דער געלערנטער, דער איידעלער, דער באַשיידענער בעל מדות און בעל מדע איז נישט משפיע, לערנט נישט אַנדערע, פירט נישט — ווייל דער ניט־קענער פאַרנעמט זיין פּלאַץ, ווייל דער „שאינו ראוי״ פילט אויס דאָס אַמט פונ׳ם „ראוי״. ווייל די שבלים שדופות שלינגען איין די שבלים מלאות...

דאָס איז אַ מכה, וואָס פייניגט בכלל דאָס אידישע לעבען אין אַמעריקע. דאָס עם הארצות איז גלענצענד אָרגאַניזירט און פינאַנסירט, און פאַרנעמט דעם סאַמע אויבען־אָן — אומעטום. און דאָס דאָזיגע געדייעט און מערט זיך ווי קראַנקע צעלען אין אַן אָרגאַניזם... און זאָרגט פאַר זיין וואַקסען און מערען זיך אויפ׳ן חשבון פון וויסען. די שבלים שדופות וואַקסען און די שבלים מלאות ווערען דורך זיי איינגעשלונגען...

# וַיִּגַּשׁ

די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר׳ן אידישען קינד אין פרעמדע נעגעל

**ויגש** אליו יהודה... — „האָט יהודה גענענט צו אים״.. צו וועמען האָט יהודה גענענט? מיר ווייסען עס היינט, אַז דאָס איז געווען יוסף. אָבער דאָס זענען מיר דאָך „קלוג-געוואָרען דערנאָך״. יהודה האָט עס דאָך ניט געוואוסט. יהודה האָט דאָך געמיינט, אַז ער רעדט דאָ צום וויצע־קעניג פון מצרים, וועלכער האָט נאָך דערצו די זעלבע מאַכט וואָס פרעה, כי כמוך כפרעה — „וואָרים דו ביזט אַזוי ווי פרעה״.

און וואָס און ווי אַזוי האָט יהודה גערעדט צו אָט דעם מאַכטהאָבער? „און זאָל דיין צאָרן ניט גרימען״, ואל יחר אפך, זאָגט יהודה. און אַז ער האָט געבעטען, אַז זיין צאָרן זאָל ניט גרימען, זיינען דאָך געווען גענוג סיבות ער זאָל יאָ גרימען. ווי רש״י דרינגט דערפון אַרויס, אַז „האַרבע רייד האָט ער גערעדט מיט יוסף׳ן״ (מכאן אתה למד שדבר אליו קשות). און נאָך ווי האַרב! יהודה האָט ניט מער און ניט ווייניגער, נאָר געדראָט דעם מצרישען וויצע-קעניג מיט טויט! און ניט בלויז אים, נאָר אויך פרעה׳ן! „אויב דו וועסט מיך דערצערענען, וועל איך הרג׳ענען דיך און דיין האַר״, דראָט יהודה (אם תקניטני, אהרוג אותך ואת אדונך, זאָגט רש״י, פונ׳ם מדרש).

נאָך מער, די שבטים האָבען באַשלאָסען, לויט׳ן מדרש, צו גיין אין מלחמה געגען גאַנץ מצרים. יהודה׳ס קריגס-דערקלערונג איז דעריבער געווען אַ גאַנץ ערנסטע. יהודה האָט טאַקע גערעדט איידעל, אָבער אין זיינע ווייכע רייד האָט ער איינגעוויקעלט אַ גאָר האַרטע דראָאונג.

(ווען טשוירטשיל האָט געשיקט זיין קריגס-דערקלערונג צו יאַפּאַן, וואו ער האָט געדראָט דער דאָזיגער מלוכה מיט פולשטענדיגער פאַרניכטונג, האָט ער די דאָזיגע נאָטע פאַרענדיגט מיט „אייער געהאָרכזאַמער דינער״... ווען טשוירטשיל האָט געבראַכט די נאָטע, מיט דער העפליכער פאַרענדיגונג, אין זיינע קריגס-זכרונות, האָט ער דאַן צוגעשריבען אַ באַמערקונג: „ווען דו האַלטסט ביי הרג׳ענען דיין שונא, קאָסט עס דיך גאָרנישט צו זיין העפליך״...).

פרעגט זיך: ווי האָט זיך עס יהודה פאַרנומען איינער אַליין, צי אפילו מיט 9 פון זיינע ברידער, געגען אַ מעכטיגער אימפעריע? ווי האָט ער נישט געקלערט וועגן די אויסזיכטען פון אָט דעם נישט-גלייכען קאַמף? ווי האָט ער נישט געטראַכט וועגן די קאָנסעקווענצען פון אַזאַ שריט? ווי אַזוי האָט ער נישט אויסגע׳חשבונ׳ט וואָס פאַר אַן אָפּקלאַנג דאָס וועט אַרויסרופען ביי די פעלקער? „וואָס וועט דערויף זאָגען די וועלט?״ האָט דאָך יעקב אַקאָרשט געהאַט געשטראָפט שמעונ׳ען און לוי׳ן: „איר האָט מיך פאַראומגליקט, מיך צו פאַר׳מיאוס׳ן ביי די באַוואוינער פונ׳ם לאַנד״... (ויאמר יעקב אל שמעון ואל לוי, עכרתם אותי להבאישני ביושב הארץ. — בראשית ל״ד, ל׳). פאַרוואָס האָט יהודה דאָס אַלץ נישט אויסגערעכענט איידער ער האָט זיך פאַרנומען, מיט נאַקעטע פויסטען, געגען דער אומגעהויערער איבערמאַכט פון דער אימפעריע מצרים?

אויף די אַלע פראַגען און קשיות הערען מיר אין יהודה׳ס לאַנגע רייד בלויז איין ענטפער:

כי עבדך ערב את הנער — „וואָרים דיין קנעכט איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר׳ן אינגעל״.

איז דאָס אויך אַ קנאַפּער תירוץ. און אַז יהודה איז פאַראַנטוואָרטליך — איז וואָס? איז דאָס מחייב דעם וויצע-קעניג פון מצרים? גיט עס אים, יהודה׳ן, מאַכט, און באַרעכטיגונג, צו אַזאַ אומבאַרעכענטען שריט?

נאָר דאָ האָט יהודה, דער סימבאָל פון אידישער מאַיעסטעט, אַוועקגעשטעלט אַ יסוד, וואָס, ווי יעדער יסוד פון דער תורה, גילט אין דער אייביגקייט:

פיל די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם אידישען קינד און — מאַך ניט קיין חשבונות!

אויב אַ אידיש קינד איז געפאַנגען אין פרעמדע הענט — שריי! שריי אויס דיין פּראָטעסט! קעמף, קעמף מיט מסירת נפש ווען אַ אידיש קינד ווערט צוגערויבט פון זיין פאָלק!

כי עבדך ערב את הנער — ביזט פאַראַנטוואָרטליך פאַר׳ן קינד, און — פאַרמעסט דיך געגען דער גאַנצער איבערמאַכט פון אַן אימפעריע! קעמף געגען די פינסטערסטע כוחות פון טיראַניי צי קירכע — אין מצרים זיינען עס געוועןביידע צוזאַמען — ווען עס גייט אין ראַטעווען אַ אידיש קינד!

כי עבדך ערב את הנער — ווער עס פילט די טיפקייט און הייליגקייט פון אָט דער אחריות — דער חשבונ׳ט ניט אויס צי עס וועט זיך איינגעבען; דער קלערט ניט צי עס לוינט זיך; דער פאַרמעסט זיך געגען וואָסערע

כוחות עס זאָלען ניט זיין; דער שרעקט זיך ניט פאַר קיין שום קאָנסעקווענצען.

די אחריות פאַר'ן אידישען קינד — דער „כי עבדך ערב את הנער" — אָט דאָס איז געווען דער מעכטיגער כוח, וואָס האָט געטריבען יונגע אידישע מענשען נאָך דעם חורבן אייראָפּע אַרויסצורייסען מיט דער גרעסטער מסירת נפש די קדושים'ס קינדער — פון די נעגעל פון גלחים און נאָנעס. זיי האָבען מיט אָרימע מיטלען, מיט שוואַכע כוחות זיך פאַרמאָסטען געגען קרייץ, וואָס האָט, נאָכ'ן שותפות מיט'ן האַקענקרייץ, זיך פאַרנומען צוצורויבען די אידישע קינדער, וואָס די דייטשען האָבען נישט באַוויזען אויסצומאָרדען.

כי עבדך ערב את הנער — אָט דאָס האָט געטריבען די יונגע אידען פון דער אידישער בריגאַדע פון ארץ ישראל, פון דער „בריחה", די שליחים פון פועלי אגודת ישראל, און שפּעטער די פון „פדיון ילדים" אין אַמעריקע — צו ראַטעווען קינדער פון שמד.

ועתה ישב נא עבדך תחת הנער — „און איצט, איך בעט דיך, זאָל דיין קנעכט בלייבען אַנשטאָט דעם אינגעל" (בראשית מ"ה, ל"ג). יהודה איז גרייט צו קרבנות, צו תפיסה, תחת הנער, פאַר אָפּראַטעווען דאָס אידישע קינד. פונקט ווי די „פעילים", וואָס זיי זיינען עס די באַשולדיגטע אויף די פּראָצעסען געגען זיי, און נישט יענער „הס קטגור", וואָס האָט געפאָדערט צו פאַרטרייבען פון ישראל יענע פון זיי, וואָס זיינען געקומען פון אַמעריקע; צו פאַרטרייבען זיי, אַנשטאָט די פרעמדע, מיסיאָנערישע נשמה־כאַפּערס.

כי עבדך ערב את הנער... אַן עכאָ דערפון הילכט־אָפּ קלאָר אין די ווערטער פון די באַשולדיגטע־באַשולדיגער, די פעילים, וואָס זיי האָבען געלאָזט הערען ווען מ'האָט זיי באַשולדיגט אין געריכט פאַר אַ דעמאָנסטראַציע געגען מיסיאָנערן. כי עבדך ערב את הנער — דאָס איז דער ענטפער. אחריות פאַר'ן אידישען קינד!

### צען פונקטען

אין מאָמענט ווען די מענשליכע דראַמע פון יוסף'ן און זיינע ברידער דערנענטערט זיך צום קלימאַקס, דערשיינען כמעט איינצייטיג צען היוכפּונקטען, וואָס יעדער פון זיי פאַרדינט אַ באַזונדערע אַריינטראַכטונג.

פונקט נומער פינף:

פון אַ משפחה ווערט אַ פאָלק. ביז איצט האָבען מיר געהאַט צו טאָן מיט אַ פאַמיליע. איצט קומען אַרויס יעקב'ס הויזגעזינד פונ'ם ענגען קרייז פון שאָף־פאַסטוכער — אויף דער וועלט־אַרענע — אַלס פ אָ ל ק! די בני יעקב קומען אַרויס פונ'ם רשות היחיד צום רשות הרבים.

פונקט נומער צוויי:

ווען איר הערט זיך איין אין יהודה׳ס רייד צו יוסף׳ן הערט איר אַן ענליכקייט צו משה׳ס רייד שפּעטער. איין ליניע פון מנהיגים פון די בני ישראל.

יהודה: „און איצט, בעט איך דיך, זאָל דיין קנעכט בלייבן, אַנ־שטאָט דעם אינגעל, אַ קנעכט צו מיין האַר״, ועתה ישב נא עבדך תחת הנער עבד לאדוני (מ״ד, ל ג). אַזוי איז דער מנהיג גרייט זיך מקריב צו זיין, פּונקט ווי משה רבנו שפּעטער: „אויב נישט״ (אויב דו ווילסט נישט מוחל זיין די אידען) „מעק מיך אויס פון דיין בוך״, ואם אין מחני נא מספרך.

פונקט נומער דריי:

לויט׳ן מדרש האָבן די ברידער זיך צעשפּרייט איבער גאַנץ מצרים. דאָ האָט איר דעם קאָנטראַסט. יוסף איז געווען אַן אָפּגעזונדערטער, גע־גאַנגען זיין אייגענעם וועג, אַן אינדיווידואַליסט, ווי מיר וואָלטען אים היינט באַצייכענט. אַ נזיר אחיו, אַן „אָפּגעשיידטער פון זיינע ברידער״ ווי יעקב רופט אים אָן. דערפון דער קעגענזאַץ צווישן די שבטים און יוסף׳ן.

פונקט נומער פיר:

„און זיינע ברידער האָבן אים נישט געקענט ענטפערן, ווייל זיי זיינען דערשראָקען געוואָרען פאַר אים״ (מ״ה, ג׳). „ולא יכלו אחיו לענות אותו כי נבהלו מפניו״. די ברידער האָבן מיט איין מאָל דערזען פאַר זיך די וואונדערליכע האַנט פון דער השגחה, וועלכע פירט דורך פאַרשידענע וועגען צום ציל. זיי האָבן געטאָן אַלץ מעגליך כדי אומ־מעגליך צו מאַכן דאָס מקוים ווערען פון יוסף׳ס חלום — אַריינגעוואָרפען יוסף׳ן אין אַ גרוב, פאַרקויפט אים פאַר אַ קנעכט, און אָט שטייט דער ח ל ו ם פאַר זיי — אַ לעבעדיגע ו ו י ר ק ל ע כ ק י י ט! דער בעל החלומות פון וועלכען זיי האָבן אָפּגעשפּעט, אָפּגעלאַכט, „הנה בעל החלומות הלזה״, שטייט פאַר זיי — אַ הערשער, און קעניגליכער מאַיסטעט.

דאָ זיינען זיי געוואָרען אַזוי דערציטערט ווען זיי האָבן געזען פאַר זיך די האַנט פון דער השגחה, אַנטפּלעקט אין יוסף׳ס וואונדערליכע פּאַסירונגען.

פונקט נומער פינף:

די שבטים זיינען דאָך געווען גבורים. קיין מוט האָט זיי נישט

געפעלט. אַט האָבען זיי זיך דאַך פאַרנומען, ווי דער מדרש דערציילט, חרוב צו מאַכען גאַנץ מצרים. און דאָ פלוצים: „נבהלו מפניו״, זיינען זיי אַזוי פאַרציטערט געוואָרען, אַז ס׳איז זיי אָפּגענומען געוואָרען ס׳לשון. וואָס איז דאָ פלוצים געשען? פון וואַנען די דאָזיגע גרויסע ענדערונג?

נאָר די שבטים זיינען געווען שטאַרקע בלויז מיט׳ן כח פון אמת. זיי זיינען געווען גבורים כל זמן זיי האָבען געגלויבט, אַז זיי זיינען גערעכט. קוים אָבער זיינען זיי געשטאַנען פנים אל פנים מיט דעם אמת; נ י ש ט אויף זייער זייט, נאָר גאָר אויפ׳ן צווייטען צד: קוים האָבען זיי געזען פאַר זיך דעם אמת פון „אני יוסף״, איז ביי זיי צוגענומען געוואָרען זייער כוח און זייער מוט.

ווייל ביידע האָבען זיי געשעפּט פון מאָראַלישע קוואַלען, פון עטישען יסוד.

פונקט נומער זעקס:

אויף „אל תרגזו בדרך״, „איר זאָלט אייך נישט קריגען אויפ׳ן וועג״, זאָגט די גמרא: „אל תתעסקו בדרך בדבר הלכה״, „איר זאָלט נישט עוסק זיין אויפ׳ן וועג אין אַ דבר־הלכה״. דאָס מיינט צו זאָגען: מאַכט נישט פון קריגערייען קיין דבר הלכה... וד״ל.

און פאַרקערט אויך: מאַכט נישט פון אַ דבר הלכה קיין קריגערייען...

פונקט נומער זיבען:

די גמרא אויף „אל תרגזו בדרך״ גייט אַזוי: „אמר ר׳ אלעזר, אמר להם אל תתעסקו בדרך בדבר הלכה. במתניתא תנא אמר להם, אל תפסיעו פסיעה גסה ותכנסו חמה לעיר״. „איר זאָלט נישט מאַכען קיין גרויסע שפּאַנען און איר זאָלט אַריינקומען אין שטאָט אַריין ווען די זון לייכט״ (תענית י׳, ב׳).

איז די גמרא אַביסעל שווער. ערשטענס, ווי קומען די ביידע אויס־טייטשען איינע צו די אַנדערער? דאָ רעדט זיך וועגען עוסק זיין אין הלכה, און דאָ גאָר וועגען גרויסע שפּאַנען, ווי פּאַסט זיך עס איינס צום אַנדערען? צווייטענס, וואָס מיינט דער זאַץ „מאַכט נישט קיין גרויסע שפּאַנען״ כדי איר זאָלט קענען פרי אַריינקומען אין שטאָט, ווען די זון שיינט נאָך? פאַרקערט, ווען מ׳מאַכט קליינע שפּאַנען דויערט דאָך דער וועג לענגער?

דאַכט זיך, אַז מ׳קען דאָ זען אַ רמז אָדער אַן אסמכתא אויף אַן אָנווייזונג נישט צו דערווייטערען זיך פונ׳ם פשט. די מתניתא דערקלערט ווי אַזוי מ׳זאָל נ י ש ט עוסק זיין אין אַ דבר הלכה: נישט מאַכען קיין

גרויסע שפּאַנען, קיין פסיעה גסה, וואָס זאָל אָוועקפירען פונ׳ם גלייכען וועג, פונ׳ם שכל הישר; שפּאַנען וואָס זאָל דערוויטערען פונ׳ם פשט.

„ותכנסו חמה לעיר״, „און איר וועט אַריינברענגען די זון אין שטאָט אַריין״. דאָס מיינט צו זאָגען, אַז ווען איר וועט נישט מאַכען קיין פסיעה גסה, ווען איר וועט עוסק זיין אין הלכה לויט׳ן גלייכען שכל, וועט די הלכה זיין קלאָר פאַר אייך, קלאָר און ליכטיג ווי די זון, „וועט איר אַריינברענגען די זון״. דאָס מיינט: „אַל תפסיעו פסיעה גסה ותכנסו חמה לעיר״: ווען איר וועט נישט מאַכען קיין „וויטען שפּאַן״, ווייט פונ׳ם פשט, וועט איר אָנקומען צום ציל...

פונקט נומער אַכט:

ס׳ערשטע מאָל אין דער געשיכטע — אַ רעוואָלט פון אַ ה ע ר ש ע ר קעגען שקלאַפעריי:

די מצריים בעטען זיך: „קויף אָפּ אונז און אונזער ערד פאַר ברויט, און מיר און אונזער ערד וועלען זיין קנעכט צו פרעה׳ן״ (מ״ז, י״ט). „קנה אותנו ואת אדמתנו בלחם, ונהיה אנחנו ואדמתנו עבדים לפרעה״.

ענטפערט דערויף יוסף: ערד קויפען יאָ, אָבער מענשען פאַרשקלאַפען — ניין! „יוסף האָט געקויפט די גאַנצע ערד פון מצרים״, „ויקן יוסף את כל אדמת מצרים״, — אָבער נישט די מענשען! זיי האָבען געדאַרפט בלויז באַאַרבעטען דעם באָדען — אַלס פרייע.

ס׳זיינען פאַרגעקומען אין דער געשיכטע רעוואָלטען פון שקלאַפען קעגען זייערע פאַרשקלאַפער, אָבער אַז אַ הערשער זאָל רעוואָלטירען קעגען קנעכטשאַפט — דאָס איז אַ וואונדער, וואָס מיר זעען דאָ דאָס ערשטע מאָל.

פונקט נומער ניין:

שוין אין מצרים האָבען די גלחים באַזעסען גרויסע שטחים באָדען. זיי האָבען אַליין נישט באַאַרבעט די ערד, געטאָן האָבען עס פאַר זיי קנעכט. און אַזוי איז עס געווען אין דער קריסטליכער וועלט, ביז אונזער צייט. און דאָס איז אויך געווען אַ פאַקטאָר פון טיראַנען־רעזשימען. מיר לייענען „נאָר די ערד פון די גלחים האָט ער נישט אָפּגעקויפט״... (מ״ז, כ״ב). „רק אדמת הכהנים לא קנה״.

האָט די תורה געבאָטען, אַז ביי אידען זאָלען די כהנים און לווים נישט באַזיצען קיין ש ו ם באָדען — אין עקסטרעמען קעגענזאַץ צו דער נישט־אידישער וועלט, וואו די גייסטליכע האָבען אָנגעזאַמעלט באָדען אויפ׳ן חשבון פונ׳ם פאָלק.

פונקט נומער צען:

דאָס ערשטע מאָל געפינען מיר דאָ אין דער תורה פאַרשידענע פּרטים פונ׳ם איגערליכען לעבען פון מצרים: פון זייערע אָרדענונגען, מנהגים, פון זייער רעזשים. אַזוי האָבען מיר פאַר זיך אַ הינטערגרונד, אויף וועלכען ס׳האָבען זיך אַנטוויקעלט די פּאַסירונגען מיט אידען.

אָבער דער גאַנצער לויף פון די געשעענישען, און די אויספאָרמונג פונ׳ם אידישען פאָלקס־וועזען, ווייזט, אַז די מצרישע סביבה, פון קנעכט־שאַפט, פון אויסנוצעריי, האָט אַנטוויקעלט — נאָך פון יוסף׳ן אָן ביז משה׳ן — איין גרויסען בונט קעגען די אַלע דאָזיגע אָרדענונגען, געגען טיראַניי, קנעכטשאַפט. די יהדות־אַנשויאונג איז אין שאַרפסטען קאָנטראַסט צו אַלעמען וואָס ס׳האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט מצרים. מצרים איז געווען פאַר אידען אַ גוטע שולע וויאַזוי נישט צו זיין.

## ווי אַזוי ביישטיין אין גלות?

(פון אַ דרשה פונ׳ם פּאָנעוועזשער רב הגאון רבי יוסף כהנמאן שליט״א)

וישב ישראל בארץ מצרים... — „און ישראל האָט זיך באַזעצט אין לאַנד מצרים״... (מ״ז, כ״ז).

פרעגט זיך: אויף וישב יעקב בארץ מגורי אביו, „און יעקב האָט זיך באַזעצט אין לאַנד פון דער וואוינונג פון זיין פאָטער״, זאָגען די חז״ל, אַז „אין ישיבה אלא בארץ ישראל״, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין באַזעצן זיך נאָר אין ארץ ישראל. אַזוי שטייט אין פרשת וישב. איז דאָך אַ סתירה צו דעם פונ׳ם פּסוק אין ויגש, וואו עס שטייט בפירוש: וישב ישראל בארץ מצרים?

אַ צווייטע פראַגע: פאַרוואָס שטייט דאָ, אין ויגש, „וישב ישראל״, בעת אין פרשת וישב שטייט „וישב יעקב״?

כדי מיר זאָלען דאָס פאַרשטיין, לאָמיר צוריקגיין צו אַ נאָך פריערדיגער סדרה, צו ויצא.

דאָרט לייענען מיר: ויאמר ה׳ אל יעקב, שוב אל ארץ אבותיך ולמולדתך... — „און ג־ט האָט געזאָגט צו יעקב׳ן, קער זיך אום צו דעם לאַנד פון דיינע עלטערן און צו דייך אָפּשטאַם״... (ל״א, ג׳).

זאָגט דערויף דער מדרש: עס שטייט: זעקתי אליך ה׳. אמרתי, אתה מחסי, חלקי בארץ החיים —

„איך שריי צו דיר, ג־ט,
איך זאָג: ביזט מיין באַשיצונג,
מיין טייל אין דעם לאַנד
פון די לעבעדיגע״...

(תהלים קמ״ב, ו׳).

יעקב אבינו, ווען ער איז געווען אין דער פרעמד, האָט ער געוואוסט, אַז ער איז אין סכנה. גלות איז בחזקת סכנה. יעדער גלות. אין סאַמע אָנהויב פון זיין גלות־וועג האָט יעקב זיך געבעטען: אם יהיה אלוקים עמדי ושמרני בדרך הזה אשר אנכי הולך... — „אויב ג־ט וועט זיין מיט מיר און וועט מיך היטען אויף דעם דאָזיגען וועג, וואָס איך גיי״... (כ״ח, כ׳).

„דער דאָזיגער וועג״, דער וועג פון גלות, דאַרף אַ באַזונדערע שמירה. ווען דער ערשטער איד גייט אין ערשטען גלות, זעט ער די געפאַרען, וואָס לויערען אויף „דעם דאָזיגען וועג״, און איז מתפלל: ו ש מ ר נ י בדרך הזה. און ביז היינט בעטען מיר: ש מ ו ר שארית ישראל, רבונו של עולם, ה י ט! מיר בעטען: שמור ש א ר י ת ישראל — „היט דאָס א י ב ע ר־ ב ל י י ב ע נ י ש פון אידען״. ווייל אין גלות זיינען מיר שטענדיג אַן איבער־בלייבעניש. בפרט היינט, ווען די דייטשען, ימ״ש, האָבען אויסגעה׳רג׳עט מיליאָנען, זיינען מיר אַלע אַ שארית, אַן עם שרידי חרב, אַ פאַלק פון אַנטרינענע.

ווען יעקב אבינו האָט געהערט דעם רוף: שוב אל ארץ אבותיך, האָט ער געזאָגט: זעקתי אליך ה׳, אמרתי, אתה מחסי, אין מיינע גלות־יאָרען האָב איך שטענדיג געשריגען צו ג־ט, דו ביזט מיין באַשיצונג — אָבער נישט דאָרט איז מיין אָרט; חלקי בארץ החיים, מיין חלק איז אין ארץ ישראל, אין לאַנד פון לעבען, פון זיכערן לעבען, פון א י י ג ע נ ע ם לעבען.

יעקב האָט געוואוסט, אַז וישב איז נאָר אין ארץ ישראל, בלויז דאָרט איז זיין היים; אַז זיין לעבען איז אין לאַנד פון לעבען.

אָט דעם רוף, שוב אל ארץ אבותיך ולמולדתך, הערען זיינע קינדער אייביג. און זיי קומען צוריק. און תורה קומט צוריק קיין ארץ ישראל.

ווייל פאַראַן תורה אין יעדען איד, מען דאַרף נאָר אויפוועקען. מיר בעטען: ותן חלקנו בתורתך. מיר מ אָ נ ע ן אונזער חלק אין תורה, ווייל יעדער איד האָט אַ חלק אין תורה — דאַרף מען עס אים צוריקגעבען, אָ פ ג ע ב ע ן זיין חלק.

ווען איך בין געקומען קיין ארץ ישראל מיט יאָרען צוריק, און מען

האָט געזען די חלוצים, ווי זיי קומען, ווי זיי בויען — האָט מען געזאָגט מיט שרעק: ווער ווייסט וואָס זיי וועלען דאָ אויסבויען... האָב איך דעמאָלט געזאָגט: זעצט אַוועק סופרים און זאָלען זיי שרייבען תפילין און מזוזות פאַר אָט דער קיבוצים־יוגענט... לאָמיר בויען ישיבות פאַר אָט די, וואָס וועלען קומען. היינט קומען צו ירחי כלה, צום לערנען צוויי וואָכען אין דער פאָנעוועזשער ישיבה, אויך חברים פון עין חרוד, פון דעם לינקסטען קיבוץ.

אוודאי פעלט נאָך אַ סך אין ארץ ישראל, און אידען קומען פון דאָרט און רעכענען אויס די פעלערן. אויך איך ווייס וואָס עס פעלט:

עס פעלט אָרט אין די ישיבות — פאַר די קינדער, וואָס קומען מ׳זאָל זיי אַריינגעמען!

און נאָך עפּעס פעלט — ס׳פעלט אחדות.

דער חורבן בית שני איז נישט געקומען דורך פעלען פון תורה. אין דעם זמן פון בית ראשון האָט געפעלט תורה. על מה אבדה ארץ? על עזבם את תורתי, ווערט געזאָגט. אָבער דער בית שני איז חרוב געוואָרען, הגם עס איז געווען תורה אין ארץ ישראל, נאָר ווייל עס איז געווען שנאת חנם.

וואָס מיינט שנאת חנם? אידען דאַרפען זיין דורכגעדרונגען מיט אהבת ישראל. נישטאָ קיין שום באַגרינדונג פיינט צו האָבען אידען! דעריבער איז יעדע שנאה פון אַ אידען צו אַ אידען שנאת חנם. אויב איינער זאָגט: „איך האָב אים פיינט — אָבער עס איז נישט אומזיסט״, איז עס נישט ריכטיג. ווייל נישטאָ אַזאַ סיבה, וואָס זאָל באַרעכטיגען שנאת ישראל! מען קען האָבען אַ טענה — אָבער שנאה? חס ושלום!

מיר זאָגען ביי ראש־חודש בענשען: מי שעשה נסים לאבותינו וגאל אותם... ווייל ער האָט זיי, אונזערע אבות, אויסגעלייזט. און פאַר וואָסער זכות זאָל ג־ט אונז אויסלייזען? פאַרוואָס, הוא יגאל אותנו? דאָס איז אין זכות פון חברים כל ישראל, פון אידישער איינגקייט, פון אחדות.

דעריבער ווייטאָגען מיר אַזוי אויף דער פירוד. תורה דאַרף ברענגען נישט קיין פירוד, נאָר אחדות!

און וואָס מער לימוד התורה, אַלץ מער איניג וועט זיין דאָס פאָלק. ווי געזאָגט, איז אין יעדען אידען פאַראַן תורה — אונזער אויפגאַבע איז, עס אויפצואוועקען.

און איצט קומען מיר צו דער פראַגע, וואָס מיר האָבען געשטעלט ביים אָנהויב. בעמליך: וועגען דער סתירה אויף דעם, וואָס די חז״ל זאָגען אויף וישב יעקב בארץ מגורי אביו, אַז „אין ישיבה אלא בארץ ישראל״ — פון דעם פסוק אין סוף פון דער היינטיגער סדרה, וישב ישראל בארץ מצרים.

דאָ, אין ויגש, רעדט זיך וועגן וואוינען אין גלות. וואו אַזוי קען מען דאָ וואוינען? ווי אַזוי קען דאָ זיין וישב? איבערזעצט־טייטשט דעם פסוק דער תרגום יונתן בן עוזיאל:

ויתיב ישראל בארעא דמצרים ובנו להון בתי מדרשין... „און ישראל האָט זיך באַזעצט אין לאַנד מצרים און זיי האָבען זיך אויפגעבויט בתי מדרשים צו לערנען תורה..."

און דער מדרש רבה זאָגט אויף דעם פסוק: ואת יהודה שלח לפניו להורות לפניו גושנה, „און יהודה'ן האָט ער געשיקט פאַראויס צו ווייזען אים גושן" (מ"ו, כ"ח) — זאָגט דער מדרש: להתקין לו בית ועד שיהא מורה בו דברי תורה, „ער זאָל צוגרייטען אַ ישיבה צו לערנען דאָרט תורה".

וואָס מיינט עס? אויב וישב בארץ מצרים — מוז עס זיין וישב ישראל, דאַרף זיך באַזעצען ישראל, דאָס הייסט: פון דער מדריגה ישראל, ווי די מפרשים זאָגען. דאָס מיינט, עס דאַרף דאָרט געשאַפען ווערען אַ תורה'־דיגער חינוך, ווי דער מדרש זאָגט: להתקין לו בית ועד שיהא מורין בו דברי תורה, און ווי דער תרגום יונתן: ובנו להון בתי מדרשין. נאָר דורך שאַפען ישיבות, פעסטונגען פון תורה, קען מעןביישטיין אין דער פרעמד, קען מען האָבען די שמירה פאַר דער נשמה, וואָס מען דאַרף אין דעם מקום סכנה וואָס איז די פרעמד, וואָס איז וישב ישראל בארץ מצרים, און אויף וואָס יעקב האָט מתפלל געווען: אם יהיה אלוקים עמדי ושמרני בדרך הזה אשר אנכי הולך. און אויף וואָס מיר זיינען מתפלל צום שומר ישראל — שמור שארית ישראל...

מיר בעטען פאַר באַשיצען דאָס שארית פון הייליגען פאָלק, שמור שארית עם קדוש, און פון דעם שארית פון קדושה פונ'ם עם קדוש.

# וַיְחִי

סוף פון משפחה — אָנהויב פון פאָלק

ויחי . . . דאָ האָבען מיר דעם בילאַנס, דעם סך־הכל פון די אַלע וואַנדערונגען און פּאַסירונגען פון די אבות און זייערע משפחות. דאָ האָבען מיר דעם סוף פון די אבות (אין קורין אבות אלא לשלושה. — ברכות ט״ז, ב׳) און דעם סוף פון דער תקופה.

אָבער אין סוף שטעקט דער אָנהויב. סוף, ענדע פון משפחה — אָנהויב פון פאָלק. ביז איצט האָבען מיר געהאַט צו טאָן מיט יחידים. מיר קענען יעדען ביים נאָמען. מיר פאָלגען נאָך יעדענ׳ס פּאַסירונגען. מיר גייען נאָך יעדענס וואַנדערונגען. מיר האָבען צו טאָן מיט איינצעלנע מענשען.

פון איצט אָן וועלען מיר האָבען פאַר זיך אַ קאָלעקטיוו.

וואו־זשע איז דער טויער, וואָס פאַרמאַכט זיך אונטער אַ משפחה און וואו איז דער טויער, וואָס עפענט זיך פאַר פאָלק?

דאָס איז די היינטיגע סדרה. „ויחי״ איז די איבערגאַנג־סדרה.

און זייענדיג דער אָנהויב גרייכט זי ביז׳ן סוף:

אשר יקרא אתכם באחרית הימים (מ״ט, א׳). „וואָס ס׳וועט אייך טרעפען ביי דעם סוף פון די טעג״.

יעקב׳ס ברכות זענען נישט קיין אינדיווידועלע, ניט באַשטימט פאַר יחידים, נאָר פאַר פאָלקס־טיילען. יעקב׳ס ברכות זענען נישט קיין צייטליכע, נאָר איבערצייטליכע, ביז אחרית הימים...

יחידים ווערען פאָלקס־טיילען. נעמען ווערען באַגריפען. מענשען ווערן סימבאָלען. און זייער „פּריוואַט לעבען״ — געשיכטע.

כל אלה שבטי ישראל שנים עשר, — כיוון שבירך כל אחד לפי צרכו עשה אותן שבטים (אגדת בראשית פרק פ״ב) „די אַלע שבטים פון ישראל, צוועלף אין צאָל, — ווי יעקב האָט זיי אַלע געבענשט, יעדען לויט זיין באַדאַרף, זענען זיי געוואָרען שבטים״.

אויב דער וועג ביז אַהער איז נישט לייכט געווען, איז ער פון דאַנען אָן און ווייטער נאָך שווערער:

ויחי יעקב, — למה פרשה זו סתומה? לפי שכיוון שנפטר יעקב אבינו נסתמו עיניהם ולבם של ישראל מצרת השעבוד... (רש״י) „פאַרוואָס איז די דאָזיגע פרשה אַ פאַרשטאָפּטע?״ — פרעגט רש״י, און ענטפערט: „ווייל ווי אַזוי נאָר יעקב אבינו איז געשטאָרבן זענען פאַרפינסטערט געוואָרען די אויגען און הערצער פון די אידען צוליב דער נויט פון פאַרקנעכטונג״.

ווען דער שוואַרצער שלייער פון גלות לאָזט זיך אַראָפּ אויף פרייע מענשען, איז נישט גענוג די פאַרשקלאַפונג אַליין, נאָר ס׳ווערען נאָך דערצו פאַרשטאָפּט די אויגען און הערצער... אפילו יעקב אַליין, זאָגט דאָך דער „בית יוסף״, איז גערופען געוואָרען אין דער היינטיגער פרשה „יעקב״ און נישט „ישראל״, ווייל ער איז געבליבען אין מצרים שוין נאָכדעם ווי ער האָט געזען יוסף׳ן.

הויבט זיך אָן דער קאַמף קעגען גלות איידער נאָך ס׳הויבט זיך אָן דער גלות אַליין:

יעקב וויל נישט באַגראָבען ווערען אין מצרים. אפילו אין די קעניג־ליכע פיראַמידען און קברים.

מתיירא אני שמא יאמר לך פרעה, קבור אותו כאן אצל קברי מלכים (מדרש הגדול). „איך האָב מורא טאָמער וועט פרעה זאָגען צו דיר, יוסף, באַגראָב אים (יעקב׳ן) דאָ, אין מצרים, אין די קעניגליכע קברים״.

מפני מה השתדל יעקב אבינו לישא את עצמותיו ממצרים? כדי שלא ישבו השבטים במצרים (מדרש הגדול) — „פאַרוואָס האָט יעקב זיך באַמיט, אַז ער זאָל געטראָגען ווערען פון מצרים? כדי די שבטים זאָלען נישט בלייבען וואוינען דאָרט״.

### די מענשליכע נאָטע און דער פאָלקס־לייד

און יעקב גייט ווייטער דערציילען יוסף׳ן:

ואני בבואי מפדן מתה עלי רחל... ווי רש״י טייטשט: צו דיין מוטער רחל האָב איך נישט אַזוי געטאָן... אָבער עס איז געווען על פי הדיבור... ווען נבוזראדן וועט טרייבען די אידען אין גלות אַריין...

געדענקט איר דעם טראַדיציאָנעלען לירישען ניגון פון „ואני בבואי מפדן״, וועלכער האָט אָפּגעקלונגען פון די חדר־יאָרען אויף אַ לעבען אַ גאַנץ?

קיינמאָל האָט אונזער יוגענט־פאַנטאַזיע נישט באַקומען אַזעלכע פליגעל און זיך נישט דערהויבען צו אַזאַ הויך ווי ביי אָט־דעם פסוק.

די טיף־מענשליכע נאָטע פון פערזענליכער טראַגעדיע, פון „מתה עלי רחל" האָט זיך דאָ פאַרמישט מיט צרת האומה, מיט פאָלקס־לייד, מיט דעם בילד, פון ווילהעלם וואַכטעל'ס געמעל „גלות", ווי אידען וואַגלען אין שטורעם און קעלט, געטריבען פון פחד און נויט...

די וועלט איז דעמאָלט געווען פול מיט חלומות פון „ושבו בנים לגבולם", וועלכע האָבען אויסגעקלונגעןביים סוף פון דער דאָזיגער מעלאָדיע פון „ואני בבואי מפדן" ווי אַ טריאומף־מאַרש.

### די ברכה פון יעקב'ס ברכות

דאָן נעמט זיך יעקב בענטשען די קינדער.

מערקווירדיג זענען די דאָזיגע ברכות! נאָכדעם ווי יעקב בענטשט אפרים'ען און מנשה'ן, ווי מ'בענטשט געוויינליך מיט גוטע וואונטשען, זעען מיר עפּעס ברכות פון אַ גאַנץ אַנדערן סאָרט:

ראובן... פחז כמים... שמעון ולוי... כלי חמס מכרתיהם...

זענען דאָס דען ברכות? פאַרקערט, ער זאָגט דאָך זיי גאָר מוסר. ער שטעלט פעסט זייערע חסרונות, ער פאַרשעלט גאָר די דאָזיגע חסרונות: ארור אפם כי עז... „פאַרשאָלטען זאָל ווערען זייער צאָרן, ווייל ער איז שטאַרק"...

זענען דאָס ברכות?

נאָר צו מ'זאָגט אַ מענשען, וואָס ער איז, — איז עס די גרעסטע ברכה!

אַ דאָקטאָר ווען ער טרעפט צו גענוי די דיאַגנאָזע, טוט ער אַ וויכטיגע אַרבעט, נישט ווייניגער וויכטיג פון דעם וואָס ער היילט.

דעריבער האָט יעקב אָנגעהויבען די ברכות מיט אַנאַליזירען די אייגענשאַפטען פון זיינע קינדער, מיט זאָגען יעדען איינעם פון זיי, וואָס ער איז. און דאָס זענען געווען די ריכטיגע ברכות.

ער האָט געזאָגט, למשל, צו שמעון און לוי: „כי באפם הרגו איש וברצונם עקרו שור" (מ"ט, ו'), האָט ער גערעדט דאָ וועגען זייער צאָרן, „באפם", און וועגען זייער ווילען, „וברצונם"; ווען ער האָט אָבער פאַרשאָלטען, האָט ער פאַרשאָלטען בלויז דעם צאָרן, „ארור אפם כי עז", ווייל ווען דער צאָרן פאַלט אַוועק איז דער ווילען אַליין גוט, דער רצון פון די שבטים איז פאַר זיך נאַטירליך גוט.

אפילו ווען יהודה קניט איז ער דער לייב

איצט קומט צו יעקב צו יהודה׳ן. נאָכדעם ווי ער שטעלט פעסט זיין האַרישקייט, זיין שטאַרקייט, (ידך בעורף אויביך, „דיין האַנט אויף די נאַקענס פון דיינע פיינט״), זיין קעניגליכע ווירדע און הערשאַפט (ישתחוו לך בני אביך, „ס׳וועלען זיך צו דיר בוקען דיינע ברידער״), זעען מיר ווידער ווי יעקב שטעלט פעסט די ספּעציפישע אייגענטימליכקייט פון יהודה׳ן, דאָס וועזען זיינס, זיין אינערליכען כאַראַקטער:

גור אריה יהודה... כרע רבץ כאריה... (מ״ט, ט׳) „אַ יונגער לייב איז יהודה... ער קניט און הויערט ווי אַ לייב...״

אייגענטליך, איז דאָ נישט צו פאַרשטיין: דער מערקמאָל פון אַ לייב איז דען דאָס קניען, די הכנעה? איז דאָך די אייגענשאַפט פון אַ לייב צו קעמפען, צו געוועלטיגען? און דאָ זעען מיר גאָר אַ מערקווירדיגען צוזאַמענ־האַנג: יעקב פאַרגלייכט יהודה׳ן צו אַ לייב דורך דעם וואָס יהודה — קניט גאָר, וואָס ער בויגט זיך. ווי געשיקט זיך עס?

נאָר יעקב׳ס ברכה איז געווען, ווי געזאָגט, דאָס פעסטשטעלען, וואָס זיינע קינדער זענען, דאָס דורכדרינגען דורכ׳ן שלייער פון אויסערליכע דערשיינונגען ביז צום סאַמע קערן פון דער נשמה; אַרויסשיילען פון דער שאָלעכץ פון פאַרמעס דעם אינערליכען מהות פונ׳ם מענשען. און יהודה׳ס וועזען איז געווען אָט וואָס:

אינערליכע שטאַרקייט אין אַלע אומשטאַנדען, אָבער באַגרעניצט און באַגרינדעט אויף עטישען כוח.

זייענדיג אַ לייב, האָט יהודה באַוויזען צו זיין אַ לייב וואָס קניט, וואָס קען צוימען זיין „לייבישקייט״, אַזוי צו זאָגען, וואָס קען איינהאַלטען זיין כוח, קען זיך בויגען, כרע רבץ...

אַמאָל זעען מיר דאָך פאַרקערט, ווי אינערליכע שוואַכקייט ווייזט זיך אַרויס אין איבערגעטריבענע אויסערליכע דעמאָנסטראַציעס פון כלומר׳־שטער שטאַרקייט; דאָס איז דער מינדערווערטיגקייטס־קאָמפּלעקס, „אינפער־יאָריטי קאָמפּלעקס״.

דאָס איז דער אונטערשייד צווישען שטאַרקייט און ברוטאַלקייט. ביי יעקב׳ן און די שבטים איז זייער שטאַרקייט באַגרינדעט אויף מאָראַלישע יסודות, אויף יושר און אויף בטחון.

ווי מיר זעען עס אין דעם קאָנטראַסט פון דער ברכה פאַר עשו׳ן און

אין דער ברכה פאַר יעקב'ס קינדער. ווידעראַמאָל: די ברכה — דאָס איז צו זאָגען דעם מענש, וואָס ער איז.

ביי עשו'ן, אפילו ווען ער האָט אַרויסגעוויזען אַ כלומר'שטען פאַרלאַנג נאָך מאַראַלישע ווערטען, ווען ער איז געקומען צו יצחק'ן נאָך אַ ברכה, האָט אָבער יצחק אים געגעבען די ברכה דורך זאָגען אים, וואָס ער, עשו, איז: „על חרבך תחיה", אַ שווערד־מענש.

יעקב, אפילו ווען ער זאָגט: בחרבי ובקשתי (מ"ח, כ"ד) „מיט מיין שווערד און מיט מיין בויגען", דערהערט דער תרגום אונקלוס „בצלותי ובבעותי", „מיט מיין דאַווענען און מיט געבעט", און רש"י טייטשט וואָס איז געווען יעקב'ס שווערד און בויגען: „היא חכמתו ותפילתו", „דאָס איז זיין חכמה און זיין תפילה"...

מיר האָבען עס געלערנט אין דער פריערדיגער סדרה אין דעם פסוק „כי נבהלו מפניו" (מ"ה, ג'), „זיי זענען דערשראָקען געוואָרען פאַר אים" (פאַר יוסף'ן). יהודה און זיינע ברידער זענען געווען קעמפער, העלדען, אָן פחד, זענען געווען גרייט שטענדיג צו קעמפען, אָבער נאָר אַזוי לאַנג ווי זיי האָבען געהאַט מיט זיך איין פאַקטאָר: די מאַראַלישע קראַפט, כל זמן זיי האָבען געוואוסט, אַז דער אמת איז מיט זיי. טאָמער אָבער זענען זיי קאָנפראָנטירט געוואָרען מיט'ן אמת פון „אני יוסף", איז „נבהלו מפניו", זענען געוואָרען דערשראָקען, איז מיט איין מאָל פאַרשוואונדען זייער גאַנצער כוח...

אַזוי דאָ האָט יעקב אָנגעוויזען אויף יהודה'ס מאָראַלישען כוח, אויף זיין כוח צו בויגען זיך טראָץ דעם, וואָס ער איז אַ לייב: כרע רבץ כאריה...

הויבט זיך דאָך אָן דער שולחן ערוך „אורח חיים" מיט די ווערטער: „יתגבר כארי", ער זאָל זיך שטאַרקען ווי אַ לייב; אָבער צו־וואָס? צו עבודת הבורא...

און נאָך עפּעס: אפילו ווען ס'איז כרע רבץ, אפילו ווען ער קניט, איז ער אויך „כאריה", בלייבט ער אויך אַ לייב. דערהאַלט ער די אינערליכע גבורה, די אינערליכע ווירדע.

און אפשר גאָר ערשט דעמאָלט. ערשט דעמאָלט ווען ער איז ביי זיך נידעריג, ווען ער בויגט זיך, איז ער דער לייב.

ווי ס'ווערט דערציילט וועגען קאָצקער רבי'ן זצ"ל, וואָס אַ חסיד פון אַן אַנדערן רבי'ן האָט אים געזאָגט, אַז זיין רבי איז אַזוי הויך, אַז ער גרייכט ביז צום זיבעטען הימעל; האָט אים דער קאָצקער געענטפערט:

— איך בין אַזוי קליין, אַז אַלע זיבען הימלען בויגען זיך אַראָפּ צו מיר...

אָדער ווי רבי מענדעלי וואָרקער זצ״ל האָט געזאָגט:

— דריי זענען די מידות פון אַן אמת׳ן אידען: אַ שטיל אויפגעשריי, אַ טאַנץ אָן באַוועגונג און — בויגען זיך אויפגעשטעלט...

אָט פון אַזאַ מין סאָרט איז געווען יהודה׳ס שטאַרקייט.

יהודה קניט ווי — אַ לייב...

פאַרשטאָפּט זענען געווען די אויגען צו זען די צרה וואָס רוקט אָן...

**ויחי** יעקב בארץ מצרים... — „און יעקב האָט געלעבט אין לאַנד מצרים״... זאָגט דערויף רש״י: „פאַרוואָס איז די דאָזיגע פרשה אַ פאַרשטאָפּטע פרשה, אַ פרשה סתומה, ווייל ווי נאָר יעקב איז געשטאָרבען זיינען פאַרשטאָפּט געוואָרן די אויגען און דאָס האַרץ פון די אידען צוליב די צרות פון שעבוד, נסתמו עיניהם ולבם של ישראל מצרת השעבוד...

שטעלען זיך דאָ צוויי פראַגען:

ערשטענס, פאַרוואָס האָט דער פסוק דאָ מרמז געווען אויף די קאָנסעקווענצען פונ׳ם שעבוד, און נישט אויפ׳ן שעבוד גופא? דאָס פאַרשטאָפּט ווערען פון די אויגען און הערצער איז דאָך געווען אַ רעזולטאַט פון דער פאַרשקלאַפונג, פון דעם שעבוד, האָט דאָך די תורה געדאַרפט פריער ווייניגסטענס אָנדייטען וועגען שעבוד, און דערנאָך ערשט וועגען זיינע פאָלגען, וועגען נסתמו עיניהם?

צווייטענס, זאָגט דאָך רש״י אויף אַן אַנדער אָרט, אין פרשת וארא, אַז דער שעבוד האָט זיך אָנגעהויבען ערשט שפּעטער, נאָך דעם ווי לוי, דער לעצטער פון די שבטים, איז געשטאָרבען, „וואָרים כל זמן איינער פון די שבטים האָט געלעבט האָט זיך נישט אָנגעהויבען דער שעבוד״ (שמות ו׳, ט״ז).

איז דער ענטפער: צוויי סאָרטען שעבוד זיינען עס געווען. איינער, אַ פיזישער, אַ צווייטער, אַ גייסטיגער. דער פיזישער האָט זיך אָנגעהויבען ערשט שפּעטער, נאָך דעם ווי יוסף און אַלע זיינע ברידער זיינען געשטאָרבען. ווי עס שטייט ווייטער: וימת יוסף וכל אחיו וכל הדור ההוא... ויקם מלך חדש... אשר לא ידע את יוסף... ערשט דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבען דער פיזישער שעבוד.

אָבער דער גייסטיגער גלות האָט זיך אָנגעהויבען דעמאָלט ווען עס איז געשטאָרבען יעקב אבינו. דעמאָלט זיינען פאַרשטאָפּט געוואָרען די

אויגען און די הערצער פון די אידען, נסתמו עיניהם ולבם של ישראל...

דאָס איז געווען פאַר דעם פיזישען שעבוד. דאָס איז געווען נישט דער רעזולטאַט, נאָר דער גורם צו דעם פיזישען שעבוד: די אויגען זיינען געווען פאַרשטאָפּט און מען האָט נישט געזען וואָס ס׳רוקט זיך אָן אויף אידן. דאָס האַרץ איז געווען פאַרטעמפּט און מען האָט נישט געפילט וואָס עס קומט. אָט דאָס איז געווען די צרה פונ׳ם שעבוד, צרת השעבוד, ווי רש״י דריקט עס אויס. דאָס איז געווען דער פאַקטאָר, וואָס האָט געפירט צום שעבוד.

וואָרים פּאָליטיש, עקאָנאָמיש, גייסטיג, קולטורעל איז דאָך אידען אין מצרים געווען גוט. זיי האָבען זיך איינגעוואָרצעלט אין לאַנד, ווי מיר לייענען אין דער פריערדיגער סדרה: וישב ישראל בארץ מצרים בארץ גושן ויאחזו בה, זיי האָבען זיך איינגעקלאַמערט אין לאַנד (מ״ז, כ״ז).

זיי האָבען זיך איינגעאָרדענט אין לאַנד עקאָנאָמיש און האָבען איינגעזאַפּט די עגיפּטישע קולטור. עס איז זיי געווען וואויל און גוט.

נישט מער, וואָס זייערע אויגען זיינען געווען בלינד און זייער האַרץ פאַרטעמפּט, נסתמו עיניהם ולבם, און זיי האָבען נישט געזען און נישט געפילט, אַז זיי לעבען רואיג און געמיטליך אויף — אַ וואולקאַן...

גלייך ווי ס׳וואָלט געשטאַנען נסתמו וכו׳ מלראות, פון פאַראויסזען צרת השעבוד, די צרה וואָס רוקט אָן.

נסתמו עיניהם — אַמאָל איז פאַראַן, אַז מ׳זעט פאַראויס מיט די אויגען, מ׳קען פאַרזען לאָגיש, זענען פאַרבלענדעט געוואָרען זייערע אויגען... ולבם — אמאָל פילט מען מיט׳ן האַרץ, מ׳האָט אַ פאַרגעפיל פון אַן אַנרוקענדיגען אומגליק. אָבער — נסתמו עיניהם ולבם, סיי דער שכל און סיי דאָס געפיל זיינען ביידע געווען פאַרשטאָפּט...

מיר אין אונזער דור האָבען דורכגעמאַכט די דאָזיגע פרשה סתומה. מיר פאַרשטייען די דאָזיגע אומפאַרשטענדליכע פרשה:

אונטער אונז האָט דער באָדען געברענט מיט בלוט־דורשטיגער שנאה. אַרום אונז האָט געפלאַקערט דער קאַניבאַלישער האַס פון אייראָפּע׳ס „קולטור־טרעגער״, פון דעם „פאָלק פון פילאָזאָפען און דיכטער״, פון דעם מערדער־פאָלק, די דייטשען, ימ״ש.

מיר האָבען אַלע געזען און געהערט, געלייענט און געוואוסט, ווי דער דייטש שאַרפט אָפען דאָס מעסער, דראָט אָפען אונז אומצוברענגען — און אונזערע שכנים, די קרבנות פון די דייטשען און צוגלייך זייערע פאַרבינדעטע געגען אידען, די פּאָליאַקען, ליטווינער, אוקראַינער, אונגאַרן א.ד.ג.ל. —

זיינען געשטאַנען גרייט צוצוהעלפען אין דער פאַרטיליגונג, אָבער אונזערע מנהיגים און וואָרט־זאָגער, פון אַלע קאַטעגאָריעס און פּאַרטייען, און מיט זיי די מאַסען, זיינען געווען בלינד אויף דעם פייער, וואָס איז שוין אָנגעצונדען געוואָרען, און טויב אויף דעם שטורם, וואָס האָט שוין געברויזט! נסתמו עיניהם ולבם...

אַ מורא׳דיגע פאַרבלענדעניש האָט פאַרשטאָפּט די אויגען, און אַ שרעקליכע טעמפּקייט האָט פאַרשטאָפּט דאָס האַרץ — נסתמו עיניהם ולבם...

די פּרשה סתומה איז נאָך ניט אָפּגעשלאָסען...

און די פּרשה סתומה איז נאָך נישט אָפּגעשלאָסען.

געוויינליך, ביי יעדען נאָרמאַל פאָלק, ווען אַ פּרעמיער, אַ רעגירער, אַ גענעראַל פאַרלירט אַ מלחמה; ווען אַ קאָמאַנדיר קומט צוריק פון׳ם שלאַכטפעלד אַ געשלאָגענער, אָן דער אַרמיי, וועט ער אוודאי נישט ווייטער קאָמאַנדירען און רעגירען — אַלץ איינס צי ער איז „שולדיג״, צי נישט. דער רעזולטאַט, און נישט די „גוטע כוונות״, רעכענט זיך.

אָבער נישט ביים עם חכם ונבון...

די זעלבע „גענעראַלען״ און „מנהיגים״ פירען ווייטער, עצה׳ן ווייטער, ריידען האַפערדיג, גאווה׳דיג, זעלבסט־זיכער, מיט דעם זעלבן טאָן און גע־דאַנקענגאַנג ווי פאַר׳ן חורבן, גלייך ווי גאָרנישט וואָלט פּאַסירט...

נאָכ׳ן גלות מצרים האָט מען זיך פאַרטראַכט פאַרוואָס איז עס געקומען. נאָכ׳ן חורבן בית המקדש — וואָס איז דאָך ווייט נישט געווען אַזוי גרויס ווי דער חורבן הגלות אין אונזער צייט (דעמאָלט איז דאָך געווען השליך חמתו על עצים ואבנים...) — האָבען די נביאים, וואָס האָבען אויך פאָר־אויסגעזאָגט די קאַטאַסטראָפע, און די חכמי התלמוד געפאָרשט די סיבות פון׳ם חורבן.

זיי האָבען זיך פאַרטראַכט צוליב וואָס איז עס געקומען. האָבען זיך געגריבעלט אין דעם געשעענעם. האָבען אַנאַליזירט די אורזאַכע און גורמים, און בעיקר, זיי האָבען געלערנט דעם לימוד פון׳ם חורבן.

זיי האָבען זיך אויך געמיט צו „ציען קאָנסעקווענצען״, איבערצושטעלען דעם געדאַנקענגאַנג פון׳ם פאָלק, איבערצואַנדערשען זיין לעבענס־שטייגער.

נאָך אונזער חורבן טראַכט מען, רעדט מען, טוט מען, גלייך ווי גאָרנישט האָט פּאַסירט...

נסתמו עיניהם ולבם, פריער און — דערנאָך...

## מ׳דאַרף לערנען פון חורבן!

און עס טאָר נישט זיין אַזוי! מען דאַרף יאָ לערנען פון חורבן!

אויף: וישתחו ישראל על ראש המטה — „און ישראל האָט זיך געבוקט צוקאָפּענס פונ׳ם בעט" (מ"ז, ל"א), זאָגט רש"י: „פון דאַנען האָבען די חז"ל געדרונגען, אַז די שכינה איז איבער דעם צוקאָפּענס פונ׳ם קראַנקען" — מכאן אמרו שהשכינה למעלה מראשותיו של חולה.

וואָס מיינט עס? וואָס גיט צו דעם קראַנקען אַזאַ כוח, אַזאַ קדושה, אַז די שכינה רוט ביי אים צוקאָפּענס?

דוכט זיך, אַז דער טעם דערפון איז פאָלגענדער: ווען אַ מענש איז קראַנק, ווען אַ מענש ליידט, מאַכט ער אַ חשבון הנפש. הרואה שיסורים באים עליו, מפשפש במעשיו — „ווען איינער זעט ווי עס קומען אויף אים יסורים, פאָרשט ער זיינע מעשים", זאָגען די חז"ל. אַ מענש פאַרטראַכט זיך: פ אַ ר ו ו אָ ס איז עס מיר געקומען? צ ו וואָס איז עס געקומען? וואָס איז דער באַדייט פון די ליידען? וואָס איז דער מיין פון דער פיין? און בעיקר, וואָס ל ע ר נ ע ן יסורים?

ווען אַ מענש טראַכט אַזוי, ווען ער דענקט אין דער קאַטעגאָריע פון געלייטערט ווערען (יסורין ממרקין עוונותיו של אדם), — ו ו ע ר ט ע ר געלייטערט, אין דער בחינה פון „לפני ה׳ תטהרו". שטייט ער דאָך לפני ה׳, פאַר ג־ט, ממילא שטייט אים די שכינה צוקאָפּענס — השכינה למעלה מראשותיו של חולה...

ווען מיר לערנען די לימודים פון חורבן בית המקדש, ווי למשל, וועגען שנאת חנם אַלס סיבה א. ד. גל., זעען מיר דעם חשבון הנפש, פאַרנעמען מיר דאָס טיפע פאַרטראַכטען זיך פונ׳ם דור דעה פונ׳ם חורבן, פון זיינע מנהיגים; פאַרנעמען מיר דעם לימוד, וואָס זיי האָבען אונז געלערנט אין אומצייליגע מאמרים און רעיונות אין תלמוד און מדרשים.

דער לימוד איז — אַז מען דאַרף ל ע ר נ ע ן אַ לימוד פון אַ חורבן. אַז מען טאָר נישט פאַרבייגיין גלאַט אַזוי, ווי מ׳גייט פאַרביי ווי עס וואָלט גאָרנישט פאַסירט...

מיר זעען בחוש, ווי נאָכ׳ן חורבן בית המקדש איז צוקאָפּענס פונ׳ם ליידענדען, קראַנקען פאָלק ישראל געשטאַנען די שכינה, די שכינה פון תלמוד בבלי, די שכינה, וואָס רוט אויף אַ געלייטערטער עדה, אויף אַ פון־יסורים־לערנענדיג פאָלק.

יהי רצון, אַז עס זאָל זיך אָפּשליסען די פרשה סתומה פון נסתמו

עיניהם ולבם, און מיר זאָלען זוכה זיין צו דער שכינה למראשותיו פון אונזער שווער־געפּרואווטען פאָלק.

מ׳דאַרף זיך ווידערשטעלען דעם מלכות הרשעה!

ויתחזק ישראל — „און ישראל האָט זיך געשטאַרקט" (מ"ח, ב׳).

רבי יוסף ראָזען זצ"ל, דער דינאַבורגער גאון, האָט דאָ געזען אַן אָנדייטונג אויף דעם געבאָט צו שטעלען אַ ווידערשטאַנד צו אַ פּיינט־ליכער מאַכט. ער האָט אויף די צוויי ווערטער אָנגעמערקט אַזוי: „דאָ איז אַ רמז צו דער אידישער אומה, אַז אויב עס וועט קומען אויף זיי אַ מאַכט, דאַרפען זיי זיך שטאַרקען און זיך געגענשטעלען און נישט נאָכ־געבען. דאָס איז די אָנדייטונג פון ויתחזק ישראל".

דער גאון ווייזט־אויף אויפ׳ן יסוד פון פאַרשידענע מאמרים אין דער גמרא, אַז אידען דאַרפען זיך געגענשטעלען דער מאַכט, וואָס איז געגען זיי. דאָס הייסט, אַז זיי דאַרפען רעוואָלטירען געגען מלכות הרשעה, מיט אַלע קאָנסעקווענצען וואָס דאָס מיינט, צי אין אויפשטאַנד געגען דייטשען, ימ"ש, צי אין דורכברעכען די בלאָקאַדע פון די בעווינאַציס געגען די פּליטים, צי אין אַרויסטרייבען די ענגלישע אָקופּאַנטען פון ארץ ישראל, למשל.

דערביי זאָגט ווייטער רבי יאָשע ראָזען אויף דעם נאָמען ישראל:

„די הויפּט־דעפיניציע פונ׳ם נאָמען ישראל איז דער נאָמען פון דעם כלל פון אידישען פאָלק און נישט פונ׳ם פרט. אַזוי אויך מיינט נישט בני ישראל די קינדער פון יעקב׳ן, נאָר דעם כלל ישראל".

און דער גאון צייכענט אָן, ווי זיין שטייגער, אין „עיין שם" („גיב אַכטונג דאָרט") פאַרשידענע מאמרים אין דער גמרא, וואָס באַגרינדען זיין דעפיניציע פונ׳ם נאָמען ישראל.

(מיר פאַרצייכענען די באַטרעפענדע שטעלען פאַר לומדים: חולין ק"א, בבא בתרא ל"א, בכורות נ"ה, חולין ע"ד).

דער גאון זאָגט ווייטער: „דער עיקר פון גלות איז פאַר׳ן אידישען פאָלק, און נישט פאַר יחידים". דאָס הייסט, אַז אפילו ווען געוויסע יחידים פילען נישט קיין גלות, מיינט עס נישט, אַז דער כלל איז נישט אין גלות.

וואָס האָט געפעלט ? אַ מאַמע ...

פון אַלע הייליגע פסוקים אין דער תורה האָט קיין איינער זיך נישט איינגעקריצט אַזוי טיף אין אונזער קינדערשען געמיט — אויף אייביג! — ווי: ואני בבואי מפדן מתה עלי רחל — „און איך, ווען איך בין געקומען פון פדן, איז מיר אָפּגעשטאָרבען רחל". געדענקט איר דעם האַרציגען, טרויעריג־זיסען ניגון פון דעם „ואני", ווי ער האָט אויסגעקלונגען אויף די איידעלסטע סטרונעס פון אונזער נשמה, און האָט אונז געגעבען אַ טראָג אַוועק אין יענע ווייטע מקומות, וואו עס געפינט זיך אינמיטען וועג דער מוטער רחל'ס קבר? מיר האָבען מיטגעזיפצט מיט רש"י'ן איבער דעם פאַרטריבען ווערען פון די אידען דורך נבוזראדנ'ען, ווען „זיי וועלען פאַרבייגיין רחל'ס קבר" מיר האָבען מיטגעוויינט מיט דער „מוטער רחל, וואָס וויינט און בעט רחמנות אויף אירע קינדער".

ווער עס האָט דאָס געלערנט, וועט אין זיין נשמה־טיפעניש אויף שטענדיג אָפּקלינגען אָט דאָס געוויין.

דערציילט דאָך דר. מאַקס נאָרדאָו, וואָס עס האָט אים, דעם גענצליך אַסימילירטען איד, צוריקגעבראַכט צו אידען, און צו ציוניזם. אַ קראַנק קינד איז געבראַכט געוואָרען צו אים, אַלס דאָקטאָר אין פּאַריז. ווען ער האָט געפרעגט דאָס אינגעלע וואָס ער לערנט, האָט דאָס אינגעלע פאַר אים אויסגעזונגען דעם „ואני בבואי מפדן" פון דער סדרה פון דער וואָך. האָט עס אים, נאָרדאָו'ן, געגעבען אַזאַ „ציפּ ביי דער נשמה", אַז ער איז שפּעטער געוואָרען דער גרויסער באַקלאָגער פון אידישען ביטערן גורל אין די גלות'ן.

צוריקקומענדיג צו דעם „ואני" איז אָבער פאָרט אַ פראַגע: פאַרוואָס האָט יעקב דערמאָנט ד אַ, ביי יוסף'ס קינדער, רחל'ס אָפּשטאַרבען, און ניט פריער, בעת ער האָט געבעטען און באַשוואָרען יוסף'ן ער זאָל אים מקבר זיין אין ארץ ישראל? לויט רש"י'ס פירוש, געהערט דאָך דער „ואני" — וואָס איז אַ פאַרענטפערונג פאַר נישט־איבערפירען רחל'ען קיין ארץ ישראל — צו די פריערדיגע פסוקים, וואו עס רעדט זיך וועגען איבערפירען יעקב'ן קיין ארץ ישראל.

נאָר דאָ האָבען מיר אַ זאַג מיט אַ דאָפּעלטער פערספּעקטיוו: איינע — אַ פאָראויס־בליק אין דער צוקונפט; די צווייטע — אַ צוריק־בליק אין דער פאַרגאַנגענהייט.

רש"י'ס אויסטייטש גרייכט אין די ווייטענישען, ווען אידען וועלען

פאַרטריבעז ווערען אין גלות. אָבער פאַראַן נאָך אַ מיין, וואָס איז נוגע יוסף׳ס פאַרטריבען ווערען אין גלות, וואָס קוקט צוריק צו דער פאַרגאַנגענהייט.

ווען יעקב איז געשטאַנען ביים סוף פון זיין לעבען, האָט ער געמאַכט אַ חשבון הנפש וועגען דעם אַלעמען, וואָס האָט פּאַסירט מיט יוספ׳ן — דאָס איז דאָך געווען דער גרעסטער קריזיס אין זיין לעבען.

האָט יעקב זיך געפרעגט: ווי אַזוי האָט דאָס געקענט געשען? פאַרוואָס איז עס געשען? וואָס האָט דאָ פּאַסירט? וואָס האָט דאָ געפעלט?

איז יעקב׳ס ענטפער געווען: עס האָט געפעלט די מאַמע. מתה עלי רחל.

וואָלט געווען אַ מאַמע — וואָלט נישט געקומען צו די אַלע צרות. וואָלט געווען אַ מאַמע — וואָלט זי אים נישט געלאָזט אַרויסרופען קנאה מיט זיין כתונת פסים, דאָס פאַטאַלע זיידענע העמדל... וואָלט געווען אַ מאַמע — וואָלט זי אים נישט געלאָזט אַרויסרופען שנאה מיט זיינע הערשערישע חלומות.

וואָלט געווען אַ מאַמע, וואָלט זי, ווען יעקב האָט אים געהייסען גיין זוכען די ברידער, לכה ואשלחך אליהם — וואָלט זי אים געוואָרענט: „וואוהין גייסטו? זיי האָבען דיך פיינט! גיי נישט! היט זיך פאַר זיי!”... אַ מאַמע וואָלט אים געהיטען.

פונקט ווי רבקה האָט געהיטען יעקב׳ן, ווען עשו האָט אים געוואָלט הרג׳ענען, און זי האָט אים געוואָרנט: ברח נא, „אַנטלויף!” (בראשית כ״ז, מ״ג).

און פונקט ווי שרה האָט געהיטען יצחק׳ן פאַר ישמעאל׳ן און זיינע רוצחישע און פאַרדאָרבענע מצחק־שפּילערייען (בראשית כ״א, ט׳).

אָבער נישט געווען קיין מאַמע, וואָס זאָל היטען יוספ׳ן. ואני בבואי מפדן מתה עלי רחל — קומט־צו יעקב צו דער אורזאַך פון די אַלע פּאַסירונגען, ווען ער מאַכט אַ סך־הכל ביים סוף פון זיין לעבען.

זאָל די מאַמע רחל היטען פון פאַרגעסען און פאַרגעבען!

און ווען יעקב אבינו זעט ווי מתה עלי רחל, ווי דאָס נישט־היטען דורך דער מאַמען רחל האָט געפירט צו גלות מצרים, צום אָנהויב פון אַלע גלות׳ן — וואָס־זשע טוט ער? ער מאַכט די מאַמע רחל פאַר דער היטערין פון זיינע קינדער אין אַלע שפּעטערע גלות׳ן!

ווי רש״י טייטשט:

„איך האָב זי דאָרט באַגראָבען, כדי זי זאָל זיין אַ הילף פאַר אירע קינדער (קברתיה שם שתהא לעזרה לבניה), ווען פאַרטרייבען זיי וועט נבוזראדן און זיי וועלען דורכגיין דאָרט, וועט אַרויסגיין רחל פון איר קבר און וועט וויינען און בעטען אויף זיי רחמים, ווי עס שטייט: קול ברמה נשמע, נהי בכי תמרורים, רחל מבכה על בניה, מאנה להנחם״ —

„אַ קול אין רמה ווערט געהערט,
אַ יאָמער, אַ ביטער געוויין;
רחל וויינט אויף אירע קינדער,
זי וויל זיך ניט טרייסטען,
נאָך אירע קינדער,
וואָס זיי זיינען מער ניטאָ״.

(ירמי׳ ל״א, י״ד).

אויך אין שפעטערדיגען חורבן און גלות וועקט מען, רופט מען, לויט׳ן מדרש, די אבות אין דער מערת המכפלה — אָבער רחל׳ען דאַרף מען נישט וועקען. זי איז די טרייע היטערין. זי איז די, וואָס היט די אידען — דורך היטען דעם זכרון פון חורבן. זי לאָזט נישט פאַרגעסען! זי וויל ניט אָננעמען קיין טרייסט אויפ׳ן אומקום, מאנה להנחם על בניה כי איננו.

און דאָס נישט־וועלען פאַרגעסען און דאָס נישט־אָננעמען קיין טרייסט — דאָס איז די גרויסע שמירה פון דער מוטער רחל, וואָס דורך איר נישט־היטען יוסף׳ן איז געקומען דער גלות פון יוסף׳ן.

וואָרים מיר לערנען דאָך ווייטער ווי ג״ט ענטפערט איר: יש שכר לפעולתך — „עס איז פאַראַן אַ לוין פאַר דיין פעולה״ און דער שכר איז: ושבו בנים לגבולם — „די קינדער וועלען זיך אומקערן צו זייער לאַנד״.

אָט דאָס טאַקע, ושבו בנים לגבולם, דעם צוריקקום קיין ישראל, האָט יעקב אויך געלערנט מיט זיין בקשה צו יוסף׳ן, ער זאָל אים מקבר זיין אין ארץ ישראל. אל נא תקברני במצרים — „זאָלסט מיך נישט באַגראָבען, בעט איך דיך, אין מצרים״. ווי איינער זאָגט: איך וויל אַ טויטער ניט בלייבען אין מצרים — וועט איר וועלען לעבען דאָרט?...

אָפּגעשלאָסען די תקופה פון אָבות — אָנגעהויבען די תקופה פון בנים

# ויחי יעקב בארץ מצרים...

דאָס איז די סדרה פון יעקב׳ס שטאַרבען. פונדעסטוועגען הייסט נישט די סדרה „וימת", נאָר „ויחי". ווייל מיר שפּירען דאָ נישט דעם שאָטען פון טויט, נאָר דעם הויך פון לעבען.

די פּרשה פון סיום פון דער אָבות־תקופה איז, ווי רש״י זאָגט, אַ פּרשה סתומה, אַ פאַרשלאָסענע פּרשה. אַ סוף פון אַ תקופה פון אָבות, פון יעדער תקופה פון אָבות, און אַן אָנהויב פון אַ תקופה פון בנים, פון יונגען דור, וואָס ס׳ווייסט ניט וואָס איז ער, וואוהין גייט ער — אַזאַ תקופה איז אַ פּרשה סתומה.

אויך מיר לעבען היינט איבער אַזאַ פּרשה סתומה פון סוף פון אַ תקופה פון אָבות. נאָך לאַנגע דורות פון איינגעוואָרצעלטער און געליי־טערטער אידישקייט, נאָך יאָרהונדערטער פון תורה, אין לימוד און אין טראַכטען און טאָן — אַן עפּאָכע, וואָס האָט געקענט מיט רעכט אָנגע־רופען ווערען אַן אָבות־תקופה — איז געקומען אַן אָפּשלוס, אַ פּרשה סתומה. אַ פּרשה פון „פאַרשטאָפּטע אויגען און פאַרשטאָפּטע הערצער".

עס זיינען אָבער פאַראַן צווייערליי סאָרטען פאַרענדיגונגען. איין סאָרט לאָמיר אָנרופען „סיום", דעם צווייטען — „סוף". וואָס איז דער אונ־טערשייד פון סיום צו סוף? סיום מיינט, אין יהדות־באַגריפען, אַ פאַר־ענדיגען, אָבער נישט קיין דעפיניטיווער אָפּשלוס. פאַרקערט, אין סיום ליגט אויך אָנהויב. תחילתו נעוצה בסופו, דער אָנהויב איז אַנטהאַלטען אין דער ענדע. אַזוי פאַרענדיגען מיר שמחת־תורה חומש מיט פּרשת ברכה, אָנהויבענדיג ווידער מיט פּרשת בראשית. אַזוי מאַכען אידען אַ סיום פון אַ מסכת, וואָס עס איז פאַרשטאַנען לכתחילה, אַז מען לערנט ווייטער.

סוף איז אַן אָפּשלוס. אָפּגעלערנט, אָפּגעטאָן, און ענדע.

וויפיל עלטערן אין אַמעריקע, וואָס האָבען געבראַכט מיט זיך אַ גרויסע גייסטיגע ירושה און האָבען זי נישט באַוויזען איבערצוגעבען צו די קינדער, האָבען דאָס געפּיל פון סוף פון „אָבות־תקופה"!

זיי האָבען שווער געאַרבעט, זיך געמאַטערט, כדי די קינדער צו פאַרזאָרגען מיט בילדונג, מיט מעגליכקייטען, מיט געלעגענהייטען צו וואויל־שטאַנד, אָפּט צו רייכטום, צו פּרעסטיזש און סטאַטוס — אָבער האָבען נישט באַוויזען זיי איבערצוגעבען פונ׳ם טייערסטען, פון זייערע גייסטיגע

אוצרות. איז זייער לעבען געוואָרען אַ פּרשה סתומה פון אַ תקופה פון אָ ב ו ת — וואָס האָט זיך געצויגען טאַקע פון אברהם אָבינו — אָבער קיין תקופה פון ב נ י ם איז נאָך זיי נישט געקומען.

דאָס איז די טראַגעדיע פון אַ דור.

אונזער תקופה איז אַ תקופה פון בנים. בעת דער פריערדיגער דור איז געווען אַ תקופה פון אבות, פון עלטערען, פון צדיקים און גאונים, פון זקני הדור און חכמי ישראל, איז נאָכן חורבן פון אידען אין אייראָפּע אָפּגעשלאָסען געוואָרען אַ „תקופה פון אבות״, — וועלכע האָט זיך געצויגען פון די אָבות העולם, און ס׳איז געקומען אַ תקופה פון בנים.

שטייט אַזוי היינט אַ דור פון בנים — אַ דור, וואָס האָט געקענט די אבות — פאַר דער פּרשה סתומה, וועלכע איז „יוגענט אין פרעמדקייט״ — אַלץ איינס צי ס׳איז מצרים, צי אַמעריקע, צי וואָסער עס איז אַנדער לאַנד.

„יוגענט וואוהין?״ דאָס איז די פּרשה סתומה אויך פון אונזער צייט — און נישט בלויז אין חוץ לארץ. אויך אין ישראל בויערט די פראַגע. אויך אין אייגענעם לאַנד קען מען פאַרפרעמדט ווערען. כנענים, „בני טובים״ צולאַזטע, אָפּגעפרעמדטע . . .

יעקב האָט נאָך זוכה געווען צו זען זיינע אייניקלעך, אפרים און מנשה, יוסף׳ס קינדער, געבענשטע מיט זיין ברכה. פונקט ווי יוסף האָט, זייענדיג אין דער פרעמד, געזען „דאָס געשטאַלט פון זיין פ אָ ט ע ר ״, דמות דיוקנו של אביו, אַזוי האָט יעקב געזען זיין אייגענעם דמות אין יוסף׳ס ק י נ ד ע ר.

והנה הראה א ו ת י אלוקים גם את זרעך — „און אָט האָט ג־ט מיר געוויזען אויך דיינע קינדער״ (בראשית מ״ח, י״א). ס׳וואָלט דאָך געדאַרפט שטיין הראה ל י און נישט א ו ת י. נאָר יעקב האָט אָנגעדייט, אַז ער האָט געזען ז י ך , זיין גייסט, אין זיינע אייניקלעך.

אויך היינט אין אַמעריקע שפּראָצט, ב״ה, אַ ישיבה־באַוועגונג, ס׳וואַקסט אַ דור אין תורה, אַ יוגענט בליט אין אידישקייט, און ס׳לייכט אַ צוקונפט פאַר אַמעריקאַנער אידענטום.

און דאָס איז געווען ג־ט׳ס ענטפער אויף רחל׳ס געוויין, וואָס רש״י ברענגט ביי „ואני בבואי״ פון ירמיה הנביא: ושבו בנים לגבולם — „און די קינדער וועלען זיך אומקערן צו זייערע גרעניצען״. וועלען וויסען די גרעניצען צווישען מותר און אָסור. והשיב לב אָבות על בנים ולב בנים על אָבותם. „און ער וועט צוריקברענגען דאָס האַרץ פון די עלטערן צו די קינדער און דאָס האַרץ פון די קינדער צו זייערע עלטערן״, (מלאכי ג׳ כ״ד).

